אַ ר ו י ס ג ע ג ע ב ן מ י ט ד ע ר ה י ל ף פ ו ן
קרן תל־אביב לספרות ולאמנות ע"ש יהושע רבינוביץ ;
ועד ההורים קבוץ ברור חיים ;
און פון מיין שוועסטער און שוואָגער ח י ה און מ ש ה
ק אַ ו פ מ אַ ן (אַרגענטינע).

מיינע ליבע און האַרציקע
שוועסטער און שוואָגער
**חיה** און **משה קאַופמאַן**
מיט ליבשאַפט

* * *

מיט אירע „טיפן פון שטעטל", מיט אירע „ר' דודס", „בער־נאַרדס", „דעם קצבס חטא", „דער בעל־תּפילה" א"אַנד' איז הינדע דעמבאָלעצקי „מחיה־מתים" אַ שטעטל מיט ייִדן, וואָס הגם זייער צאָל איז אין גאַנצן פּופּציק משפּחות — זענען אָבער די ווייניקע משפּחות כּולל אין זיך ס'גאַנצע פאָלק, וואָס איז אַזוי טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן דורכן אַרכי־רוצח היטלער, איבערלאָזנדיק אַ טיפע ווונד אין האַרץ און אין דער נשמה פון דער ייִדישער אומה עד סוף כּל הדורות.

אַחוץ דעם זענען די אַכט דערציילונגען לויט זייער אינהאַלט, לויטן סטיל זייערן — הויך־קינסטלערישע ווערק, וואָס זאָגן עדות אויפן זעלטן־רייפן טאַלאַנט פון דער אויטאָרין, הינדע דעמבאָ־לעצקי, און וואָס פאַלן מיט גאָרנישט נישט אָפּ פון די פּערל פון דער ייִדישער קלאַסיק. ר' דוד איז אַ מין „תּהילים־ייִד" בזעיר־אַנפּין. אַזוי אויך „דער בעל־תּפילה", „דעם קצבס חטא" און אַלע אַנדערע.

די פּולבלוטיקייט פון די געצייכנטע „פּאָרטרעטן" איז אַזאַ בולטע, אַז מיר אידענטיפיצירן זיך מיט זיי און מיר באַקומען זיי ליב אָן אַ רעשט.

אינטערעסאַנט, וואָס סיי אין טאָגבוך, סיי אין די פּאָרטרעטן איז מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט די שואה — און דאָך שוועבט דער ייִדישער אומקום איבער די בלעטער פונעם בוך און טרייסלט אונדז אויף ביזן דנאָ פון דער נשמה.

נאָך גרעסער ווערט אונדזער ווייטיק — און די באַווונדערונג פאַר דער מחברין — פונעם רעסטאַווורירן די איבערלעבונגען פון יונגע מענטשן פון יענעם דור — איז דאָך די אויטאָרין אַלט געווען אין גאַנצן 12 יאָר ביים נעמען זיך שרייבן דאָס טאָגבוך. נישט נאָר האָבן מיר אין דעם טאָגבוך מענטשן מיט זייערע כאַראַקטערן און גורלות, נאָר אויך די אַטמאָספער, דעם פייזאַזש, די שטימונג פון דער יוגנט פונעם שפּעטער אויסגעהרגעטן פאָלק.

*

אין „שפּליטערס פון צייטן" האָבן מיר דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער פון שטעטל: די ביבליאָטעק; די קעסטל־אָוונטן; דעם דראַמקרייז; די באַציִונגען צווישן ייִדן און פּאָליאַקן — פּליוס איבערלעבונגען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין עלטער פון 6 יאָר בערך איז די קליינע הינדעלע אַן עדות פון אַ שיִער־נישט גרויליקער פּאַסירונג מיט אירע עלטערן:

...„אַ קאָזאַק צילט אָן די ביקס צו שיסן מיין טאַטן. די מאַמע מיט יצחקלען אויף די הענט, נאָך אַ קליין קינד געווען יצחקל, פאַרשטעלט דעם טאַטן מיט איר קערפּער: — שיס מיך!

אברהם, חיה און איך שטייען דערנעבן, וויינען שטאַרק. דער קאָזאַק האָט נישט געשאָסן. ער האָט בלויז צוגערויבט זאַכן פון שטוב"... (ז' 27).

אויף אַן אַנדער אָרט דערציילט זי וועגן די צוגרייטונגען פון דער יוגנט צו שפּילן טעאַטער, ווי מען ברענגט דעם „הויפּטאַקטיאָר" אַריין הינטער די קוליסן אין אַ „פאַרמאַכטן גרויסן קאָרב"...

אָדער איר דיאַלאָג מיטן ביבליאָטעקאַר פון דער קריסטלעכער ביבליאָטעק וועגן בוך, הנודע לשמצה: „די פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון".

— „אונדזערע ביכער געפעלן אייך נישט, וואָס?"

— „כ'בין דערצויגן צו שענערע זאַכן, נישט צו שמוץ און ליגנס"...

נאָך בולטער קומט צום אויסדרוק ביי דער דרייצן יאָריקער הינדעלע איר אהבת ישׂראל ביים כאַראַקטעריזירן איר לערערין, די פּאַננאַ סאַלאַ (אַ ייִדישקע):

„וואָס מיר געפעלט נישט ביי איר, איז דאָס נאָכקרימען אונדזער ייִדישן אַקצענט ביים רעדן פּויליש. זי רעדט מיט באַגייסטערונג נאָר וועגן די פּוילישע העלדן פון דער היסטאָריע. זי ווייסט נישט, אַז ס'זענען אויך געווען ייִדישע העלדן, אַפילו ייִדישע פרויען־העלדינס"...

איר ברודער, מאַנעס, פאַרליבט זיך אין אַ יונגער גימנאַזיסטקע. די מאַמע פאַרבייסט די ליפּן. אָבער דער טאַטע כמורעט זיך אָן מיט רוגז:

— ליבע, שמיבע. איבער די ליבטשעס דרייען זיי מיטן נדן!

— נישט דאָס איז דער עיקר — זאָגט די מאַמע — זי איז אַ גימנאַזיסטקע, מיט אירע איידעלע הענטלעך וועט זי זיין אַ באַלע־

באַסטע? און דערנאָך, ווען דער אין הימל וועט געבן, וועט זי וואַשן ווינדלען?..

— ער ברויך אַ באַלעבאָסטע, נישט קיין מאַדאַם — און זי קנאַקט בלויז פויליש — האָט צוגעגעבן דער טאַטע... (ז״ז 51–52).

מיר וואָלטן געקאָנט ברענגען נאָך אַ סך אַזעלכע „בלימלעך". ליידער, דערלויבט אונדז דאָס נישט דאָס אָרט.

ה.ד. איז נישט קיין ניי־פּנים אין אונדזער ליטעראַטור. נאָך מיט יאָרן צוריק האָט זי זיך געדרוקט אין צייטונגען און זשורנאַלן פון די קיבוצים. אין 1975 איז אויך דערשינען אין פּרץ־פאַרלאַג איר בוך: „דער וועג צו זיך". ווייזט אויס אַז די השגחה האָט געזאָרגט, אַז ס׳זאָל בלייבן ווער, וואָס זאָל אַרויסברענגען דאָס שיינע און צאַרטע פון דער יוגנט, פון פאָלק אַ צוויי צענדליק יאָר נאָך פאַר דער שואה.

בלייבט אונדז צו ווינטשן דער חשובער מחברין אריכות ימים און אַ סך געזונט, זי זאָל קאָנען ממשיך זיין איר שעפערישע מי — די הייליקע עבודה פון באַרייכערן די יידישע ליטעראַטור.

**משה זאַלצמאַן**

## אייניקע ווערטער

מיט דעם בוך בין איך נישט אויסן צו פאַרעפנטלעכן מיין אויטאָביאָגראַפיע, נאָר אָפּצושפּיגלען דאָס דעמאָלטדיקע לעבן דורך דער פּריזמע פון פערזענלעכע איבערלעבונגען, קינדערישע און יוגנט־לעכע שטרעבונגען און אַנטוישונגען פון אַ יונג מיידל — אָנהויבנ־דיק מיט פאַרצייכענונגען אין עלטער פון צוועלף יאָר.

איך פיל ווי עס וואָלט געווען מיין חוב צו פאַרעפנטלעכן אַ טייל פון זיי, וועלכע זענען געשריבן ביזן אַכצנטן לעבנס־יאָר.

אויך אַ טייל פון די ייִדישע טיפּן און געשטאַלטן פון מיין שטעטל, און די סיפּורי מעשׂיות. די מענטשן זענען אויטענטישע: ר׳ דוד ז״ל איז געווען אונדזער שכן.

מיין שטעטל שלעשין, אַ קליין פּויליש שטעטל אין קאַלישער קרייז, ווו עס האָבן געלעבט ייִדן מיטן ספּעציפישן ייִדישן שטייגער־לעבן און קולטור־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

און די געשטאַלטן פון מיינע טייערע עלטערן, ברודער, שוועס־טער, משפּחה און אַנדערע — האָבן געלאָזן אין מיין גערעכעניש טיפן צער צוליבן בעסטיאַלישן אומקום זייערן דורך די נאַציס.

זאָל דאָס בוך זיין אַ זכר פאַר זייער מקדש השם זיין, הי״ד.

די אויטאָרין

## קאַפּיטל איינס

מאַי 1920

די וועגן צו מיין שטעטל שלעשין זענען ענלעך צו אַ סך וועגן וועלכע פירן צו די פוילישע שטעטלעך.

חודש מאַי, פרילינג. באַזונדערס שיין איז דאָ אין פרילינג. די לופט איז פול מיט ריחות פון די אַרומיקע וועלדער, סעדער, גערטנער, פון דער אַזיערע, וועלכע ציט זיך אַ סך קילאָמעטער ווייט און פאַלט אַריין אין טייך גאָפּלאָ.

אַ גאַנצן חודש מאַי, צוויי מאָל אין טאָג, זיבן אַ זייגער אין דער פרי און זיבן אַ זייגער פאַר נאַכט, ווען די זון פאַרגייט — הערט זיך פון פייער־לעשער־זאַל שפּילן דאָס ליד:

ווען עס וועקן זיך די מאָרגנשטראַלן
דיר האַר, דיר גאָט! —
דיך לויבט דער גאַנצער באַשאַף;
זיי געלויבט, גרויסער גאָט.

די מוזיק צעטראָגט זיך העט ווייט איבערן שטעטל און אַרום צו דער שפּאַצירנדיקער יוגנט, צו די וועלדער; פון די וועלדער זאַפּט מען איין די ריחות צוזאַמען מיט דער האַרציקער מוזיק.

מען קוקט מיט הנאה אויף די צעבליטעביימער וועלכע פאָרמירן אַלעען ביי די זייטן פון די גאַסן. מען פאַרגעסט, אַז אויך פאַראַיאָרן, אין דער צייט, איז אַזוי געווען.

אַ גאַנצן זומער קלינגט איבערן שטעטל דאָס געזאַנג און געלעכטער פון קינדער און יוגנט. דאָס געזאַנג מישט זיך אויס מיטן צוויטשעריי פון פייגל.

מען שפּאַצירט און מען זיצט אויך אין דרויסן אויף בענק, מען קוקט אויף פאַרבייגייער, מ׳מאַכט אויספירן וועגן זיי — פאַראַן וועגן וואָס צו רעדן.

די גויִים אין שטעטל רעדן מיט שטאָלץ וועגן זייער שלעשין.

— ווער האָט אַזעלכע וועלדער, אַלעען, סעדער, גערטנער, אָזיערע און בערג מיט געלן זאַמד ? !

און די ייִדישע באַפעלקערונג ?

אַוודאי איז איר ליב די שיינקייט פון אַרום.

קנאַפּע פופציק משפחות ייִדן צווישן עטלעכע הונדערט משפחות גויִים. פאַראַן אויך גוטע באַציִונגען צווישן זיך. דאָך... אַ סך אויסדרוקן פון ייִדן־שׂנאה. די ווייניקע ייִדן זענען גרויס אין זייערע אויגן. פילן ייִדן אויף זיך זייערע שׂנאהדיקע, נישט־פאַרגינערישע בליקן. זיי זידלען אונדז, רופן אונדז ייִדישע חזירים, שווינדלער. אַלדאָס בייז זענען זיי אין אונדז. זיי שיקן אונדז קיין פּאַלעסטינע.

ווען ייִד וויל דאָס נישט פאָרן קיין פּאַלעסטינע ? אָבער ס׳איז נישט לייכט. ביי אונדז אין שטוב ווערט גערעדט מיט ליבשאַפט און בענקשאַפט וועגן אונדזער לאַנד — פּאַלעסטינע. די מאַמע זאָגט, אַז ווען משיח וועט קומען וועלן מיר אַלע זיך קייקלען אַהין. אַפילו די טויטע וועלן אויפשטיין, לעבעדיק ווערן. מיין ברודער, אונדזער ביניש, לאַכט דערפון.

דער דריטער מאַי, דער יום־טוב פון דער פּוילישער קאָנסטיטוציע, אַלע קראָמען פאַרמאַכט ווי אין אַ זונטיק. די גוייִשע באַפעלקערונג מאַרשירט אַן אויסגעפּוצטע איבער די גאַסן. אין שפּיץ גייט דער אָרקעסטער פון די פייערלשער, זיי שפּילן מוזיק. עס ווערט געזונגען דער הימען און אַנדערע פּאַטריאָטישע לידער.

ייִדן מאַרשירן נישט מיט. אָבער די גויִים פאַרגעסן נישט אין אונדז. זיי קוקן אויף אונדז מיט חוזק און שפּאָט, זיי זינגען:

ווען מען האָט לייבושן גענומען צום מיליטער
האָט ער באַקומען פולע הויזן...

נאָך יעדער סטראָפע קומט דער רעפריין:
איי, וויי! איי, וויי!

מיר מוזן שווייגן. מיר מוזן שווייגן, כאָטש מיר פילן ווי מען דערניי־דעריקט אונדז.

טראַכט איך:

— ווי גליקלעך וואָלט איך געווען צו זיין אין פּאַלעסטינע אין טאָג פון אונדזער קאָנסטיטוציע! און איך בעט ביי גאָט, אַז כ׳זאָל קאָנען מאַרשירן. כ׳וואָלט מאַרשירט, און די פרייד — קיין גרעסערע פרייד וואָלט נישט געווען פאַר מיר!

איך טראַכט, אַז ווען כ׳וועל אַלט ווערן אַכצן יאָר, וועל איך פאָרן קיין פּאַלעסטינע. כ׳מוז וואַרטן, דערווייל בין איך אַלט דרייצן יאָר. די מאַמע זאָגט: שוין דרייצן יאָר, כאָטש דרייצן יאָר ווערט מיר ערשט פאַר ראש־השנה.

✶

די מאַמע איז קראַנק געוואָרן, זי קרענקט אָפט. אַ גאַנצן ווינטער ליידט זי פון רעוומאַטיזם און זומער ווערט איר בעסער. דאָך ווערט זי קראַנק פון צייט צו צייט.

דאָס מאָל איז ביי דער מאַמען אַן אַנדערע קרענק.

זי טוט אויס דאָס טיכל פון קאָפּ, ווייזט, אַז זי האָט באַקומען פאַרקנוילטע האָר, קאָלטענעס. דאָס קומט — זאָגט זי — פון אַ נעהאָרע — (עין־הרע). זי ווייזט עס די ווייבער וועלכע קומען זי מבקר חולה זיין. זי ווייסט פון וועמען זי האָט באַקומען די עין־הרע — פון דער אַלטער מוזעקעוויטשן.

כ׳האָב זי טאַקע געזען ביי אונדז אין קראָם. זי האָט געקויפט קאַשע, געשמועסט מיט דער מאַמען, אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף דער מאַמעס אָרעם.

מען דאַרף צוריקלייגן די האַנט באַקומט מען נישט קיין עין־הרע — אַזוי זאָגט מען. די מאַמע האָט באַלד צוריקגעלייגט די האַנט אויף דער גויעס אָרעם. אָבער די גויע איז נישט קיין נאַרישע, האָט זי ווידער צוריק־געלייגט איר האַנט. אַזוי עטלעכע מאָל — פון איין אָרעם צום צווייטן, ביז די מוזעקעוויטשן, מסתּמא אויך פאַר מורא, אַז די מאַמע זאָל איר נישט געבן קיין עין־הרע — איז אַרויס. און די עין־הרע איז געבליבן דער מאַמען.

פאַראַן אַ סגולה דערצו. מע דאַרף אָפּרייסן, צי אָפּשניידן פון דער גויעס טוך עטלעכע פראַנדזן, אָפּשפּרעכן די עין־הרע און די פראַנדזן פאַרברענען.

יעטע איז אַ גוטע פרוי, זי קומט די מאַמע באַזוכן. זי וואָלט עס געטאָן פאַר איר, ס'איז דאָך אָבער וואַרעם אין דרויסן, טראָגט נישט די גויע קיין טוך מיט פראַנדזן.

די ווייבער טרייסטן די מאַמע, אַז פאַר נאַכט, ווען עס וועט ווערן קיל וועט זי, די גויע, זיך אַרומנעמען מיט אַ טוך, עס דאַרף נישט דורכויס זיין מיט פראַנדזן. ס'איז נישט קיין לייכטע זאַך. באַשירעמט זאָל מען ווערן אַז די גויע זאָל באַמערקן אַז מען שנײַדט עפּעס אָפּ ביי איר...

דערווייל קרענקט די מאַמע צוליב איר, אַזוי זאָגט מען...

פאַראַן אויך יידישע ווייבער מכשפות. אַז מען זעט זיי דאַרף מען אויס־שפּייען דריי מאָל און דערביי זאָגן:

מכשפה לא תחיה, בלוט זאָלסטו שפּייען, דר... זאָלסטו פּרעסן און מיך זאָלסטו פאַרגעסן.

און אַז די מאַמע ליגט אין בעט איז ווי תּמיד, לאָזט זי אויס איר כּעס צו מיר. זי וויל כ'זאָל זיצן אין שטוב, נישט „אַרומשלעפּן" זיך מיט ביכער. זי זאָגט, אַז פון אַלע אירע צען קינדער בין איך די ערגסטע, אַז כ'האָב שוין באַדאַרפט זיין סטאַטעטשנע, כ'בין אַ מויד שוין אין דרייצנטן יאָר.

שוין מער ווי צום הונדערטסטן מאָל דערציילט זי די געשיכטע אַז נאָך נישט אַלט זייענדיק פינף יאָר האָב איך געוויינט און געמאַכט סקאַנדאַלן אין שטוב, אַז כ'וויל זיך לערנען. און טאַקע, אַז כ'האָב געזען אַ סידור, צי להבדיל אַ בוך, האָב איך עס געוואָלט לייענען. געטראַכט: וויפל טשעקאַווע זאַכן וועל איך זיך פון די ביכער דערוויסן! ווייל מאַנעס, מיין ברודער, האָט געזונגען אַזוי שיין די תּפילות פון אַ ספר אַרויס. און די תּפילות פון ראש־השנה און יום־כּיפור, ווי שיין זיי זענען!

פּרייטיק צו נאַכט, נאָכן עסן האָט ער אַרויסגעלייענט פון אַ בוך און מיר האָבן פון די מעשׂיות אַ סך געלאַכט. מאַנעס האָט אויך געלייענט וועגן דרייפוסן, וועגן בייליס פּראָצעס.

דערפאַר האָב איך מיט אומגעדולד געוואָלט קאָנען לייענען. געטראַכט, אַז כ'וועל קאָנען לייענען וועל איך אַלע ביכער פון דער וועלט אויסלייענען, כ'האָב געוואָלט אַליין לייענען די טשעקאַווע זאַכן.

אין ערשטן חדר מיינעם איז דער מלמד געווען אַ הויכער, אַ דאַרער,

מיט אַ בלאָנדער ברייטער באָרד. ער האָט געלערנט מיט די ייִנגלעך חומש און די טעכטער זיינע האָבן געלערנט מיט די מיידלעך לייענען און שרייבן.

קודם האָבן מיר זיך געלערנט פון אַ סידור דאַווענען.

ווען די מאַמע האָט מיר שפּעטער געקויפט אַ פּויליש בוך, האָב איך זיך דעם ערשטן טאָג געפּילט אומגליקלעך און אַ סך געוויינט. כ'האָב געקוקט אויף די בוכשטאַבן און נישט געקענט לייענען. כ'בין אַהיימגעקומען פון חדר מיט אַ יאָמערלעך געוויין. כ'וועל שוין קיין מאָל נישט קענען לייענען.

אין דער היים האָבן זיך אַלע דערשראָקן פון מיין געוויין. מיך געפרעגט, ווער עס האָט מיך געשלאָגן.

— כ'האָב זיך היינט געלערנט פון בוך און כ'קען נאָך נישט לייענען. כ'וועל קיין מאָל נישט קענען, ס'איז שווער צו לייענען, — האָב איך געוויינט. מ'האָט מיך אויסגעלאַכט — און איך האָב דערפון נאָך מער געוויינט.

מיטן שרייבן איז דעם ערשטן טאָג געווען נאָך ערגער. אַזוי ווי כ'האָב זיך נאָר באַמיט צו שרייבן זענען מיר אַרויס אומפאַרשטענדלעכע קאָטשערעס און באַשע, די לערערין, האָט מיך גאָר געלויבט, אַז כ'שרייב שיין... כ'האָב פאַרגליכן איר שרייבן מיט מיינעם און כ'האָב איר נישט געגלויבט...

געלערנט האָט מען פון אַ פאָרשריפט. די לערערין האָט אויפגעשריבן אַ שורה פון אויבן, און די שורה האָט מען געדאַרפט נאָכשרייבן איבער דער גאַנצער זייט פון העפט.

אין דער היים האָט בייניש געחוזקט פון מיר, געוויזן אויף מיין שריפט:

— דאָס איז אַ באָטשאַן, דאָס איז אַ גאַנדז, דאָס — אַ שטול, דאָס — אַ טיש. אַלץ איז דאָ, נאָר נישט קיין ווערטער.

כ'האָב זיך צעוויינט.

— שטילער, שטילער, — האָט די מאַמע זיך אַריינגעמישט. — וועסט נאָך קענען.

צו מיין מזל איז צוגעקומען אין מיין חדר אַריין אַ נייע שילערין, און איר איז נאָך שווערער אָנגעקומען דאָס לערנען. לויט איר בין איך שוין געווען אַ קענערין.

די משפּחה וועלכע האָט געהאַט דעם חדר איז באַשטאַנען פון טאַטע־מאַמע מיט דריי טעכטער. די גאַנצע משפּחה איז געווען קראַנק אויף טובער־

קולאָז, געווען סוכאַטשניקעס. איינע פון די טעכטער איז געלעגן אין בעט, כּסדר געהוסט, געשפּיגן.

די מוטער, פראַדל, אַ קליינע, מיט אַ הויקער, האָט געפירט די ווירט־שאַפט. צוויי טעכטער האָבן געלערנט מיט מיידלעך. דעם מלמד האָט מען גערופן: לאַפּי, די פרוי — לאַפּעטע.

ווען מיר האָבן געענדיקט אָנשרייבן דאָס גאַנצע זייטל לויט דער פאָר־שריפט פון דער ערשטער שורה — זענען מיר שוין געווען פריי פון לערנען ביז מיטאָג.

בערך צוועלף אַ זייגער האָט יעדע פון אונדז געלייענט אַ שטיקל פון סידור, צי פון פוילישן בוך, — און מיר זענען אַהיימגעגאַנגען צוזאַמען מיט די יינגלעך.

נאָך מיטאָג ביז אויף דער נאַכט האָבן מיר דאָס זעלבע איבערגעחזרט.

כ׳האָב שטאַרק ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו דעם וואָס די יינגלעך האָבן געלערנט ביים מלמד. עס איז מיר סיי ווי געווען באַקאַנט פון מיין מאַמעס לייענען אויפן קול שבת דאָס טייטש־חומש.

אָבער דער מלמד האָט אויך פאַרטייטשט די ווערטער פון לשון קודש אויף יידיש.

געווען פאַלן, אַז אַ יינגל האָט נישט געוווסט צו ענטפערן, האָט דער רבי מיך געפרעגט. כ׳האָב געענטפערט. געווען צופרידן, אַז איך ווייס דעם טייטש פון דער פּרשה.

כ׳האָב אָבער דערפאַר באַקומען געשלאָגן פון די יינגלעך — און די מיידלעך האָבן מיך נישט פאַרטראָגן. מ׳האָט מיך גערופן מיט צונעמען: „די רביצין״, „קנופּש״, ווייל כ׳בין אַ קליינע. אין וועלכער שטוב כ׳בין געקומען צו חברטעס האָבן מיך די עלטערן געפרעגט מיט חוזק ווען כ׳וועל אָנהויבן לערנען גמרא. מ׳האָט געחוזקט פון מיר, ווייל אַ מיידל לערנט נישט קיין חומש און גמרא.

כ׳האָב זיך געפילט אַליין, אומגליקלעך. נישט געהאַט קיין גוטע חברטעס. בלויז ווען זיי האָבן עפּעס געוואָלט פון מיר, כ׳זאָל זיי העלפן מיט עפּעס, האָבן זיי מיך אַריינגענומען אין מיטן, געווען גוט צו מיר, און איך בין געווען גליקלעך.

מיר האָבן אויפגעהערט לערנען אין חדר, ווען די טאָכטער אין בעט האָט נאָך שטאַרקער געהוסט און באַלד געשטאָרבן.

און אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויך דער פֿאָטער געשטאָרבן. געבליבן איז פֿראַדל, די מאַמע, מיט די צוויי טעכטער — און זיי האָבן כּסדר געוויינט.

מיר האָבן אָנגעהויבן לערנען ביי אַ מלמד וועלכער איז געקומען פֿון ערגעץ אַ שטעטל. ער האָט אונדז געלערנט אויבן, אין דער ווייבער־שול. מ׳האָט זיך אין שלעשין געקרומט, אַ מלמד, אַ מאַנספּאַרשוין, לערנט מיט מיידלעך...

ער איז אַוועק. ס׳איז אָנגעקומען אַ ייִדענע, אויך פֿון דער פֿרעמד און געלערנט אין דער ווייבער־שול. ביים לערנען פֿלעגט זי איינשלאָפֿן. זי האָט געשנאָרכט, און מיר, מיידלעך, האָבן הילכיק געלאַכט. זי איז פֿון געלעכטער אויפגעקומען מיט אַ געבייזער, אָנגעהויבן לערנען און ווידער איינגעשלאָפֿן.

מיר זענען אַריבער לערנען צו שלמה־שמעון מיט חנהן. דער מלמד שלמה־שמעון האָט געלערנט מיט ייִנגלעך און חנה מיט מיידלעך. דאָס חדר אין זייער איינציק לענגלעך צימער, מיט אַ קיך ביים אַריינגאַנג, אַ קהלשע דירה, דורכגעטיילט מיט דער מקווה.

דעם ערשטן טאָג ביי חנהן, ווען זי האָט מיך פֿאַרהערט — איז זי אַרויס אין דרויסן, צונויפֿגערופֿן שכנים, זיי זאָלן הערן ווי איך לייען „ווי אַ וואַסער".

מיר האָבן זיך צוגעהערט צו די וויכּוחים פֿון פֿאַרפֿאָלק. חנה איז אַ געלערנטע. זי האָט אונדז געלערנט דייטש. ווען חנה ווערט אויפֿגערעגט מאַכט זי מאָדנע העוויות. מיר קינדער האָבן דערפֿון געלאַכט און באַקומען דערפֿאַר פּעטש.

איצטער איז חנה אונדזער שכנה. שבת פֿאַר מיטאָג קומט זי אַריין. זי דעקלאַמירט אין דייטש, זאָגט, אַז עס זענען היינעס לידער.

חנה, אַ קליינע, מיט אַ רירעוודיק רונדיק פּנים. שבת טראָגט זי אַ מאַנטל ווי אַ פּעלערינע. מיט אַן איבערגעגנומען קול דערציילט זי תּמיד די אייגענע מעשׂה וועגן אַ געליבט פּאָרל וואָס זי איז געוואָרן שטערבלעך קראַנק. זי דעקלאַמירט ווי אויף אַ בינע מיט אַ וויינענדיק קול:

דער געליבטער נעמט זי אָן ביי דער ברוסט
עס איז מיר אַ שאַדע זאָ יונגעס בלוט.

חנה וויינט כמעט און מיר קינדער לאַכן.

די מאַמע האַלט זיך קוים איין פון לאַכן און מאַכט אונדז קינדער פאַר־וווּרפן צוליב אונדזער לאַכן.

— נו, נו, שטיל זייטס.

חנה קוקט אויף אונדז אָן אָנגעברוגזטע:

— נאַרישע געענדז. וואָס ווייסן זיי פון הייגען?...

שלמה־שמעון און חנה האָבן געהאַט אַ מיידל אין מיין עלטער. אין אַ געוויסן טאָג האָט דאָס מיידל באַקומען אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק. דער פעלדשער האָט געפינען אַ קרענק, אָבער וויבער האָבן געזאָגט, אַז ס׳איז אַ נעהאָרע (עין־הרע), ווייל זי איז אַ שיין מיידל, קיין עין־הרע. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס אָפּשפּרעכעניש די עין־הרע. אויפן דריטן טאָג איז זי געשטאָרבן. כ׳האָב זי שטאַרק באַדויערט. אויף איר לוויה האָב איך געוויינט גלייך מיט אַלעמען.

נאָך דעם חדר האָבן מיר אָנגעהויבן לערנען ביי די פּאַני ווינגאָט. זי איז דעם רבס טאָכטער, אַן עלעגאַנטע איידעלע פרוי. זי האָט גוט געלערנט. געלערנט פויליש, דייטש און רעכענען. ביים אויסהערן מיך לייענען פון סידור, האָט זי געזאָגט, אַז כ׳קען שוין גענוג, כ׳דאַרף שוין נישט מער לערנען יידיש.

מיר האָבן געניאַנטשעט אירע קינדער. זיי האָבן געהאַט אַ שפּייז־קראָם אין צימער ווו מיר האָבן געלערנט. איר מאַן איז אויך אַ רבס אַ זון, איז ער אַ סך געזעסן ביי די הייליקע ספרים, געלערנט תורה.

אין אַ טאָג האָט איינע פון די שילערינס אָנגעהויבן „נעמען" נאַשוואַרג פון קראָם. דערנאָך האָבן מיר שוין אַלע געגנבעט. איך האָב מיר געשאָטן גאַנצע זשמעניעס מיט ראָזשינקעס אין מויל אַריין. כ׳האָב געלעבט מיט אַ פּחד צוליב דער זינד פון גניבה — און געגנבעט.

ביז איין מאָל ווען כ׳האָב זיך צוגעהערט צו מיין טאַטנס דאַווענען אַ האַרציקע תּפילה — איז מיך באַפאַלן אַ חרטה־געפיל. איך עס געגנבעטע ראָזשינקעס. כ׳בין אַרויסגעלאָפן אויפן הויף און שטאַרק געוויינט.

כ׳האָב זיך געשווירן מיטן גאַנצן האַרצן, אַז כ׳וועל זיין אַ גוטע און פרומע.

פּונקט איז אָנגעקומען פּערל, מיין קוזינע, מיך רופן. עס איז פאַרביי

אַ פּאָגזשעב.* גויים שטאַרבן אַ סך. פאַראַן גאַנצע משפּחות סוכאָטניקעס. פּערלען האָט נישט געאַרט די גויע װעלכע איז געשטאָרבן, מיך אויך נישט.

פּערל האָט זיך אַװעקגעזעצט אַריינפּישן אין זאַמד אַריין, געהייסן מיך טאָן דאָס זעלבע, אויף דעם זעלבן פּלאַץ, און געזאָגט:

— היינט איינס, מאָרגן צװײ, אַלע טאָג זאָל מען זײַן.

איך האָב צוגעגעבן:

— מ׳זאָל אײַך טויטע טראָגן, װײַל איר טוט ייִדן פּלאָגן...

פאַר אַלע ייִדישע צרות,

זאָלט איר װערן אונדזערע כּפּרות.

פּערלען איז עס געפעלן. מיך געפרעגט, פון װאַנען איך קען עס?...

כ׳האָב ערשט געשװוירן זײַן אַ גוטע — און אָט שעלט איך...

כ׳בין אָבער בייז געװען אויף די גויים.

אָט די מאַרישאַ גילעװוסקאַ. כ׳האָב איר תּמיד געגעבן אַ צוקערל װען כ׳האָב געהאַט. זי איז געקומען צו אונדז, געגעסן חלה און קוכן, דאָך האָט זי תּמיד גערעדט שלעכטס אויף ייִדן. זי שעמט זיך צו גיין מיט מיר איבער דער גאַס נאָך היינט, דערפאַר װײַל כ׳בין אַ ייִדישקע.

אַ מאָל האָט זי מיר דערציילט, אַז די פּוילישע מיידלעך, װען זײ װערן גרעסער, באַקומען זײ אַ זאַך װאָס הייסט פּעריאָד.

כ׳האָב איר געזאָגט, אַז נישט בלויז די פּוילישע מיידלעך. אַלע מיידלעך, אַז זײ װערן גרעסער האָבן עס. מײַן שװעסטער פּויזשע האָט עס אויך.

זי האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז אַ ליגן. די ייִדישקעס זענען אַנדערש.

פון די שקצים און שיקסעס פאַראַן אייביק צרות. דערפאַר איז מײַן חרטה צוליבן שעלטן די גויים נישט געװען שטאַרק.

אָבער צוליב דער מורא און חרטה פאַרן גנבענען ראָזשינקעס, בין איך אַװעק פון די פּאַני װײַנגאָטס שולע.

אין דער היים זענען זײ געװען גלייכגילטיק װאָס איך לערן זיך נישט.

כ׳בין דעמאָלט אַלט געװען אַכט יאָר. כ׳האָב אַ סימן: װען כ׳האָב זיך געלערנט ביי די פּאַני װײַנגאָט האָט זיך אונדזער יצחק שטאַרק אָפּגעבריט

---

* אַ קריסטלעכע לװיה.

מיטן וואַסער פון אַ קאָכעדיקן טשייניק. די מאַמע דערמאָנט עס, זי זאָגט, אַז ער איז אַלט געווען דריי יאָר. איך בין עלטער פון יצחקן מיט פינף יאָר.

כ׳האָב זיך אַ צייט נישט געלערנט, נאָר אַ סך געלייענט עברי־טייטש און חומש. געהאַלטן וואָרט צו זיין פרום, געזאָגט ברכה יעדן אין דער פרי, געמאַכט ברכות אויפן עסן, געבענטשט נאָכן עסן, געלייענט קריאת־שמע פאַרן שלאָפן גיין. כ׳האָב געהאַט אַ בענטשערל, די מאַמע האָט עס מיר געקויפט.

ס׳האָט געטראָפן, אַז כ׳האָב זיך געלייגט אויפן בעט און איינגעשלאָפן אין אָנטועכץ. אין דער פרי בין איך אויפגעקומען אַן אָנגעטוענע. אַ דער־פרייטע, בין איך אַרויס אויפן הויף. ביים דערמאָנען זיך אַז כ׳בין געשלאָפן אָן קריאת־שמע האָב איך זיך דערפילט זינדיק.

איין מאָל בין איך ביי נאַכט אויפגעקומען מיט פחד און געוויין. די מאַמע האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, מיר געגעבן אָפּצושווענקען די הענט און דאָס בענטשערל צו לייענען קריאת־שמע. כ׳האָב געלייענט און זיך באַרויקט.

צו מאָרגנס איז מיין פרייד צו זען זיך אַן אָנגעטוענע געווען גרויס. אין אַ טאָג האָב איך געהערט שמועסן ביי אונדז אין דער היים, אַז עס זענען פאַראַן מענטשן וועלכע גלייבן נישט אין גאָט. כ׳האָב זיך צעוויינט פון פאַרדראָס. דערנאָך איז מיר אין קאָפּ דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַ שרעקלעכער געדאַנק: אפשר זענען זיי גערעכט?

כ׳האָב זיך דערשראָקן פאַרן בלויזן טראַכטן. כאָטש דער געדאַנק איז געקומען אָן מיין ווילן. כ׳האָב זיך געפילט אומגליקלעך. כ׳האָב זיך אַליין באַשטראָפט: נישט־געגעסן, נישט־געטרינקען, אַפילו געפאַסט ביז מיטאָג.

ס׳האָט נישט געהאָלפן. אַ צייט האָט מיך דער געדאַנק נישט געלאָזט צורו, מיך געפייניקט. כ׳בין געגאַנגען קויפן מילך ביי גויים, נישט געשטאַנען ביים מעלקן. אין שטאַל איז נישט געווען קיין חזירים, דאָך מוז מען שטיין ביים מעלקן. אַז מען שטייט נישט ביים מעלקן איז די מילך טריפה. ווען די מאַמע זאָל עס וויסן...

## קאַפּיטל צוויי

כ'האָב ליב צו גיין צו מיין פעטער מענדל און מומע נעכע אין שטוב אַריין. ס'איז אַנטקעגן אונדזער טויער אויף דער צווייטער זייט הויף.

ביי מיין פעטער איז היימלעכער ווי ביי אונדז. ביי אונדז איז עפּעס אַזאַ ערנסטע שטימונג. דער טאַטע לאָזט נישט פּילדערן, אַפילו נישט לאַכן הויך.

ביי אונדז ווערט גערעדט וועגן האַנדל, וועגן אַלערליי תּבואות, וועגן די פּויערים וועלכע פאַרקויפן תּבואה — און וועגן פרומקייט. ביי אונדז זענען אַ סך זאַכן פאַרבאָטן.

ביים פעטער זענען פאַראַן ווי ביי אונדז, דריי טעכטער און בלויז פינף זין, ביי אונדז — זיבן זין.

ווי די מאַמע דערציילט, זענען ביי זיי פון זעכצן קינדער געבליבן בלויז אַכט. אויך ביי אונדז זענען געבליבן פון פערצן קינדער בלויז צען.

די קוזינעס רחל, ברײַנע און פערל האָבן אַ סך חברטעס. מען קומט צו זיי אין שטוב אַריין, אַפילו שיקסעס, עס ווערט ביי זיי געשטיפט, געלאַכט, געזונגען. זיי האָבן אַ גיטאַרע, פערל און ברײַנע לערנען זיך אויף איר שפּילן.

דער פעטער און זיין ברודער, מיין טאַטע, זענען מיט גאָרנישט ענלעך צו זיך. דער פעטער האָט אַ טונקל־ביינערדיק פּנים, אַ דינע נאָז, שוואַרצע אויגן און אַ שוואַרץ־גרויע באָרד. ער שמייכלט מילד אויף די שטיפערייען אין שטוב.

דער טאַטע איז אַ נידעריקער מיט גרויע אויגן און אַ גרויער באָרד, אַ גרעבלעכע נאָז. ער איז ערנסט און די אויגן קוקן ביי אים ברוגזלעך.

דער פעטער מיט די זין זענען אויך תּבואה־סוחרים. דערצו האָבן זיי אַ גאָספּאָדאַרקע: אַ פעלד, אַ סאָד מיט נאָך אַ שטוב. פאַראַן ביי זיי אַפילו קי.

איך חבר זיך אַממייסטן מיט פערלען. כאָטש מיר זענען אין איין עלטער, זעט זי אויס עלטער פון מיר, ווייל איך בין אַ נידעריקע און דאַרע.

כ'האָב זיך אַ צייט נישט געלערנט, כ'בין געווען פאַרנומען מיטן פאַר־לייענען ביכער פאַר רחלען. זי האָט זיי גענומען געבאָרגט.

זי איז די עלטסטע טאָכטער ביים פעטער מענדל, אַ כלה־מיידל, זאָגט מען אויף איר.

כ׳האָב איר פאַרגעלייענט: „די בלינדע יתומה״, „דער שטומער בעטלער״ און אַנדערע ביכער. זיי זענען מיר אויך געפעלן.

זי לייענט שוואַך, קוים אַ ביסעלע.

ווען כ׳האָב פאַרפעלט אַ מאָל צו קומען איר פאַרלייענען, האָט זי זיך געבייזערט אויף מיר, גערופן מיך מיט צונעמען, מיך גערופן בלינדע, ווייל די אויגן האָבן מיר ווי געטאָן. אויך מיט אַן אַנדערן נישט שיינעם צונאָמען, ווייל כ׳בין אָפט קראַנק אויפן מאָגן. מיט דעם צונאָמען רופט מען מיך אויך אין דער היים, ווען מ׳איז אין כעס אויף מיר.

פערלען האָב איך מער ליב. זי האָט אויך גוטע שטימונגען. איך האָב איר תּמיד דערציילט מעשׂהלעך פון חומש, אויך אַ סך אויסגעטראַכטע מעשׂיות. ביים דערציילן זענען זיי געקומען פון זיך אַליין. זי האָט נישט געוווסט אַז כ׳האָב זיי אויסגעטראַכט, דערפאַר זיך צוגעהערט מיט נייגער.

פערל האָט מיר אויך דעמאָלט אָנגעהויבן דערציילן, אָבער גאָר אַנדערע זאַכן...

זי שלאָפט מיט איר מאַמען אין שלאָפצימער. שטעלט אָן ביי נאַכט אַז זי שלאָפט און שפּיאָנירט נאָך אירע עלטערן. זי האָט מיר אַלץ דערציילט...

ס׳האָט שרעקלעך געווירקט אויף מיר, מיך געעקלט. כ׳האָב דערנאָך געקוקט אויף מיין מאַמען, געטראַכט: זי אויך? כ׳האָב געפילט אַן עקל צו מיין מאַמען. יאָ, פערל האָט מיר דערציילט, אָבער איך דערמאָן זיך אויך...

כ׳בין נאָך מסתּמא געווען אַ קינד. אין אַ נאַכט בין איך אויפגעקומען און זיך געזען אין טאַטנס בעט. כ׳בין דאָך געשלאָפן אין יענער צייט מיט דער מאַמען.

כ׳געדענק נישט ווי אַזוי, נאָר איך זע זיך שטיין ביי נאַכט נעבן טאַטנס ליידיקן בעט. פּיצעלעך ליכט ברענען נאָך אין די לייכטער אויפן טיש.

איך שטיי, קוק צו דער מאַמעס בעט, וווּ מען זעט קוים אַרויס דעם טאַטנס קאָפּ מיטן קאַפּעלע. איך וויין יאָמערלעך.

די מאַמע באַרויִקט מיך פון איר בעט אַרויס. דער טאַטע ליגט דאָרטן באַהאַלטן. איך הער זיין שטיל פאַרדעמפט בייזערן זיך אויף מיר.

כ׳גערענק נישט דעם סוף, מסתמא בין איך איינגעשלאָפן וויינענדיק.

חיה פּלעגט דערנאָך שלאָפן מיט דער מאַמען, ווייל זי האָט געהאַט קאַלטע פיס האָט זי געדאַרפט האָבן וואַרעם. ווען דער טאַטע איז אַריין צו דער מאַמען אין בעט, האָט ער זי אויך מסתמא איבערגעלייגט אין זיין בעט.

די עלטערן האַלטן די קינדער פאַר נאַראָנים און אַליין זענען זיי נאַריש.

די מאַמע האָט מיך געשיקט און שיקט מיך נאָך צו די ווייבער פרעגן:

— זי ברויכן אויף היינט?

די ווייבער ענטפערן מיר יאָ אָדער ניין.

זי מיינט, די מאַמע, אַז איך ווייס נישט, אַז ס׳איז געפרעגט וועגן דער מקווה. עטלעכע ווייבער ווערן שותפטעס, באַשטעלן צוזאַמען איינצוהייצן די מקווה. כ׳מאַך זיך נאַריש. כ׳ווייס נישט וועגן וואָס איך פרעג.

לויטן שטילן רופן מיך אין אַ זייט, דאָס איינרוימען מיר אַ סוד אין אויער אַריין, לויט די ווייבערס פנימער — האָב איך תמיד סיי ווי פאַר־שטאַנען...

די מאַמע האַלט מיך נישט פאַר קיין נאַרישע, דאָך מיינט זי אַז כ׳פאַרשטיי נישט וועגן וואָס זי שיקט מיך.

איין מאָל, ביי נאַכט האָב איך געהערט ווי דער טאַטע האָט זי געפרעגט:

— ביסט שוין געווען?

— ניין, נאָך נישט — האָט די מאַמע געענטפערט.

כ׳האָב באַלד געהערט דעם טאַטנס געדעמפטן בייזערן זיך אויף איר, פאַר וואָס זי איז נישט געווען אין מקווה...

✶

דאָס כסדרדיקע זיצן ביי דער מומע־נעכע, דאָס פאַרלייענען רחלען פון ביכער און מיין אַרומלויפן — איז דער מאַמען נמאס געוואָרן. האָט זי מיך איינגעשריבן צום ערשטן מאָל אין דער רעגירונגס־שול.

ביים איינשרייבן האָב איך זיך געניקט און געקושט די הענט פון די לערערינס. אַזוי האָבן אַלע שילערינס געטאָן.

דאָס לערנען איז נישט געווען וואַזשנע אָבער קיין צרות האָט די יידישע שילערינס נישט געפעלט. די שיקסעס האָבן אונדז געשאָלטן און געשלאָגן, גערופן מיט מיאוסע צונעמען. מיך האָבן זיי געריסן ביי די לאַנגע צעפּ.

זיי האָבן כּסדר געחוזקט פון אונדז, געזאָגט, אַז דער רב און אַלע פֿאַרלאָפּ־טשעטע ייִדן גייען ביי נאַכט שפּייען אויף זייערע הייליקע פּיגורן אין מאַרק. אין מיטן מאַרק שטייען זיי די טולעס פון הייליקן יוזעף, פון דער הייליקער מאַריִאַ, מיט איר קינד, דעם גאָט...

ביז אין אַ טאָג: מיר גייען אין שולע אַריין. ס׳איז נאָך פרי. די לערערין, אַ הויקער, איז נאָך נישט אין שולע. אַ שיקסל האָט אונדז פאַרגעלייגט אַז מיר זאָלן אַרויפגיין אויפן בוידעם, זען וואָס אויבן טוט זיך.

— פאַראַן דאָרט זאַכן! — האָט זי אונדז געמאַכט נייגעריק.

אַלע שילערינס זענען מיר אַרויף. געווען אויבן שמאַטעס, צעבראָכענע כּלים, שמוציקע פאַפּירן. מיר האָבן אַלץ באַקוקט. די לערערין איז אַרויפ־געקומען.

איר כּעס איז געווען גרויס: — אַ חוצפּה! — האָט זי זיך געקאָכט. די קלאַס איז געווען ליידיק. אַלע זענען געווען אויפן בוידעם!

ווען מיר זענען אַראָפּ אין קלאַס, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט האַלטן פאַר אונדז אַ רעדע:

— אין אַלעם זענען שולדיק די ייִדישע שילערינס.

אַלע ייִדישקעס זאָלן שוין פאַרלאָזן די קלאַס און מער נישט קומען אין שולע אַריין!

כ׳בין געווען דערשראָקן. זי איז געשטאַנען אַזוי, אַז איר האָרב איז געווען נאָך מער קענטיק. זי איז נאָך מיאוסער געווען ווי תּמיד. כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען די גאַנצע רעדע, נישט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל.

רויזע, אַן עלטערע פון מיר, האָט יאָ פאַרשטאַנען. זי איז צוגעקומען צו מיר, אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מיין אָרעם, מיר געזאָגט:

— קום!

די נישט־ייִדישע שילערינס זענען געבליבן, זיי האָבן אונדז נאָכגעקוקט מיט חוזק, די הויקערדיקע מיאוסע לערערין טרייבט אַרויס אַלע ייִדישע שילערינס.

— זשידי, בייליס! — האָבן זיי אונדז נאָכגעשריען.

## קאַפּיטל דריי

דאָס אַרויסטרייבן פון דער שול, דאָס אָפּחוזקן פון אונדז — איך קאָן עס נישט פאַרגעסן. פאַראַן נאָך זאַכן וועלכע האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זיכרון, כאָטש כ׳בין נאָך דעמאָלט געווען קליין.

די מלחמה. אין שטוב האָט מען געלייענט צייטונגען. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַלע וואָלטן מורא געהאַט.

די מאַמע האָט געשמועסט מיט די ווייבער דערוועגן, געהאַט אַ טרויעריק פּנים, געזאָגט:

— דאָס כּפּרה־הינדל וועלן זיין די ייִדן. הלוואַי זאָל איך זאָגן ליגן.

און טאַקע, צוליב דער מלחמה זענען אַ סך ייִדן אַנטלאָפן פון זייערע היימען אין די גרויסע שטעט: קיין וואַרשע, לאָדזש, קאַליש. מען האָט דערציילט, אַז מען שלאָגט ייִדן, וועגן הונגער, טיפוס.

אויך אין שלעשין זענען מענטשן געשטאָרבן פון טיפוס. און נישט בלויז ייִדן. עס האָט געפעלט עסן. אָבער ביי אונדז אין שטוב איז געווען צו עסן.

עטלעכע מאָל האָט מען געפאַרעוועט אונדזער בעטגעוואַנט, וועש, מלבושים. געווען אַזאַ פאַראָרדענונג פון דער גמינע.

כ׳האָב אַ מאָל געהערט די מאַמע זאָגן אַז זי וואָלט זיך וועלן אַוועקרוקן פון דער צייט, ווי מען רוקט זיך אָפּ פון אַ פייער. ווען די מאַמע האָט עס געזאָגט האָב איך אויך אַזוי געפילט.

נאָר מען האָט גערעדט וועגן דער מלחמה. געווען געוויינען וועגן גערהרגעטע. זאָרגן און מורא עס זאָל חלילה נישט געשען קיין שלעכטס די אייגענע וועלכע זענען אין דער מלחמה.

פון דער ערשטער מלחמה שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן ווי אַ קאָזאַק צילט אָן די ביקס צו שיסן מיין טאַטן. די מאַמע, מיט יצחקלען אויף די הענט, נאָך אַ קליין קינד געווען, יצחק, פאַרשטעלט דעם טאַטן מיט איר קערפּער:

— שיס מיך!

אברהם, חיה און איך שטייען דערנעבן, וויינען שטאַרק. דער קאָזאַק האָט נישט געשאָסן. ער האָט בלויז צוגערויבט זאַכן פון שטוב.

פריִער, איידער דער קאָזאַק איז אַריין, האָט דער טאַטע גערופן נחמהן, אברהמען און מיך אין פערדשטאַל אַריין, דאָרטן באַגראָבן זאַכן, צווישן זיי קופּערנע טעפּ. געזאָגט אונדז, אַז די קאָזאַקן גייען אַרום ראַבעווען, מוז ער די זאַכן באַגראָבן. מיר זאָלן קיינעם נישט דערציילן, נאָר געדענקען ווו די זאַכן זענען באַגראָבן.

די רוסן זענען אַנטלאָפן.

טעג און נעכט האָבן אַריינמאַרשירט דייטשן מיט געזאַנג, מיט וועגענער, געווער, פעלדקיכן. פון צייט צו צייט האָבן זיי אויסגערופן, אַז פּוילן שטינקט.

די מאַמע האָט גערופן מיך מיט חיהן, ביידע נאָך קליינע. זי האָט אונדז געהייסן קוקן אויף דעם אַלעם, דערביי אונדז געזאָגט:

— זעיטס, קינדער, דערציילט עץ אַרע קינדער און קינדס־קינדער.

אין אונדזער שטוב האָט מען אַ סך געוויינט. געווען אַ טרויעריקע צייט. קאָזאַקן האָבן געהרגעט ייִדן. דערנאָך זענען ייִדן געקומען מאַסנווייז פון קאַליש, דערציילט וואָסערער שלעכטס די דייטשן האָבן זיי געטאָן אין יענער שטאָט. די מאַמע האָט וויינענדיק געזאָגט:

— די שמעקעדיקע דאַטשן. כ׳וואָלט נישט געגלייבט אויף זיי...

אין אַלעמענס אויגן שרעק פון יעדן שאָרך.

אונדזער שכן פון אַנטקעגן, קאָרעק, אַ פרומער חסיד, קומט אַריין צו אונדז אָפט אין שטוב. ער זאָגט: ס׳איז די מלחמה פון גוג־מגוג, דערנאָך וועט קומען משיח. אַזוי וועט עס זיין מיטן אויבערשטנס הילף...

דאָס ברויט וואָס מיר האָבן געגעסן איז געווען פון קאַליע געוואָרן מעל. עס האָט געהאַט אַ שלעכטן גערוך.

כ׳בין טאַקע דערפאַר געווען קראַנק אויפן מאָגן. די מאַמע האָט געבאַקן דאָס ברויט. דאָס מעל האָט דער טאַטע באַהאַלטן צוגעדעקט מיט זעק. אויף די זעק זענען געזעסן אונדזערע הינער, באַשמוצט און פאַרשטינקט די זעק מיט מעל.

די דייטשן וועלכע זענען געקומען צו אונדז זוכן באַהאַלטענעם פּראָוויאַנט האָבן זיך געמיאוסט צוצורירן צו די זעק צוליבן געשטאַנק.

די מאַמע האָט געשיקט ברויט צו אָרעמעלייט, אויך פליישׁ פון אַ ציג וואָס מען פלעגט ביי אונדז שעכטן.

*

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה פון די פּאָליאַקן מיט די באָל־שעוויקעס איז פריִער בייניש, דערנאָך נחום אַוועק אין דער מלחמה.

נחום איז אַלט געווען אין אַכצנטן יאָר.

פלעמל איז אַוועק נאָך גנעזען. שפּעטער איז וואָלף אַוועק קיין דייטש־לאַנד.

די מאַמע האָט כּסדר געוויינט אַז נחום איז נאָך אַ קינד און ער איז קינדעריש.

יעדן פרייטיק צו נאַכט ווען דער טאַטע מיט די ווייניקע ברידער וועלכע זענען געבליבן אין דער היים — זענען געקומען פון שול, איז די מאַמע אַרויס מיט אַ געוויין איבער די קינדער וועלכע זענען נישטאָ אין דער היים.

איצט ווידער איז נחום אין מיליטער.

מאַנעס איז אין דער היים. דער רבי האָט געהייסן אים אַ פעלער מאַכן. ווען ער איז געשטאַנען צום פריזיוו האָט די מאַמע געשאַנקען אַ קילאָ ליכט אין שול אַריין, געבעטן זאָגן תּהילים, אָנגעצונדן אַ ליכט צווישן אויוון, געמאָסטן קברים. עס האָט געהאָלפן, ער וועט נישט דאַרפן זיך מאַטערן, עסן טרפות.

ווען מאַנעס איז פריי געוואָרן האָט דער טאַטע געהאַט צו דערציילן די ניסים וואָס זענען מיט אים געשען. מ׳האָט מאַנעסן געמסרט און טראָץ דעם איז ער פריי געוואָרן, ווייל דער רבי האָט געזאָגט: מיט גאָטס הילף וועט ער ווערן פריי.

וועגן פלעמלען האָט דער רבי געזאָגט: „מיטן אויבערשנס הילף וועט ער אַהיימקומען”. אַזוי איז עס טאַקע געווען. פיר יאָר האָט ער געדינט אין קאַווקאַז.

וועגן וואָלפן האָט ער געזאָגט: ויברח יעקב — איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד.

דער טאַטע ווערט אין גאַנצן צעהיצט ווען ער רעדט וועגן די רבייִם. איך קען מיין טאַטן. ער זאָגט דעם אמת. ווי קאָן מען נישט גלויבן? דער טאַטע האָט אַ טבע צו זאָגן: איך גיי מיר מיין אָקסן־שריט. כ׳פאַרשטיי אַז ער מיינט דערמיט — זיין ערלעכן וועג. ס׳איז טאַקע אַזוי. דער טאַטע אַרבעט

אַ סך. ווען ער האָט נישט צו טאָן אין שפּייכלער ביי דער תבואה, זיצט ער און פּאַרלאָטעט זעק.

די פּויערים רופן דעם טאַטן דאַוויד, די האַלטן פון אים.

ביים פעטער מענדל איז קיינער פון זיינע פינף זין נישט קיין סאָלדאַט. מסתמא האָט ער געטאָן דערצו... אָבער דוד איז פון אַ פעלער געבליבן מיט איין אויג.

פּערל האָט זיך פאַרטרויט פאַר מיר, אַראָפּגערעדט פון האַרצן; זי וויל שפּאַצירן מיט זעלנער, דער פעטער דערלויבט עס נישט. זי קלערט שוין וועגן פירן ליבעס...

אַ סך מאָל ווען כ׳גיי שפּאַצירן מיט די מיידלעך קומען צו זעלנער. מיט מיר רעדן זיי נישט, אין זייערע אויגן זע איך אויס ווי אַ קינד. איך לייד דערפון.

די מאַמע זאָגט, אַז כ׳זע אויס אַ סוכאָטניצע (שווינדזיכטיקע), נאָר צוליב די ביכער. איך ווייס אָבער, ווען כ׳וואָלט געווען צופרידן פון לעבן, וואָלט איך בעסער אויסגעזען.

*

צוליב דער מלחמה איז די משפחה ליפּסקי געקומען אַהער וווינען פון לאָדזש. זיי האָבן דאָ קרובים.

זיי האָבן דערציילט אַז זיי האָבן געקויפט קאַרטאָפל־שאָלעכץ, געקאָכט עס און געגעסן.

זייער עלטסטע טאָכטער, די פאַננאַ סאָלאַ איז אַ געלערנטע. זי נעמט אָן פּריוואַטע לעקציעס. אַלע שול־מיידלעך לערנען זיך ביי איר.

כ׳האָב געזאָגט דער מאַמען אַז כ׳וויל אויך זיך לערנען. די מאַמע האָט זיך געקרומט צוליבן הויכן פּרייז וואָס עס נעמט די פאַננאַ סאָלאַ. עטלעכע טעג האָב איך געפירט אַ ברוגז, געוויינט, נישט געוואָלט עסן. בלויז ווען קיינער האָט נישט געזען, האָב איך צוגענומען פון די טעלער קאַרטאָפל, שטיקער ברויט פון שענקעלע אַרויס, געגנבעט עפּל פון קרעדענץ אַרויס. פאַרטרינקען מיט וואַסער. מען האָט מיך נישט געזען עסן, נישט טרינקען.

די מאַמע האָט מיך אָנגעקוקט, געזאָגט מיט אַ טיפן זיפץ:

— אַז זי וויל עפּעס... זאָל אַפילו רעגענען מיט שטיינער, מוז זי עס

אויספירן. בעת זי איז נאָך קיין פינף יאָר נישט אַלט געווען: לערנען, לערנען... זי פרעסט נישט, סיי ווי איז זי איינגעדאַרט, נאָר דאָס לערנען פעלט איר...

— אַ גוווערנאַנטקע וועט זי זיין... — האָט מיט חוזק צוגעגעבן מיין עלטערע און „גוטע״ שוועסטער פּויזשע.

און מיטן זיפצן און אָכצן האָט די מאַמע מסכּים געווען...

— אַ ברירה האָב איך ?... ווי לאַנג קאָן מען אַזוי פאַסטן ?... זי וועט עס חלילה נישט אויסהאַלטן !

כ׳האָב זיך אָנגעהויבן לערנען.

די פאַננאַ סאַלאַ, אַ הויכע, שיינע און איידעלע פריילין, האָט מיך פון אָנהויב באַהאַנדלט מיט חוזק. מיך געהייסן לייענען פון בוך, מאָדנע געשמייכלט...

כ׳האָב זי דערפאַר נישט ליב געהאַט. געווען קענטיק, אַז זי ליידט מיך נישט. שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז איינע פון די מיידלעך, מסתּמא איינע פון מיינע קוזינעס, האָט זיך אויסגעטראַכט, אַז כ׳זאָל האָבן געזאָגט, אַז איך קען בעסער פון דער לערערין. כ׳בין מער געלערנט פון איר...

די לערערין האָט מיר אַ סך מאָל געזאָגט מיט חוזק:

— דו קענסט דאָך בעסער פון מיר...

כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס זי זאָגט עס מיר.

מיר האָבן זיך ביידע נישט ליב געהאַט.

זי איז געווען די בעסטע לערערין, וואָס מיר האָבן ביז אַהער געהאַט.

זי האָט אונדז געלערנט אַ סך זאַכן. אונדז געלערנט מיר זאָלן גריסן צו מענטשן אין גאַס. אָנקלאַפּן ביים אַריינגיין אין אַ פרעמדער שטוב, ווי אַזוי מיר זאָלן זיצן, נישט עסן מיט נישט געוואַשענע הענט, וואַשן די ציין מיט אַ בערשטעלע, פּרוכטן דאַרף מען וואַשן פאַרן עסן. זיצן גלייך.

מיר האָבן מורא געהאַט פאַר איר. ווען זי האָט געקוקט האָבן מיר זיך אויסגעגלייכט.

וואָס מיר איז נישט געפעלן ביי איר, איז איר נאָכקרומען אונדזער ייִדישן אַקצענט ביים רעדן פּויליש. זי האָט זיך געחברט מיט גויִים. האָט נישט ליב געהאַט ייִדיש.

אויף די לעקציעס האָט זי מיט באַגייסטערונג גערעדט נאָר וועגן די פּוילישע העלדן פון דער היסטאָריע. איך האָב געטראַכט אַז זי פאַרשעמט אונדזער תּורה.

זי ווייסט נישט, אַז ס׳זענען געווען יידישע העלדן, אויך יידישע פרויען־העלדינס.

איין מאָל, בעת זי האָט זיך צערעדט וועגן ראַדזשיווילן, זיך באַלעקט פונעם פּוילישן פּאַטריאָטיזם, האָב איך גענומען אַ בוך וואָס איז געלעגן אויפן טיש, געגעבן דערמיט אַ זעץ אין טיש. אַלע האָבן זיך דערשראָקן.

די פּאַננאַ סאַלאַ איז געווען אין כּעס. מיך אַרויסגעשיקט אין דרויסן אַז כ׳זאָל שטיין אַ שעה צייט הינטער דער טיר. בין איך מיר אַהיימגעגאַנגען.

מען האָט אין שטעטל גערעדט וועגן איר, אַז זי איז אַן אַסימילאַטאָרקע. מען רעדט רכילות וועגן איר.

אָבער ווען כ׳האָב איין מאָל געוויינט אויף דער לעקציע, כ׳האָב זיך געהאַט באַליידיקט פון רוזשען, צי סתּם געהאַט חשק צו וויינען — האָט זי מיך אָנגעקוקט אַזוי שיין און צערטלעך, מיך געפרעגט וואָס מיר איז.

— דער קאָפּ טוט מיר ווײ. — האָב איך געזאָגט אַ ליגן.

— גיי אַהיים, לייג זיך אין בעט אַריין, און בעט די מאַמע זי זאָל דיר מעסטן די היץ. כ׳בין אַרויס. זי האָט מיך צוריקגערופן זאָגן: „דאָ ווידזעניאַ״.

אין דער היים האָב איך זיך נישט פאַרענטפערט פאַר מיין מאַמען, זי איז געווען פאַרנומען אין קיך. סיי ווי האָט איר נישט געאַרט, יאָ לערנען, נישט לערנען, בעסער נישט לערנען. מען האָט מיך נישט געפרעגט פאַר וואָס כ׳בין אַהיימגעקומען פון שול.

פאַר נאַכט איז געקומען צו אונדז די לערערין, געפרעגט מיין מאַמען צי כ׳האָב היץ. די מאַמע האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג:

— זי איז דאָך געזונט, דאַנקען גאָט, וואָס איז דען?

כ׳בין אַרויסגעלאָפן אין דרויסן אַ פאַרשעמטע, זיך אונטערגעהערט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ צו דער מאַמעס געשפּרעך מיט דער לערערין. כ׳האָב געהערט:

— כ׳האָב זי היינט באַפרייט פון לערנען, ווייל זי האָט זיך באַקלאָגט אויף קאָפּווייטיק.

— כ׳ווייס גאָרנישט, זי לויפט אַרום ווי תּמיד, מיר גאָרנישט געזאָגט.

כ׳בין אַנטלאָפן, נישט געוואָלט ווייטער הערן. געטראַכט: וואָס וועל איך איר מאָרגן זאָגן, ווען כ׳וועל קומען צו דער לעקציע?...

— כ׳האָב געפילט אַ כּעס צו דער לערערין. פון אַ נאַרישן קאַפּריז, וואָס איז נישט געווען — מאַכט זי אַ גאַנצן צימעס.

מיט בושה און מורא בין מיך צו מאָרגנס געגאַנגען אין שולע. כ׳בין קוים אַריין אין קלאַס האָט מיך די פּאַננאַ סאַלאַ מאָדנע אָנגעקוקט, מיך געפרעגט:

— וויפל היץ האָסטו נעכטן געהאַט?

— ניין און דרייסיק גראַד, — האָב איך געענטפערט.

— אָ, ס׳איז שטאַרק ערנסט... ווער האָט דיר געמאָסטן?

— די מאַמע.

צו מיינע צרות איז זי ווידער געקומען פרעגן דער מאַמען — און ווידער האָט די מאַמע געזאָגט, אַז זי ווייסט פון גאָרנישט, כ׳בין חלילה נישט קראַנק.

ווען צו מאָרגנס האָט מיך ווידער די לערערין געפרעגט וועגן מיין היץ, האָב איך נישט געענטפערט, געווען פאַרשעמט.

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ מאָדנע שמייכעלע. כ׳בין געווען אין כּעס אויף איר. וואָס אַרט זי אַזוי מיין היץ?...

טראָץ אַלעם, פלעגט זי מיך ליבן, אַז כ׳בין אַ פעיִקע שילערין, אַז איך און רויזע דאָברישס לערנען זיך אַמבעסטן.

כאָטש רויזע איז גרעסער און עלטער פון מיר, לערנען מיר זיך תּמיד צוזאַמען. צו רויזען קאָן איך זיך נישט גלייכן. נישט געווען קיין פאַל אַז רויזע זאָל נישט קענען די לעקציע. אירע עלטערן און די גאַנצע משפּחה קאָרעק זענען חסידים, גאָר פרומע, די פרומע רויזע זיצט תּמיד שטיל און רויִק אויף די לעקציעס. זי איז פריינדלעך צו אַלעמען, איז ערנסט.

מיט קיינעם פון אונדז שמועסט זי נישט. זי שמייכלט בלויז. תּמיד טראַכט איך וועגן איר: אַזוי גוט קענען די לעקציע? אַזוי רויִק ענטפערן — און צו דער זאַך? קיין מאָל נישט אַ שטיף טאָן? ס׳איז אי לעכערלעך, אי וווּנדערלעך.

אין איינעם אַ שבת האָט די לערערין פאַר אונדז פאָרגעלייענט פון אַ בוך. בעתן לייענען האָב איך יעדעס מאָל אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. די לע־

רעריך האָט אויף מיר אָנגעשריגן, — איך לאַך צו פיל — זאָגט זי — כאָטש אינעווייניק, אין זיך, בין איך טרויעריק. איך האָב ווייטער געלאַכט. די לערערין האָט מיך געהייסן אַרויסגיין, שטיין הינטער דער טיר.

כ׳בין אויך דאָס מאָל אַהיימגעגאַנגען, נישט געוואָלט שטיין הינטער דער טיר. דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז גאָכן פאַרלייענען איז די לערערין מיט די שילערינס געגאַנגען אין וואַלד אַריין, געשפּילט זיך דאָרט אין אַלערליי שפּילערייען.

כ׳האָב שטאַרק באַדויערט וואָס כ׳בין נישט געווען מיט זיי, געמיינט כ׳וועל קראַנק ווערן פון פאַרדראָס.

אַ יאָר צייט האָב איך זיך ביי איר געלערנט, ביז אין אַ טאָג האָט זי פאָרגעלייענט פאַר אונדז וועגן דער פּוילישער היסטאָריע. זי האָט געלייענט מיט אַ פאַררויטלט פּנים, אַן איבערגענומענע, מיט בלישטשענדיקע אויגן, געלויבט די פּוילישע קיסרים, די גרויסע העלדן, די קעמפער פאַרן פאָטער־לאַנד. „אונדזער פאָטערלאַנד"...

כ׳האָב זיך געדרייט אומרויִק אויפן שטול. זי האָט אויף מיר אָנגעשריגן. כ׳האָב זיך אויפגעהויבן, אָנגעהויבן אַרומגיין אין קלאַס. נישט גענומען אין אַכט איר כּעס, זיך געמאַכט נישט הערן אירע רופן. כ׳האָב זי אָנגעקוקט אַרויסרופעריש...

מיט כּעס האָט זי מיך געהייסן בלייבן נאָך דער לעקציע אין קלאַס. כ׳בין געבליבן. ווען אַלע זענען אַוועק האָט זי אָנגעשריבן אויף אַ זייט אין מיין קאַיעט אַ שורה:

ווייל כ׳בין אַ שלעכט־דערצויגענע און זיך שלעכט אויפגעפירט, וועל איך זיצן צוויי שעה פאַרשפּאַרט.

מיך געהייסן עס איבערשרייבן זעקס מאָל.

— כ׳וועל עס נישט שרייבן, — האָב איך געענטפערט.

— ווי וואַגסטו עס ?!

— כ׳וועל נישט שרייבן.

— שרייב פינף מאָל!

— ניין.

— פיר מאָל!

— גאָרנישט.

— צוויי מאָל!

— ניין.

— איין מאָל, ווען נישט וואַרף איך דיך אַרויס פון שול!

— אפילו מיך אַרויסוואַרפן, מען האָט אונדז שוין אַרויסגעוואָרפן איין מאָל. כ׳וועל נישט שרייבן! — האָב איך געזאָגט קאַטעגאָריש.

זי האָט געציטערט פון כּעס, דערנאָך גערעדט ווייך, אַפּעלירט מיט גוטן:

— שרייב, כ׳וויל זאָלסט זיין אַ מענטש, פיין דערצויגן... דו... דו ביסט אַ פּעיִקע...

— ניין!

זי האָט מיך געהייסן גיין און עפּעס אַזוי שטיל געזאָגט, אַז כ׳זאָל מער נישט קומען.

כ׳בין אַרויס. מער נישט געגאַנגען צו איר לערנען. אַפילו זי נישט באַגריסט אין גאַס.

אין דער היים איז מען געווען צופרידן. מ׳האָט מיך אַפילו נישט געפרעגט פאַר וואָס כ׳לערן נישט. כ׳האָב גאָרנישט דערציילט.

סיי ווי קוקט שוין דער טאַטע זייט אַ לענגערע צייט מיט קרומע בליקן אויף מיין לערנען. ער זאָגט, אַז כ׳קען שוין גענוג:

— אַ „מעדכיע״ דאַרף נישט מער ווי קענען לייענען, שרייבן אַ בריוו און אַ „ביסיע״ רעכענען, מער נישט.

## קאַפּיטל פיר

קיין שלעשין איז געקומען די אינטעליגענטע פאַמיליע קאַנוואַסער, — אויך פון לאָדזש. זייער עלטסטע טאָכטער, אַ לערעריך, האָט אָנגענומען שילער און שילערינס. מיט געוויינען און ברוגזן האָב איך אויסגעפועלט אין דער היים מיך צו שיקן לערנען ביי איר.

איר ברודער, אַ גימנאַזיע-שילער האָט אין שלעשין געגעבן העברעיִשע לעקציעס. זאָלעק האָט מען אים גערופן.

ווען ער איז אַ מאָל אַריינגעקומען צו אונדז האָב איך זיך באַהאַלטן —

און דורך אַ שפּאַלט געקוקט אויף אים. וואָסערער פּרעכטיקער יונגער מאַן!

אַז כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען פאַר אים האָב איך געפילט אַז כ׳ווער שטאַרק רויט. כ׳ווייס נישט פאַר וואָס כ׳האָב אים געהאַלטן פאַר אַן אויסנאַם.

סע האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז קיין מער־געלערנטער איז נישט פאַראַן אויף דער גאַנצער וועלט.

ביי די פאַננאַ גוטשאַ, זיין שוועסטער, האָב איך געמאַכט אַ סך פאַרשריט אין לערנען. מיר האָבן געשפּילט טעאַטער, עטלעכע קאָמעדיקעס, זאַלעק האָט מיטגעשפּילט.

ווען די לערערין איז אויף אַ צייט אַוועקגעפאָרן האָט איר געזאָלט פאַרטרעטן דער ברודער.

איך האָב נישט געוואָלט לערנען ביי אים, כ׳האָב זיך עפּעס געשעמט. ער האָט גערעדט צו מיר שיין, מיך נישט געדוצט, מיר געזאָגט Wy — איר. אין גאַס מיך באַגריסט מיטן אַראָפּנעמען דעם הוט. איך האָב געפילט, אַז כ׳ווער רויט. ער האָט יעדן טאָג באַפוילן אַז ער וועט קומען צו אונדז אין שטוב און מיך לערנען, האָב איך אים צוריק באַפוילן אַז כ׳וועל אַנטלויפן פון שטוב, אויב ער וועט קומען.

איין מאָל האָט ער מיך אָפּגעשטעלט אין גאַס. מיט כּעס מיך געפרעגט פאַר וואָס איך צעטרענצל די צייט און לערן זיך נישט.

— כ׳וויל אַזוי! — האָב איך געענטפערט.

ער איז געווען שטאַרק צודרינגלעך. די מאַמע האָט געוווּסט אַז ער טוט עס צוליב פּרנסה. זיין משפּחה איז געווען אין אַ שלעכטער לאַגע. ס׳איז איר געווען אַ רחמנות, געוואָלט זיי העלפן.

צום סוף בין איך איינגעגאַנגען זיך צו לערנען ביי אים מיטן באַדינג, אַז אויך חיה וועט זיך לערנען צוזאַמען מיט מיר.

כ׳האָב זיך נישט גוט באַצויגן צו אים. איין מאָל האָט ער אויסגערופן:

— כ׳ווער משוגע! כ׳ווער משוגע!

ווען חיה האָט איין מאָל נישט געקענט די לעקציע, האָט ער מיט כּעס זי אָנגערופן: פּענטאַק!

— זי איז נישט קיין פּענטאַק, די לאָדזשער זענען פּענטאַקעס — האָב איך אים געזאָגט.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט בייזקייט. איך האָב אים געקוקט גלייך אין די אויגן. אַלע שילערינס האָבן געלאַכט פון זיין אָנטועכץ: אַ שטאַרק אָפּגע־נוצטן גימנאַזיע־אוניפאָרם, די הויזן מיט לאַטעס. איך האָב מיטגעלאַכט. ס׳איז מיר אָבער באַלד געוואָרן אַ רחמנות אויף אים. כ׳האָב באַדויערט מיין מיטלאַכן, געפילט זיך שולדיק. מעג מען דען חוזק מאַכן פון אַן אָרעמאַן?

כ׳האָב שטאַרק באַדויערט און געליטן דערפון נאָך דעם ווען די משפחה איז אַוועק פון שלעשין.

די גאַנצע משפחה איז אַוועק פריִער, זאַלעק איז געבליבן, געגעבן לעקציעס. ווען זיי האָבן שוין געהאַט אויפגעלאָדנט אויף וועגענער זייערע מעבל און באַגאַזש, זענען מיר, די שילערינס, געקומען זיך געזעגענען.

מיט דער לערערינס שוועסטער העלאַ בין איך געווען ברוגז. זי איז געווען אין מיין עלטער. זי האָט געהאַט אַ קורצן האַלדז האָבן מיר זי גערופן הויקער. מסתמא האָט זי עס דערציילט אין דער היים. כ׳האָב געזען, אַז זיי זענען נישט פריינדלעך צו מיר.

אין טאָג פון זייער אַוועקפאָרן האָבן זיך אַלע מיט איר איבערגעבעטן, אויך איך, אָבער זי איז געבליבן קאַלט צו מיר.

מיר איז געווען אַ שאָד די פאַננאַ גוטשאַ. מיר האָבן זי ליב געהאַט, זי איז געווען גוט צו אונדז, געשאָנקען אונדז איר פאָטאָגראַפיע. זי רעדט מיט אַ זינגעוודיקע שטימע.

ווען כ׳האָב געזען זיי האַלטן ביים אָפּפאָרן האָט מיר געגעבן אַ טיאָכקע אין האַרצן. געטראַכט: וואָס איר געבן? אפשר בלומען?

כ׳בין געלאָפן צו אַנדזשען אין גאָרטן אַריין. ס׳איז שוין געווען טונקל, האָט אַנדזשאַ אָפּגעריסן בלויז עטלעכע בלומען. ווען כ׳בין געקומען צו לויפן מיט די בלומען זענען זיי שוין געזעסן אויפן וואָגן גרייט אַוועקצופאָרן.

כ׳האָב מיין לערערין דערלאַנגט די בלומען. זי האָט מיר געגעבן די האַנט, געזאָגט: דאָ ווידזעניאָ.

בלויז דאָס... אויף די לעקציעס האָט זי אונדז געקושט, געווען האַרציק.

אַ צייט לאַנג האָט מיר געקלינגען אין די אויערן די געזעגענונג, דער: „דאָ ווידזעניאָ". ס׳האָט מיך געוווּנדערט און וויי־געטאָן.

ביז כ׳בין געוואָרן געוואָרן די סיבה פון דער קאַלטער געזעגענונג.

זייערס אַ באַקאַנטער ביזשוטעריע־סוחר האָט זיי אָנגעטרויט צו פאַר־קויפן אין שטוב אַ ביסל צירונג.

ברײַנע, מײַן קוזינע, האָט צוגענומען אַ טייל דערפון, אויך אַ גאָלדן פינגערל איז איר געפעלן, האָט זי עס אַהיימגענומען כּלומרשט צו ווײַזן די עלטערן, זיי וועלן עס קויפן.

ווען זיי האָבן פון ברײַנען געמאָנט צוריק דאָס פינגערל האָט זי געלייקנט אַז זי האָט עס גענומען. זי ווייסט פון גאָרנישט — האָט זי געזאָגט.

זיי האָבן זיך אַרומגעזען, אַז עס פעלט זיי נאָך ביזשוטעריע.

ווען זאָלעק איז געגאַנגען צו מײַן פעטער מאָנען צוריק פון ברײַנען אויך דאָס פינגערל וואָס זי האָט גענומען צו קויפן — האָט ברײַנע אַלץ געלייקנט. זי האָט גאָרנישט גענומען. די עלטערן פון דער לערערין האָבן געשריבן אַ בריוו, זיך געבעטן — און גאָרנישט.

זאָלעק איז אַוועקגעפאָרן פון שלעזיען אַ פאַרביטערטער.

איך האָב געזען ביי ברײַנען פינגערלעך און בראַנזאָלעטלעך. זי האָט מיר אָנגעבאָטן כ׳זאָל קויפן ביי איר. פון וואַנען זאָל איך נעמען געלט? גנבענען אין דער היים? איך דאַרף עס נישט.

זי האָט מיר געזאָגט אַז זי קויפט די זאַכן אין קאָנין.

ברײַנע האָט ליב צו האַנדלען. כ׳האָב איין מאָל געוואָלט ביי איר קויפן צוקערלעך איז זי אַוועק מיט מיר אין אַ קראָם, געקויפט צוקערלעך און פאַרקויפט זיי מיר מיט פאַרדינסט.

כ׳האָב געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ נאַרישע, כ׳פאַרשטיי נישט — און געקויפט זיי פון איר. ס׳איז געווען מיר אַ רחמנות אויף איר, זאָל זי האָבן דאָס פאַרגעניגן...

כ׳האָב ביי איר געקויפט ווערטלאָזע זאַכן פאַר גראָשנס. מער געלט האָב איך נישט געהאַט.

און זי, אַבי האַנדלען. סיי ווי האָבן איר די פאַרקויפטע זאַכן גאָרנישט געקאָסט. זי האָט זיי ערגעץ געגנבעט. כ׳געדענק בעת מיר זענען נאָך געווען קינדער און מיר זענען צוזאַמען געגאַנגען זיך שפּילן מיט אַנדערע קינדער — פלעגט זי צונעמען זייערע פּופּעס און אַנדערע זאַכן, וואָס זי האָט געזען אַז זי קאָן זיי צונעמען.

די מאַמע דערציילט, אַז ווען זי איז נאָך געזעסן אויפֿן נאַכט־טעפּל האָט זי שוין געגנבֿעט.

צו אונדז אין געוועלב אַריין קומט זי העלפֿן כּלומרשט מאַכן אָרדענונג און נעמט צו וואָס עס לאָזט זיך. הינטער די שופֿלאָדן אין קראָם האָב איך ליגן אין אַ שאַכטעלע מײַנע באַשריבענע פּאַפּירן. אויך זיי פֿאַרשווינדן ווען זי קומט מאַכן „אָרדענונג״. איך דערצייל עס קיינעם נישט.

פֿון פּערלען און בריינען האָב איך תּמיד און נאָך איצטער צרות. פּערל איז נישט קיין שלעכטע, כ׳האָב זי אַפֿילו ליב. דאָך, טאָמער לויבט מען מיך אַז איך לערן זיך גוט, שפּרינגען ביידע אַרײַן אין די רייד, זיי זאָגן אַז כ׳בין שוין אַלט, דעריבער לערן איך זיך גוט. זיי לייגן מיר צו יאָרן. תּמיד האַלטן זיי אין איין טענהן, אַז כ׳בין שוין אַלט.

בריינע איז עלטער פֿון מיר. איך בין אין איין עלטער מיט פּערלען — זי ווייסט עס. זיי טראַכטן אויס ליגנס וועגן מיר.

איין מאָל האָט זיך מיר פֿאַרגלוסט געבן אַ בוקעט בלומען די לערערין אַנקאַ וועלכע איז אַהערגעקומען פֿון לאָדזש אויף זומער־וווינונג — און דורכן זומער געלערנט מיט רויזען, מיט מײַנע קוזינעס און מיט מיר.

כ׳האָב געטראָפֿן פּערלען אין גאַס, איז זי מיט מיר מיטגעגאַנגען נאָך די בלומען צו אַנדזשען דער גערטנערין. ביידע האָבן מיר באַקומען שיינע בוקעטן בלומען. אַנדזשע גיט זיי בחינם.

ביים אַרײַנגאַנג צו דער לערערין האָט פּערל ביי מיר אַרויסגעריסן פֿון האַנט מײַן בוקעט, דערלאַנגט דער לערערין ביידע בוקעטן. געזאָגט דער לערערין אַז ביידע זענען אירע. כ׳בין געבליבן ווי שטום.

די לערערין האָט פּערלען געקושט, איר געדאַנקט פֿאַר די בלומען.

זיי נעמען צו געלט פֿון זייער שטוב. איין מאָל האָבן זיי צעשלאָגן דאָס דינסט־מיידל, זאָגנדיק, אַז זי האָט געגנבֿעט דאָס געלט וואָס כ׳האָב געוווּסט אויף זיכער אַז פּערל האָט עס גענומען. זיי קויפֿן זיך שיינע טיכלעך און אַ סך נאַשווואַרג. די מאַמע פֿרעגט זיי נישט פֿון וואַנען זיי האָבן עס.

פּערל האָט מיך גערופֿן מיטצוגיין צו די קרעמערקע קאָטלאָווסקאַ אײַנצוקויפֿן אַלערליי נאַשווואַרג. זי האָט עס גענומען אויף באָרג פֿאַר איר מאַמע. די מאַמע וועט עס באַצאָלן — האָט זי געזאָגט.

ווען נאָך אַ צייט איז די קרעמערקע געגאַנגען צו דער מומע־נעכע מאָנען דעם חוב פאַר דעם זיסוואַרג — האָבן מיינע קוזינעס געזאָגט אַז עס איז געווען פאַר מיר, נישט פאַר זיי...

ווען כ׳בין אַריינגעקומען צו דער מומע האָט זי מיך שטאַרק געזידלט און אָנגעשריגן מיט כּעס אויף מיר.

ווען כ׳האָב קוים געעפנט דאָס מויל, געוואָלט זאָגן דעם אמת, אַז נישט איך האָב געקויפט דאָס זיסוואַרג — האָב איך באַקומען אַ שטאַרקן קניפּ אין אָרעם פון בריינען. ביידע קוזינעס האָבן מיך אָנגעקוקט דראָענדיק. כ׳האָב געשוויגן.

אַזוי שווייג איך און אין מיינע אויגן גנבענען זיי ביי אונדז.

ביי מיין מאַמען וואָלט עס נישט געשען, אַז די קינדער זאָלן האָבן זאַכן און זי זאָל נישט וויסן פון וואַנען. מיט איין בליק וויסט זי אַלץ.

די מאַמע האַלט נישט פון דער מומע־נעכע. כ׳האָב געהערט ווי זי האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז די מומע איז אַ קו.

מיר געפעלט יאָ די מומע. זי איז אַ רויִקע, האָט אַ פול און שיין פּנים. זי זיצט און שאָקלט זיך לייכט ביים שיילן קאַרטאָפל אין אַן עמער אַריין. אַזוי רויִק, לייכט שאָקלט זי זיך שבת ביים לייענען דאָס טייטש־חומש.

כ׳האָב געהערט ווי די מאַמע האָט געזאָגט, אַז דער פעטער פּיעשטשעט די מומע. זי עסט זיך גוט אָן ווען דער פעטער איז נישט אין דער היים. ווען דער פעטער קומט אַהיים, מאַכט זי דעם אָנשטעל, אַז זי עסט נישט. זי וויל דער פעטער זאָל זי פּיעשטשען. און טאַקע, דער פעטער צווינגט איר זי זאָל עסן. עסט זי נאָך אַ מאָל. דערפאַר איז זי דיק, די מומע.

דער פעטער שיקט די מומע קיין טשעכאָטשינעק אין די בעדער. די מאַמע איז מער קראַנק ווי די מומע און דער טאַטע שיקט זי נישט אין די בעדער.

דער טאַטע איז אַ סקנער, גיט נישט דער מאַמען גענוג געלט פאַר דער שטוב. כ׳האָב אַ סך מאָל געזען ווי די מאַמע זוכט ביי נאַכט אין די קעשענעס פון טאַטנס אָנטועכץ, נעמט אַרויס געלט פון זיי.

*

ס׳איז געקומען אַ לערער אין שטעטל אַריין.

און ווידער האָט מען מיר נישט דערלויבט זיך צו לערנען. דער טאַטע

האָט געזאָגט, אַז איך קען שוין צו פיל — אַזאַ גרויסע מויד און וויל נאָך אַלץ לערנען...

פון די כּסדרדיקע איבעררייסן אין לערנען ווער איך היינטערשטעליק, אָבער אויף קיין איין טאָג לאָז איך נישט אַרויס די ביכער פון האַנט.

ביניש האָט מיר אַ סך געהאָלפן, ער האָט געזאָגט אין דער היים, אַז די לערע קאָסט ווייניקער. יעדן חודש האָט ער מיר דערלייגט געלט צו באַצאָלן דעם לערער.

מיין ברודער, ביניש, איז אַ קלוגער. ער באַנוצט אָפט ביים רעדן שאַרפע און בייסיקע ווערטער. ער שרייבט אויך אויף פּאַפּירלעך, ווי איך, אָבער אַנדערש — ער שרייבט נישט וועגן זיך. איין מאָל האָב איך געלייענט וואָס ער האָט געשריבן. כ'האָב געשטוינט, פּונקט ווי כ'וואָלט עס געלייענט אין אַ בוך. אויך וואָלף פלעגט שרייבן. נאָך זיין אַוועק קיין דייטשלאַנד האָב איך געפינען אויפן בוידעם זיינע באַשריבענע פּאַפּירן. געווען האַרציקע פּאָעזיע. כ'האָב זיי געלייענט מיט אַנטציקונג, געקושט זיי, די לידער.

ביי דעם לערער האָבן מיר אַ סך געלערנט און צוזאַמען מיט יינגלעך. געווען אַ שטרענגער. פאַר דער מינדסטער זאַך, וואָס איז אים נישט געפעלן, האָט ער אונדז געהאַקט איבער די הענט מיט אַ לאַפּע. די הענט זענען דערפון געוואָרן צונטער־רויט.

מיר האָבן אים כּסדר אָבסערווירט ווי ער האַלט אין איין קוקן צו דער פאָטאָגראַפיע אויף דער וואַנט. די פאָטאָגראַפיע איז געווען אַרומגערעמט מיט אַ שוואַרצן באַנד. געווען אַ גרויסע פאָטאָגראַפיע פון אַ שיין מיידל.

ווען מיר זענען געקומען צו אים אין שטוב אַריין צו דער לעקציע, האָבן מיר אים געטראָפן שטיין נעבן דער פאָטאָגראַפיע. ער לערנט און קוקט אַהין. בלויז ווען ער דערלאַנגט מיט דער לאַפּע אין האַנט אַריין קוקט ער נישט אַהין. דאָס מיידל פון דער פאָטאָגראַפיע איז געווען זיין כּלה. האַרט פאַר זייער חתונה איז זי געשטאָרבן.

ער זעט ווי מיר קוקן זיך איבער פון זיינע בליקן אַהין. ער ווערט טרויעריק, ערנסט. ער איז תּמיד געווען ערנסט, קיין געלעכטער, קיין וויץ, ווי ביי אַנדערע לערער.

איין מאָל, ביי נאַכט, איז ער פאַרשווינדן פון שטעטל. מען האָט געזאָגט,

אַז ער האָט באַקומען דראָונגען פון גויים, אַז זיי וועלן אים דערהרגענען ווייל ער אָרגאַניזירט פּאָליטיש די ייִדישע יוגנט. געווען אַ ליגן.

כ'האָב זיך אָנגעהויבן לערנען ביי אַ לערערין פון דער פאָלקסשול. די לעקציעס זענען געווען אין אָוונט אין דער שול. דער טאַטע האָט נישט געוווּסט פון מיין לערנען. דאָס לערנען איז מיר אָנגעקומען מיט מאַטערניש.

חיהן האָב איך געבעטן אַז זי זאָל כּלומרשט בעטן מיין הילף ביים מאַכן די לעקציעס. אַזויערנאָך האָב איך געמאַכט מיינע לעקציעס.

חיה איז יונגער פאַר מיר מיט צוויי יאָר. זי איז געווען אַ פיזיש שוואַכע, האָט זי זיך אָנגעהויבן לערנען שפּעטער. איך האָב געלערנט חיהן, אויך יצחקן, דאָס קינד. ער איז דער ייִנגסטער, רופן מיר אים אין שטוב אַזוי.

חיה האָט געמוזט אַריינקומען צו דער לעקציע מיט בייגן זיך פאַר מיר מיט אַ קניקס ווי פאַר אַ לערערין און מיר זאָגן: „דז'יען דאָברי" (גוט מאָרגן). אַנדערש האָב איך נישט געוואָלט. ווען זי האָט דאָס פאַרגעסן צו טאָן, האָב איך זי אַרויסגעשיקט צוריק. חיהן האָבן מיר אַלע ליב, זי איז אַ שטילע און אַ גוטע. מיר קריגן זיך קיין מאָל נישט. פון איר פאַרלאַנגט נישט די מאַמע אַזוי פיל פרומקייט ווי פון מיר. אפשר דערפאַר, ווייל זי איז געווען אַ שוואַכע.

וועגן איר דערציילט די מאַמע גאַנצע מעשׂיות, אויך וועגן איר געבוירן ווערן: ס'איז געווען אין אַ מאַרקטאָג. אַלע באַקאַנטע פּויערים און פּויערטעס האָבן געוווּסט, אַז די מאַמע גייט שווער צום קינד. געבוירן האָט זי צום סוף אַ צווילינג: דאָס ייִנגעלע, גרויס און שיין, איז געווען טויט. און חיה, זאָל לעבן, איז געווען גאָר אַ פּיצלס. אויפן טיש איז געלעגן אַ מעסער וואָס די הייבאַם האָט פריִער גענוצט צו עפּעס. איז דאָס קינד פּונקט אַזוי גרויס געווען ווי דאָס מעסער. ס'האָט נישט געוויינט. מ'האָט עס צו ביסלעך געגאָסן טרינקעכץ אין מיילכל אַריין. ביז איין מאָל איז דאָס קינד ליגן-געבליבן ווי פאַרן סוף. סע האָט שוין נישט געשלונגען קיין טרינקעכץ.

די מאַמע איז געלאָפן רופן דעם דאָקטער. דער דאָקטער האָט אָנגעקוקט דאָס קינד, געטאָן אַ מאַך מיט די הענט, געזאָגט צו דער מאַמע:

— די פּאַני האָט אַזוי פיל לעבעדיקע קינדער... לאָזט צו רו דאָס קינד, לאָזט עס רויִק שטאַרבן.

די מאַמע האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ טוך, געלאָפן צום רב מיט אַ געוויין, ער זאָל ראַטעווען דאָס קינד.

דער רב האָט מיט ציטערדיקע הענט געגומען אַ ספר, געזוכט דעריך, געבלעטערט, און געהייסן נעמען די מאַמע אַ קאָפּ־האָן, לאָזן אים שעכטן און פון קאַם אַריינשפריצן בלוט אין מיילעכל פון קינד.

די מאַמע האָט עס געטאָן. דאָס קינד האָט אָנגעהויבן שלינגען דאָס בלוט. אַזוי האָט עס די מאַמע איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. דאָס קינד האָט באַקומען אַ ראָזע פּנימל, געקומען צו זיך, געהאַלטן זיך שוואַך און, ברוך השם, אויסגעוואַקסן.

די מאַמע דערציילט עס מיט טרערן אין די אויגן. זי איז באַזונדערס גוט צו חיהן, און חיה איז אויך טאַקע אַ גוטע.

זי איז דאָך אַ שטילע, נאָר ווען אַ פרעמדער האָט גענומען יצחקן אויף די הענט, האָט זי שטאַרק געוויינט. אַ סך מאָל האָבן זיך פרעמדע געדרייצט מיט איר, גענומען דאָס קינד, געוואָלט זען ווי זי ברעכט אויס אין אַ געוויין. זי האָט אַפילו געחלשט.

די מאַמע רעדט אויך אָפּט מיט טרויער וועגן אַ קינד, אַ מיידעלע פון קנאַפּע צוויי יאָר ווען ס׳איז געשטאָרבן. די מאַמע דערציילט ווי קלוג, שיין און געראָטן ס׳איז געווען. ווי דער טאַטע האָט עס באַזונדערס ליב געהאַט, געקויפט איר אַ שנור רויטע קרעלן. מיר האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן נאָך איר, ווען כ׳בין מיט יאָרן שפּעטער געבוירן געוואָרן.

זייט איך געדענק דערמאָנט די מאַמע דעם קינדס געבורטסטאָג מיט געוויין, און זאָגט ווי אַלט זי וואָלט געוואָרן אין דעם טאָג ווען זי וואָלט געלעבט.

איך טראַכט אָפט, אַז דער טאַטע איז אין כעס אויף מיר דערפאַר, ווייל איך טראָג דעם נאָמען פון יענעם קינד און כ׳בין נישט אַזוי שיין, קלוג און געראָטן ווי יענע.

אויך דערציילט די מאַמע וועגן נחומען, ווי אַזוי ס׳איז געקומען דערצו ער זאָל באַקומען דעם נאָמען נחום.

זי דערציילט, אַז ווען זי איז געלעגן אין קימפּעט מיט אים, אין אַ נאַכט, ווען זי איז קוים געהאַט איינגעשלאָפן — האָט זי בפירוש געהערט ווי עס

עפנט זיך די טיר און ס׳איז אַריין דער פאַרשטאָרבענער פעטער נחום. מיט כּעס און דראָונג האָט ער אויסגערופן צו ד׳ער מאַמען:

— ווּעסט נאָך אַלץ נישט אַ נאָמען געבן נאָך מיר?!

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט שרעק, אויפגעוועקט דעם טאַטן, רופנדיק:

— דוד, נחום! נחום! דאָס קינד וועט הייסן נחום!

זי האָט שוין נישט געקאָנט איינשלאָפן פאַר פּחד, ווייל פאַר נחומען זענען איר געשטאָרבן צוויי יינגלעך. מסתּמא, ווייל מ׳האָט זיי נישט געגעבן דעם פעטערס נאָמען.

בייניש שמייכלט, ווי זיין שטייגער, האַלב אין שפּאַס: — אויב די טויטע קומען צו חלום מיט כּעס, און ס׳גייט זיי אַזוי אין לעבן צו האָבן נאָך זיך אַ נאָמען, — אַ סימן, אַז זיי זענען אויף יענער וועלט אויך נישט גליקלעך; עס פעלט זיי דאָרט עפּעס. זייער דראָען מיט שטאַרבן איז אויך אַ סימן אַז לעבן איז בעסער פון טויט...

די מאַמע קוקט אויף אים אַ נישט־צופרידענע, זי קנייטשט דעם שטערן און זאָגט:

— וואָס פאַרשטייט עך...

## קאַפּיטל פינף

די משפּחה רונדבאַקן האָט געברענגט פאַר די קינדער אַ פּריוואַטן לערער. מיט זיין קומען האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפלעבונג ביי דער יוגנט פון שטעטל.

דער הויכער, שיינער און עלעגאַנטער לערער, בורשטין, האָט געהאַלטן רעדעס. די אינטעליגענץ פון שטעטל וועלכע האָט געגרינדעט די ביבליאָטעק, איז געוואָרן אַקטיוו. אויסער די רעפעראַטן זענען אויך פאָרגעקומען קעסטל־אָוונטן. דאָס לעבן איז געוואָרן שענער און אינטערעסאַנטער.

כ׳בין געגאַנגען הערן די רעפעראַטן. אויף די קעסטל־אָוונטן האָב איך אַריינגעלייגט קוויטלעך אין קעסטעלע. אין די קוויטלעך האָב איך אַמייסטן

באַרירט די טעמע: וואָס טאָן ווען עלטערן שטערן קינדער זיך צו לערנען?

איין מאָל האָב איך אָנגעשריבן: נידער מיט דער פינצטערניש! אַלע האָבן געפּאַטשט בראַוואָ. און רחל, מיין קוזינע, האָט עפּנטלעך געזאָגט פאַר אַלעמען אַז דאָס האָט זי עס אָנגעשריבן. איך האָב זיך געשעמט צו רעאַגירן, האָב איך עס פאַרשוויגן.

געווען אויך קוויטלעך נאַרישע ווי: פאַר וואָס קרייט אַ האָן? פאַר וואָס איז היינט קאַלט? — און אַנדערע נאַרישקייטן.

די רעפעראַטן פון בורשטינען זענען געווען באַלערנדיקע. גערעדט האָט ער וועגן תּלמוד, וועגן שרייבער, וועגן נאַטור־וויסנשאַפט.

די עלטערן האָבן זיך געבונטעוועט קעגן דער אינטעליגענץ, קעגן דער ביבליאָטעק, אַז זיי פירן אַראָפּ די קינדער פון גלייכן וועג, זיי פירן צו אַפּיקורסות. מ'האָט דערציילט, אַז דער רב מיט עטלעכע בעלי־בתים גרייטן זיך גיין אין ביבליאָטעק צערייסן די ביכער. עס וועט זיין אויס ביבליאָטעק. כ'האָב זיך שטאַרק דערשראָקן.

ס'איז דערצו נישט דערגאַנגען. די יוגנט האָט געפּלאַנט פאַרהענגען די פענצטער, עפענען דעם קעלער, אַז ביים אַריינקום זאָלן זיי פאַלן אין קעלער אַריין.

מסתּמא זענען זיי געוווּיר געוואָרן דערוועגן און זיך דערשראָקן.

אַרום דער געגרייטער טעאַטער־פאָרשטעלונג זענען געווען סקאַנדאַלן. די עלטערן פון די שפּילער זענען געווען קעגן שפּילן טעאַטער. דעם שמשס זון, דוד, אַ לאַנג־געקליידעטער, איידעלער בחור איז פון די אינטעליגענטן אין שטעטל. ער האָט זיך געגרייט שפּילן די הויפּט־ראָלע אין „גאָט, מענטש און טייוול". צו דער פאָרשטעלונג האָבן אים די חברים אַרויסגעגנבעט פון שטוב און אים אַריינגעפירט הינטער די קוליסן אין אַ פאַרמאַכטן גרויסן קאָרב. און טראָץ די פּראָטעסטן פון די עלטערן איז געוואָרן געשפּילט טעאַטער.

ווען איך גיי אַרויס פון דער ביבליאָטעק מיט אַ בוך טרעף איך אָפּט זיצן אברהם פאַלעקן אויף אַ באַנק נעבן זיין וווינונג. ער שרייט צו מיר:

— וואַרף עס אַוועק! וואַרף עס אַוועק אין מיסט אַריין! ס'איז טרייף־פּסול!

איך ענטפער נישט.

ווען איך לייען אַ בוך און דער טאַטע קומט אַריין באַהאַלט איך עס. ער האָט מיר שוין צעריסן אַ בוך און דווקא אַ געבאָרגטס. כ׳האָב עס געמוזט אָפּקויפן און צוריקגעבן. ווי אַזוי וועלן זיי לאָזן כ׳זאָל זיך נאָך לערנען?...

פּלוצלינג, וואָס פאַר אַ גליק! וואָס פאַר אַ פרייד!

רונדבאַקענס טאָכטער, יעטקע, איז געקומען צו אונדז אין שטוב, געזאָגט אַז דער לערער בורשטין קאָן אָננעמען נאָך אַ לעקציע — ער איז גרייט צו לערנען מיך מיט חינם.

די מאַמע איז געווען פאַרטאָן אין קיך, זי האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אומרויִק, אַ לעפל איז איר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. זי האָט געקנייטשט דעם שטערן און ווי מיט אַ האַלב־מויל געפרעגט דעם פּרייז.

כ׳בין אַרויס אין דרויסן, געביסן אין מויל אַ טאַשנטיכעלע, אַריינגעקוקט דורכן פענצטער. כ׳בין געווען שטאַרק אויפגערעגט. געזען ווי די מאַמע דינגט זיך מיט איר, זי רעדט מיט יעטקען נישט גערן, מיט אַ פאַרכמורעט פּנים. כ׳בין קוים איינגעשטאַנען אויפן אָרט.

ווען יעטקאַ איז אַרויס האָב איך צוגעלייגט דאָס טיכעלע צו די אויגן זי זאָל מיינען אַז איך וויין. אפשר וועט זי רחמנות האָבן אויף מיר און נישט רעכענען זיך מיטן פּרייז, נאָכגעבן דער מאַמען.

קוים וואָס כ׳האָב צוגעלייגט דאָס טיכעלע צו די אויגן — האָב איך עס אַוועקגענומען מיט עקל, זיך פאַרשעמט פאַר מיין פאַלשקייט. כ׳האָב געפרעגט די פאַננאַ יעטקאַ דעם רעזולטאַט פון דער דינגעניש מיט דער מאַמען.

— דיין מאַמע באַשטייט נישט אויפן פּרייז.

כ׳בין אַריין מיטן געדאַנק זיך אויסצוטענהן מיט דער מאַמען. כ׳האָב געטראָפן חיהן וויינען. זי וויל זיך לערנען. כ׳האָב אָנגעהויבן בעטן דער מאַמען. דער טאַטע איז נישט געווען אין שטוב, קאָן מען רעדן וועגן די זאַכן. די מאַמע האָט נאָכגעגעבן צוליב חיהן. חיה דאַרף זיך נאָך לערנען.

מיט געדרירטקייט און טרערן בין איך געגאַנגען רעדן מיטן לערער.

פויזשע האָט אָנגעהויבן פּראָטעסטירן פאַר וואָס די מאַמע דערלויבט מיר „נאָך“ לערנען. — צי וועט זי ווערן אַ גוווערנאַנטקע? — האָט זי געפרעגט.

די מאַמע האָט געזיפּצט, געזאָגט ווי תמיד: — אַז זי וויל עפּעס... מעג רעגענען מיט שטיינער...

*

מיין שוועסטער פויזשע איז עלטער פון מיר מיט דרייצן יאָר. זי איז געווען די איינציקע טאָכטער צווישן זעקס זין ביז איך בין געבוירן געוואָרן. געווען מער קינדער ביי אונדז. די מאַמע האָט געבוירן צען זין און פיר טעכטער. געבליבן זענען מיר צען קינדער, זיבן זין און דריי טעכטער.

פויזשע איז שלעכט צו מיר, איך פאַרטראַג זי טייל מאָל נישט.

זי האָט מיר דערציילט, אַז ווען כ׳בין געבוירן געוואָרן איז זי אַרויף אויפן בוידעם און געוויינט, ווייל ס׳איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ מיידל. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט געוויינט, ווייל אַ מיידל ליידט אין לעבן, און איך וועל אויך ליידן. אַלט-זייענדיק אַכט יאָר האָט זי שוין אָנגעהויבן העלפן אין דער שטוב-אַרבעט.

פויזשע איז אַ דיקלעכע מיט אַ רונדיק שיין פּנים. זי האָט שוואַרצע אויגן און האַלב-געקרייזלטע האָר. איר גאַנג איז נישט שיין, אַ ביסעלע ברייטלעך. זי זיצט אַ סך אין שטוב, צי אַ מידע פון אַרבעט, ליגט זי אויפן בעט. זי איז כּמעט די גאַנצע באַלעבאָסטע, ווייל די מאַמע איז אַ שוואַכע און קרענקט אָפט.

זי איז אַ גוטע טאָכטער צו מיינע עלטערן, פירט זיך אַזוי ווי זיי ווילן. זי איז סטאַטעטשנע ווי עס געהערט צו זיין — זאָגט מען וועגן איר.

מיט די ברידער קריגט זי זיך אָפט. זיי שניידן אַ סך פון ברויט, שפּילן דרויסן אין באַלעם, קומען אַלע מאָל אַריין שניידן פון ברויט, כאַפּן עסן פון די טעלער, זיי פאַרבלאָטיקן די פּאָלן. זי רוימט, קאָכט — און זשאַלעוועט אונדז אָפט עסן.

דער טאַטע לעבט בשלום מיט איר. אויף מיר קוקט ער קרומלעך. ער זאָגט, אַז איך טויג צו גאָרנישט, אַפילו נישט די קאַץ פון אויוון אַרויסצו־טרייבן.

פויזשע קוקט אויך אויף מיר קרומלעך, אָבער ווען איך עס עפּעס וואָס ס׳שמעקט איר, פלייש, צי אָנגעפּילטע קישקע — שטרעקט זי אויס די האַנט צו מיר:

— מינע, מינע טאַבעכיער.

נישט גערן, אָבער פאַר מורא וועגן — גיב איך איר אַ שטיקל.

זי רופט מיך מיט צונעמען און מסרט מיך פאַר טאַטע־מאַמע. זי וויל אַז כ׳זאָל אַרבעטן אין שטוב פונקט ווי זי. איך וויל נישט, ווייל זי רעדט צו מיר מיט בייזקייט. קיין גלייך וואָרט באַקום איך נישט פון איר: שלוכנע מערוויצע — רופט זי מיך.

— און דו, וואָס ביסט? — ענטפער איך. און כ׳האָב מורא זי צו רופן מיט צונעמען. בלויז ווען כ׳בין שטאַרק אין כּעס זאָג איך איר: „מאָשקו" — פון דעם וואָרט ווערט זי שטאַרק אַנגעצונדן. דאָס איז מיין נקמה. און דער נאָמען „מאָשקו" איז פון אירס אַ ליבע.

ווען כ׳בין נאָך געווען קליין, האָט דער טאַטע געפירט אַ שניידעריי, געהאַלטן געזעלן. איינער פון זיי האָט געהייסן מענדל, פאַרצויגן: מאַקס. מיט אים האָט פּויזשע געפירט אַ ליבע. די עלטערן האָבן נישט דערלויבט צום שידוך, ווייל ער איז נישט געווען פרום. ער איז געווען פון „בונד", אַן אַחדותניק, אַ רעוואָלוציאָנער — אַזוי האָט מען גערעדט אין שטוב וועגן אים.

די פרומע פּויזשע האָט ליב געהאַט דעם אַפּיקורס.

כ׳האָב אַ מאָל געזען, ווען כ׳בין געווען קראַנק, געלעגן אין בעט און קיינער איז נישט געווען אין שטוב — אַלע זענען געהאַט אַרויס צום קראַנקן פערד — האָט מענדל גענומען פּויזשען קושן. זי האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך, געזאָגט:

— באַנדיט, גיי־אַוועק, מען טאָר נישט, ס׳איז נישט שיין.

דאָך האָט ער זי געזעצט ביי זיך אויף די קני און זי געקושט. זי האָט זיך כּלומרשט געווערט — נאָר געלאָזט זיך קושן.

כ׳האָב זיך געמאַכט שלאָפן. ווען עס האָבן זיך דערהערט די טריט פון דרויסן האָבן זיךביידע אויפגעריסן פון בעט, זי איז אַריין אין קיך און ער איז צו צו דער ניימאַשין, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען.

מען האָט אים פאַרטריבן פון אונדזער שטוב. ער איז אַוועק. דערנאָך איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. געשריבן פּויזשען בריוו, איר געוואָלט שיקן אַ שיפסקאַרטע. אין שטוב האָט מען אָפּגענומען פון בריווטרעגער די בריוו.

די עלטערן האָבן זיי באַהאַלטן, נישט געוויזן זיי פּויזשען. זי האָט אַפילו נישט געוווּסט אַז ער שרייבט צו איר.

די מאַמע האָט געזאָגט: „אַמעריקע איז ווייט, אפשר אויף יענער זייט סמבטיון. וואָס וועט זי אַהינפאָרן?" כאָטש אַ סך פאָרן אַהין און מען שאַרט דאָרטן געלט אין די גאַסן.

האָדעס, אונדזער שכנה, האָט פאַרגעלייענט די בריוו פאַר טאַטע־מאַמע, ווען פּויזשע איז נישט געווען אין דער היים, ווען זי איז געגאַנגען עפּעס איינקויפן פאַר דער שטוב.

אין דער היים האָט מען געחוזקט, ווייל פּויזשע האָט אים, מענדלען, געהאַט גערופן מאָשקו און ער זי — פּעליציאַ. פון דאַנען דער צונאָמען פאַר פּויזשען „מאָשקו". עס טוט איר וויי ווען מען רופט זי מיט דעם צונאָמען.

צווישן האָדעסן און אונדזער פלעמל איז אויך געווען אַ ליבע־געשיכטע. האָדעס, אַ הויכע, מיט העלע געקרייזלטע האָר און בלויע אויגן, אַ שניידערין, איז געווען ביי אונדז אין דער היים ווי אַן אייגענע, ווי זי וואָלט געווען דער מאַמעס טאָכטער. ווען די מאַמע האָט געקויפט פאַר עמעצן פון אונדז אַנטור־עכץ, צי סחורה, האָט זי אונדז געשיקט רופן האָדעסן, געפרעגט איר מבינות. טאָמער עפּעס אַ גוט מאכל, האָט זי געשיקט רופן האָדעסן.

ווען די מאַמע איז קראַנק, זיצט האָדעס אויפן בעט נעבן איר, טוט איר אויס דאָס קאָפּ־טיכל, קעמט איר די האָר, פאַרריכט דאָס בעט, דערלאַנגט איר די רפואות. אַלע האָבן מיר געוווּסט, אַז זי פירט אַ ליבע מיט מיין ברודער פלעמל. זי איז געווען אין איין עלטער מיט אים, אַפילו געבוירן אין דעם זעלבן חודש. ווען פלעמל איז געווען אין מיליטער, פיר יאָר אין קאַווקאַז — האָט זי געוואַרט אויף אים.

ווען ער איז אַהיימגעקומען פון מיליטער האָט ער נישט געוואָלט זיך ליבן מער מיט האָדעסן. ער איז אַוועק קיין דייטשלאַנד, געווען עטלעכע יאָר אין גנעזן, אַפילו נישט געשריבן צו האָדעסן קיין בריוו.

כ'געדענק:

ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב איז האָדעס צוגעגאַנגען צום איינגעמויערטן אין דער וואַנט שענקל און געזוכט פלעמלס בריוו. געפינען אַ בריוו, אים געשטופּט זיך אין בוזעם אַריין און אַהיימגעגאַנגען.

זי פלעגט מיך נעמען צו זיך אַהיים, מיר געבן אַ צוקערל, פרעגן מיך וואָס פלעמל שרייבט.

— פלעמל שרייבט אַז ער וועט חתונה האָבן מיט האָדעסן, אַלע זאָגן, די מאַמע, דער טאַטע, מאַנעס, בייניש, אַלע, אַז פלעמל וועט חתונה האָבן מיט האָדעסן. — איך האָב זיך צו איר געחנפעט מיט אַ ליגן, און זי, אַ גליקלעכע, האָט מיר געגעבן נאָך אַ צוקערל. דאָס האָט זיך אָפט איבערגעחזרט.

ער איז אַהיימגעקומען פון דייטשלאַנד אַן עלעגאַנטער. כאָטש פלעמל איז תּמיד געווען אַ שיינער יונגער מאַן, איז ער נאָך שענער געוואָרן.

סע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער היים אַן אַמפּערניש איבער האָדעסן. די עלטערן און אַפילו מאַנעס — האָבן פון אים פאַרלאַנגט אַז ער זאָל חתונה האָבן מיט איר, ווייל ביידע זענען שוין ראוי לחופּה. אירע ברידער און שוועסטער האָבן געוואָלט אַז האָדעס זאָל חתונה האָבן. מען האָט איר גערעדט שידוכים אָבער זי האָט זיך איינגעעקשנט, נאָר מיט פלעמלען וועט זי חתונה האָבן. אַז מען וועט זי בייטן חתונה האָבן מיט אַ צווייטן וועט זי גיין טרינקען־זיך אין יעזיאָר.

די מאַמע און די גאַנצע משפּחה האָבן געטענהט מיט פלעמלען. ער האָט נישט געוואָלט הערן אפילו. ער וויל מיט האָדעסן נישט חתונה האָבן.

אין אַ שבת אויף דער נאַכט איז צו אונדז אַריין האָדעסעס אַ ברודער פון קאָלאָ און אַ שוועסטער. מסתּמא האָט די מאַמע געוווּסט וועגן זייער קומען צו אונדז, ווייל איידער זיי זענען אַריינגעקומען האָט זי זיך אַן אומרויִקע געפּאָרעט מיט צוגרייטן לעקעך און ווײַן.

אָבער פלעמל, אַ ברוגזער און אויפגערעגטער איז אַרויף אין בוידעם־צימערל און זיך דאָרט באַהאַלטן.

ווען די געסט זענען אַריין האָט זיי די מאַמע געזאָגט אַז פלעמל וועט באַלד קומען. זי האָט זיי איבערגעבעטן, אַ פאַררויטלטע, אַ נערוועזע איז זי אַרויף אויפן בוידעם צו פלעמלען.

אַ לאַנגע צייט האָט זיך די מאַמע געזוימט אויפן בוידעם. די געסט זענען געזעסן, געדרייט זיך אומרויִק אויף די שטולן, אַלע ווײַלע זיך איבערגעקוקט, טרויעריקע.

נאָך אַ לאַנגן וואַרטן — איז די מאַמע אַראָפּגעקומען מיט פלעמלען.

די מאַמעס אויגן זענען געווען רויט פון וויינען, דאָס פּנים האָט ביי איר געפלאַמט. זי האָט כּסדר אַוועקגעדרייט דאָס פּנים אין אַ זייט.

פלעמל האָט זיך אַוועקגעזעצט נישט־ניחאדיק, זיך אָנגעשטרענגט שמו־עסן מיט די געסט. דערנאָך האָבן שוין דער טאַטע, די מאַמע — און אַלע אַנדערע געשמועסט — ביז מען האָט זיך גענומען טרינקען לחיים און באַ־שטימט דעם זמן תּנאים.

די תּנאים זענען געוואָרן געפּראַוועט אויף אַ פיינעם אופן.

האָדעס האָט זיך דערנאָך אין גאַנצן געענדערט, זי איז שוין נישט אַריינגעקומען צו אונדז אַזוי אָפט, ווען זי איז אַריין האָט שוין פלעמל גע־שמועסט מיט איר — און זי האָט נאָר געקוקט אויף אים. זי האָט שפּאַצירט מיט אים אַ שטאָלצע און אויסגעפּוצטע אין אַ נייעם קאָסטיום. די מאַמע האָט אַ צעשיינטע געקוקט אויף ביידן מיט פריידיקע און פאַרטרערטע אויגן. געווען קענטיק אַז אויך דער טאַטע איז צופרידן.

כ׳האָב געהערט ווי רחל, מיין קוזינע, האָט שטיל געזאָגט, כּמעט איינ־געריומט פּויזשען אויפן אויער, אַז האָדעס האָט געזאָגט, אַז זי וואַרט מיט אומגעדולד אויף דער חתונה, צו קאָנען שלאָפן מיט פלעמלען.

געווען אַ שיינע חתונה. די מאַמע האָט מיר געלאָזט אויפנייען אַ שיין ווייס קלייד — ווי עס געהער צו זיין.

נאָך דער חתונה, ווען כ׳בין אין אַ שבת נאָך מיטאָג אַריין צו פלעמלען און האָדעסן, האָט מיך האָדעס מיט כּעס אַרויסגעטריבן פון שטוב. אָנגע־שריגן, אַז כ׳זאָל נישט זיצן ביי זיי.

*

אויף פלעמלס חתונה האָט זיך מאַנעס פאַרליבט אין האָדעסעס אַ קוזינע פון שטעטל ריכוואַל, אַ שיינע, איידעלע גימנאַזיסטקע שוין אין דער זעקסטער קלאַס. זי האָט זיך אויך פאַרליבט אין מאַנעסן. מסתּמא האָט זי געהערט ווי מען לויבט אים — אַז ער איז אַן אָרנטלעכער, פיינער יונגער מאַן, דערצו אַ סוחר.

מאַנעס האָט געבאַרגט ביי עמעצן אַ בריוונשטעלער, געזעסן שטיל, פאַרטראַכט, געשריבן בריוו צו דער גימנאַזיסטקע.

פאַר דער מאַמען איז נישטאָ קיין סודות. און אפשר האָט איר פּויזשע

דערציילט אַז מאַנעס איז פֿאַרליבט אין אסתרן, די גועלערנטע. האָט זי פֿאַר־ביסן די ליפּן. אויף דער טאַטע האָט זיך אָנגעכמורעט מיט רוגז:

— וואָס הייסט פֿאַרליבט? ליבע, שמיבע. איבער די ליבטשעס דרייען זיי מיטן נדן. — נישט דאָס איז דער עיקר — האָט געזאָגט די מאַמע — זי איז אַ גימנאַזיסטקע. מיט אירע איידעלע הענטעלעך וועט זי זיין אַ באַלע־באָסטע? און דערנאָך, ווען דער אין הימל וועט געבן, וועט זי וואַשן ווינדלען?...

— ער ברויך אַ באַלעבאָסטע, נישט קיין מאַדאַם — און זי קנאַקט בלויז פּויליש — האָט צוגעגעבן דער טאַטע.

מאַנעס האָט געשוויגן, געווען אָנגעכמורעט, פֿאַרטראַכט, געגעסן נישט־ניחאדיק, געלעגן אויפֿן בעט, נישט געזונגען קיין תּפֿילות. אַזוי אַ צייט. דער בריוונשטעלער איז געלעגן אויפֿן קרעדענץ. ער האָט אויפֿגעהערט צו שרייבן צו אסתּרן בריוו.

טאַטע־מאַמע האָבן זייערס אויסגעפֿירט.

ווען האָדעס איז געוואָרן דיקער, דער בויך איז ביי איר געוואָרן שטאַרק קענטיק — איז פֿלעמל קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס. עס זענען דעמאָלט געווען אַ סך קראַנקע אין שלעשין.

האָדעס האָט זיך געריסן די האָר פֿון קאָפּ, געבעטן זאָגן תּהילים אין שול, זי האָט אַלע אירע קליידער אַוועקגעשענקט פֿאַר אָרעמע לייט, געבעטן ביי גאָט, געטענהט מיט גאָט — אַז זי וויל שטאַרבן, אַבי פֿלעמל זאָל בלייבן לעבן.

גאָט האָט אויסגעהערט האָדעסעס געבעט. פֿלעמל איז געוואָרן געזונט און האָדעס, געבעך...

אין עטלעכע חדשים אַרום איז האָדעס געגאַנגען צום קינד. זי האָט באַקומען היץ. מען האָט זי אַוועקגעפֿירט אין שפּיטאָל קיין קאָלאָ, ווו עס וווינען אירע ברידער. דאָרטן איז האָדעס געשטאָרבן.

פֿלעמל איז אַהיימגעקומען נאָך דער שבעה.

נאָך די שלושים האָט פֿלעמל דערציילט אין דער היים, אַז אַ יונגע אַלמנה פֿון האָדעסעס משפּחה איז געווען אים מנחם אבל זיין. ער האָט אַן אינטערעס אין איר. זי געפֿעלט אים.

די מאַמע האָט שטאַרק ליב געהאַט האָדעסען. זי האָט — דערהערנדיק פּלעמעלס ווערטער — פאַרביסן די ליפּן און טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער איר פּנים.

האָדעס איז געשטאָרבן אַ חודש נאָך סוכּות. פּורים־צייט האָט פלעמל געשריבן תּנאים מיט דער יונגער אַלמנה, שׂרה־מרים, וועלכע האָט אַ יינ־געלע פון דריי יאָר. און באַלד נאָך שבֿועות האָט ער מיט איר חתונה געהאַט.

געווען אַ באַשיידענע חתונה. איך בין אויף דער חתונה אין קאָלאָ נישט געווען. אָבער באַלד נאָך דער חתונה בין איך געפאָרן באַזוכן מיין ברודער און שוועגערין.

פינף וואָכן בין איך געווען אין קאָלאָ ביי פּלעמלען און מיין נייער שוועגערין. וויפל נייע איינדרוקן איבערגעלעבט!

ווען כ׳בין אָנגעקומען צו דער פאָרשטאָט פון קאָלאָ האָב איך געגאַפט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן דערזען אַזעלכע הויכע הייזער. אין שלעשין איז פאַראַן בלויז איין איינשטאָקיק הויז.

אַ סך אויסגעפּוצטע מענטשן אויף די שיינע גאַסן, שויפענצטער, כ׳בין געוואָרן ווי שיכּור.

ווי גוט האָט מיך אויפגענומען שׂרה־מרימס פאַמיליע! אירע עלטערן און שוועסטער און ברידער. קיין מאָל אין מיין לעבן איז מען נישט געווען אַזוי פריינדלעך און גוט צו מיר. די גאַנצע משפּחה איז אַ גוטע און סימפּאַ־טישע. כ׳בין זיי געפעלן. צום ערשטן מאָל ווי מען האָט מיר געשענקט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, זיך באַצויגן צו מיר אַזוי גוט. זיי האָבן מיך גענומען שפּאַצירן, גענומען צו משפּחה און פריינד.

וויפל נייע איבערלעבונגען! כ׳האָב דערקענט אַן אַנדערע וועלט. אַלץ ווי אין אַ שיינעם חלום. פלעמל איז געקומען וווינען קיין שלעשין.

## קאַפּיטל זעקס

מיינע לעקציעס ביי בורשטינען קומען פאָר ביי מיין ברודער פלעמל. דאָס הויז געהער דעם פעטער מענדל. דעם פּרוכטן־סאָד אויפן הויף היט פּערל.

כ׳האָב אַ צייט זיך געלערנט פלייסיק. ביז פערל האָט אָנגעהויבן שטערן. זי קומט אַריין, לייגט אונטער הינטער די ביכער ליבע־בריוולעך פאַרן לערער. דער לערער געפינט די בריוולעך, ווערט אָנגעצונדן פון כעס. פרעגט מיך, ווער עס האָט זיי געשריבן. איך זאָג אים: איך נישט. ער זעט דאָך אַז ס׳איז נישט מיין האַנטשריפט. ער האָט געמיינט אַז איך הייס עמעצן זיי אָנשרייבן פאַר מיר.

איצטער היט איך פערלען, אַז זי לייגט אונטער אַ בריוועלע, נעם איך עס צו און צערייס עס.

פערל דערציילט מיר זאַכן... כ׳ווער פאַרשעמט פון זיי. זי פירט אַוועק מיינע געדאַנקען פון די לעקציעס, דערציילט מיר וועגן זאַכן צווישן יינגלעך און מיידלעך. איך ווייס אויך וועגן די זאַכן, אָבער זי רעדט וועגן זיי מיאוס...

כ׳האָב זיך אָנגעהויבן שלעכט פירן אויף די לעקציעס. איך קוק אַ סך אין שפיגל. כ׳באַטראַכט ווי עס וועט מיר פאַסן צו קעמען זיך. דערנאָך, אויף דער לעקציע, צעלאָז איך מיינע לאַנגע צעפּ, שאַר צו צום פּנים מיינע לאַנגע האָר — צי עס פאַסט מיר?

כ׳רעד אָקעגן דעם לערער. ער האָט געזאָגט אַז ער וועט זיך פאַרקלאָגן אויף מיר פאַר דער מאַמען. כ׳האָב זיך דערשראָקן. די מאַמע וועט מיך נישט לאָזן מער לערנען! עטלעכע טעג האָב איך זיך אויפגעפירט גוט.

און ווידער! פערל לאָזט מיך נישט צורו. ווען זי זעט אָנקומען דעם לערער שעפּט זי אָן אַן עמער וואַסער פון ברונעם, יאָגט מיך איבערן הויף, גיסט אויף מיר וואַסער און לאָזט מיך נישט אַריין אויף דער לעקציע.

ווען דער לערער גייט אַוועק רופט זי אים, ווען ער דרייט זיך אויס, באַהאַלט זי זיך. כ׳האָב אויפגעהערט גרוסן דעם לערער אין גאַס. פערל זאָגט, אַז אַ מאַנספּאַרשוין מוז גרוסן דער ערשטער.

כ׳האָב אויפגעהערט צוצוגרייטן די לעקציעס, זיי בלויז דורכגעקוקט. בעת די לעקציעס, נישט געהאָרכט דעם לערער.

אין איינעם אַ טאָג: דער לערער קומט אָן און זעט ווי פערל יאָגט מיך מיט אַן עמער וואַסער. ער קוקט זי שאַרף אָן. פערל בלייבט שטיין אַ פאַר־שעמטע, שטעלט אַוועק דעם עמער וואַסער.

דערנאָך האָט דער לערער געפרעגט, צי זי איז אַלט זעכצן יאָר?

— זעכצן יאָר? ניין, מיר זענען אין איין עלטער, צוועלף אין דרייצנטן יאָר.

פערל איז גאָר אַ שיינע, פיין אַנטוויקלט. מ׳זאָגט אויף איר אַז זי איז אַ שיינהייט. זי האָט געקרייזלטע קאַשטאַן־האָר, אַ רונד פּנים און גרויסע גרוי־בלויע אויגן, אַ שיינע נאָז און אַ קליין מויל.

בריינע איז אַ קליינע, מיט געקרייזלטע האָר, אַ רונדיק פּנים פול מיט פּיעגעס, איר מויל מאָלט אָן אויפהער ווי אַ מיל. זי האָט תּמיד אַ סך צו רעדן. ביידע זענען אויס עלטער פון זייערע יאָרן.

איך זע אויס ווי אַ קינד קעגן זיי. אויף מיר קוקן נישט קיין ייִנגלעך, אויף זיי — יאָ. זיי פירן שוין ליבעס, זיי דערציילן מיר עס.

איך טראַכט אויך וועגן ייִנגלעך, אָבער איך שעם זיך עס דערציילן. איך רעד נישט דערוועגן. כ׳האָב אַפילו מורא צו שרייבן דערוועגן.

אין זומער, ווי געוויינטלעך, גיי איך באָרוועס, אָבער כ׳האָב זיך אָנגעהויבן שעמען גיין אין גאַס באָרוועס. איך שעם זיך צו טרעפן וויקטאָרן אַ באָרוועסע. איך טראַכט אַ סך וועגן וויקטאָרן, זינט דער לערער האָט אים געלויבט אַז ער איז זיין בעסטער שילער. פאַרן לערער שעם איך זיך אויך.

פערל האַלט מיך אין איין דערמאָנען אַז כ׳בין אַ מיאוסע, פּויזשע אויך. איך ווייס אַז כ׳בין נישט קיין שיינע. ווי גערן וואָלט איך געוואָלט זיין אַ שיינע.

איך לייען דאָך ביכער וועגן ליבעס. אַ סך מאָל זאָג איך אין ביבליאָטעק אַז די ביכער באָרג איך פאַר פּויזשען. אַזוי־ערנאָך האָב איך געלייענט ערנסטע ביכער.

איין מאָל, בעת כ׳בין געקומען אין ביבליאָטעק אויסבייטן אַ בוך, האָט דער ביבליאָטעקאַר מיר געגעבן אַ בריוועלע פאַר פּויזשען, אַז זי זאָל דאָס בוך באַהאַלטן פאַר מיר. כ׳האָב געלייענט דאָס בריוועלע, זיך געפילט באַליידיקט. כ׳האָב נישט געוויזן פּויזשען דאָס בוך, געלייענט עס באַהאַלטענערהייט.

דער ביבליאָטעקאַר האָט מיך חושד געווען אַז כ׳וועל עס טאָן און געקומען פרעגן פּויזשען — און אַלץ האָט זיך אויסגעגעבן... כ׳האָב געהאַט פאַרדראָס.

כ׳האָב אַלערליי פאַרדראָסן. כ׳פיל זיך איינזאַם. ווי כ׳וואָלט געווען אַליין אויף דער וועלט, בעת כ׳וואָלט באַדאַרפט פילן זיך גליקלעך, ווייל איך לערן־זיך.

כ׳בין נישט צופרידן פון מיין נאַטור.

✶

אין איינעם אַ זונטיק איז שׂרה־מרים געפאָרן מיט די קינדער קיין קלעטשעוו. פויזשע איז מיטגעפאָרן. מיך האָבן זיי נישט געוואָלט מיטנעמען. כ׳האָב זיי געזאָגט: מיר וועלן זיך זען!

כ׳בין געגאַנגען צו יעטקע זילבערבערג זי זאָל מיט מיר גיין קיין קלע־טשעוו, ס׳איז בלויז זיבן קילאָמעטער ווייט. זי האָט געוואָלט גיין מיט מיר אָבער איר מאַמע האָט איר נישט דערלויבט. כ׳האָב זיך פאַרוווּנדערט וואָס זי האָט גאָר געפרעגט אַ דערלויבעניש ביי איר מאַמען. איך פרעג נישט, איך גיי.

כ׳האָב גענומען דאָס שבתדיקע קלייד, אָנגעטאָן עס ביי שׂרה מרים אין שטוב. דער לערער איז שוין געווען. חיה האָט געהאַלטן אין מיטן דער לעקציע. דער לערער האָט מיך געפרעגט פאַר וואָס איך בין נישט אויף דער לעקציע, האָב איך געזאָגט:

— איך גיי קיין קלעטשעוו.

ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, געזאָגט מיר, אַז כ׳בין ווערט צו באַקומען אַ „גאָב".

כ׳האָב זיך צעלאַכט, ווייל כ׳בין געווען צופרידן אַז כ׳וועל גיין אַזוי ווייט. כ׳האָב עס ליב.

דער גאַנג איז געווען אָנגענעם, כ׳האָב זיך געפילט פריי און לייכט. אין יעדן דאָרף זיך געפרעגט ווי ווייט עס איז צו קלעטשעוו. כ׳האָב אָפּגע־ריסן אין פעלד בלומען, באַצירט מיין היטעלע. כ׳האָב געהאַט חשק אונטער־צוטאַנצן, גייענדיק.

ווען מיין משפּחה האָט מיך דערזען אין קלעטשעוו, האָבן זיי זיך פאַר־וווּנדערט, מיך געפרעגט:

— משוגענע, ווי אַזוי ביסטו געקומען?

— אין אַ קאַרעטע געשפּאַנט אין פיר פערד, — האָב איך געענטפערט.

— געהערט אַ משוגעת ? איך זאָג עס אייביק... — האָט פויזשע צוגעגעבן.

— כ׳בין צופרידן. כ׳האָב מיינס אויסגעפירט. כ׳האָב געזאָגט: מיר וועלן זיך זען, און געהאַלטן וואָרט.

אַפילו שׂרה־מרים, מיין גוטע שוועגערין האָט געקוקט אויף מיר ברוגז־לעך. אָבער ווען כ׳האָב געוואָלט צוריקגיין צופוס, האָבן זיי מיר נישט דערלויבט.

אין דער היים זענען געווען פאָרוואורפן, געוואַלדן. די מאַמע האָט געזאָגט:

— ווי איינער איז צו זיבן איז ער צו זיבעציק...

ווייל נישט דאָס ערשטע מאָל ווי איך מאַך פאַר מיר אַזאַ שפּאַציר צופוס. און כ׳בין געווען מיט עטלעכע יאָר יינגער ווי איצטער.

חיה האָט געהאַט באַקומען אויף אַ האַנט רויטע בלעזלעך. די מאַמע האָט עס אָנגערופן עקזעמע. באַשלאָסן זי צו פירן צום פעלדשער אין דאָרף נעבן דער צוקער־פאַבריק. דעם פעלדשער רופט מען: פאַניע דאָקטאָזשע. ער קורירט קראַנקע.

מאַנעס האָט איינגעשפּאַנט דעם וואָגן. די מאַמע מיט חיהן זענען אַרויף. ווען איך האָב געוואָלט מיטפאָרן האָבן זיי מיך אָוועקגעיאָגט פון וואָגן. חיה האָט געוויינט מען זאָל מיך מיטנעמען. עס האָט נישט געהאָלפן.

כ׳האָב געוואָרט אַ ביסעלע, און זיך גענומען גיין. דאַכט זיך אַז ס׳איז זיבן צי אַכט קילאָמעטער אַהין.

איך גיי אונטערשפּרינגענדיק. אויפן וועג אַ שיטער וועלדל. אויפן ראַנד פון וועלדל פאַשען שקצים ציגן. זיי דערזעען מיך, קוקן זיך איבער. איינער מיט אַ גראָבער צווייג אין האַנט באַקומט אַ שלעכט פנים. — אַ זשידוווקע! — רופט ער אויס צו זיינע חברים.

איך באַקום אַ פּחד, באַגריס זיי מיט אַ דז׳יען דאָברי, פרעג זיי, צי אין דעם וועלדל וואַקסן יאַגדעס.

זיי צעלאַכן זיך הילכיק, קוקן זיך ווידער איבער און רופן אויס:

— נאַרישע זשידוווקאַ!

איך מאַך גיכע שפּרייזן, דערווייטער זיך, לויף. אַדורך בשלום, עטעם איך אָפּ מיט לייכטקייט, הער נאָך זייערע אויסרופן:

— גלופיאַ זשידוווקאַ!

איך גיי כּמעט לויפנדיק, דערזע אַ גרויסע שילד: גוסלאָוויצע. איך פרעג ביי פאַרבייגייענדיקע פויערטעס ווו עס איז די צוקער־פאַבריק. זיי קוקן אויף מיר ווי אויף אַ בייז ווונדער. ווייל כ׳בין קליין געוויקסיק זע איך אויס ייִנגער פון מיין עלטער.

זיי פרעגן מיך וווהין איך גיי.

איך זאָג זיי אַז כ׳בין אַראָפּ פון וואָגן, דאָ, דערנעבן מיין מאַמען. מסתּמא האָט זיך דער וואָגן אָפּגערוקט. זיי לאַכן:

— מאַלאַ זשידוווטשקאַ.

איך זע די קוימענס פון דער צוקער־פאַבריק, גיי אַהין. אַוודאי, דאָ שטייט דער וואָגן. די מאַמע, חיה, מאַנעס גייען אַרויף אויפן וואָגן. זיי האַלטן שוין ביים צוריקפאָרן אַהיים.

חיה דערזעט מיך, הייבט זי אָן וויינען, כ׳זאָל אַרויף אויפן וואָגן. מאַנעס קוקט אויף מיר מיט כּעס. צוליב מורא פאַר זיין כּעס לויף איך אויפן וועג אַהיים.

די מאַמע רופט מיך. חיה וויינט. מאַנעס איז אַראָפּ פון וואָגן, מיך געיאָגט מיט דער בייטש. כ׳בין געלאָפן שנעלער פון אים.

חיהס הילכיק וויינען און דער מאַמעס דערשראָקענער רוף האָבן מיך גערירט. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט, אַרויף אויפן וואָגן.

מען האָט אויף מיר אָנגעשריגן: — צעדרייטע! משוגענע! אַ קינד זאָל דאָס באַווייזן! פון דאַנען דער מאַמעס זאָג בעת מיין גיין קיין קלעטשעוו:

— ווי איינער איז צו זיבן איז ער צו זיבעציק...

*

איך טרעף אָפט דעם לערער בורשטין אין ביבליאָטעק. דעמאָלט בין איך נישט דרייסט, קוק אים נישט אין די אויגן — צוליב מיין אויפפירונג אויף די לעקציעס.

ער האָט מיך געפרעגט:

— פאַר וואָס ביסטו אַזוי? אַז דו ווילסט ביסטו ערנסט און מען קאָן מיט דיר רעדן, און צייטנווייז איז עס אוממעגלעך. נישט צייטנווייז, גאָר אָפט...

אַנשטאָט ענטפערן אים דערויף האָב איך אים דערציילט וועגן די ביכער וועלכע כ׳האָב לעצטנס געלייענט, ראָמאַנען. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

יאָ, דו לייענסט ערנסטע ביכער, אָבער...

און כ׳האָב ווייטער זיך אויפגעפירט אַזוי, געלאַכט פיל אויף די לעקציעס. נישט געענטפערט אים געהעריק. געוועזן אויך טעג פון שווייגן, נישט געענט־פערט אים אויף פראַגן.

אין אַ טאָג איז ער נישט געקומען אויף דער לעקציע, געוועזן צוגעקילט. דעם טאָג האָב איך אַ סך געטראַכט. געטראַכט ווי פּוסט עס איז אָן דער לעקציע. אויך — וועגן מיין אויפפירונג...

כ׳האָב צוגעגרייט די לעקציעס, אויפגעהערט זיך צוהערן צו פּערלס רייד. דער לערער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ פריינדלעכן שמייכל. כ׳האָב אים שוין געקענט קוקן גלייך אין די אויגן סיי אויף די לעקציעס, סיי אין ביבליאָטעק.

*

אויף דער לעקציע פון געאָגראַפיע האָט מיך בורשטין געפרעגט: וואָס איז אַזוינס הימל? כ׳האָב געשטוינט: וואָס איז אַזוינס הימל? הימל איז הימל. האָב איך דען ווען געטראַכט וועגן דעם? אַ פראַגע, וואָס איז הימל?...

אָבער דער לערער האָט געזאָגט:

— הימל איז אַ געדיכטע שיכט לופט. ווען מיר גייען אַרויף אויף אַ גאָר הויכן באַרג און מיר קוקן אַראָפּ, מיינען מיר, אַז דער הימל איז אונטן.

כ׳בין געבליבן ווי פאַרשטומט. קאַפּויערדיקע געדאַנקען האָבן מיר אָנ־געהויבן בוידערן אין מיין קאָפּ. ס׳איז מיר געוואָרן פּוסט און ליידיק אויף דער נשמה.

איך טראַכט:

אויב הימל איז לופט, עס איז נישטאָ קיין גאָט אין הימל, טאָ ווער האָט אַלץ אַזוי שיין און קלוג באַשאַפן? דעם הימל וואָס מיר קאָנען נישט אַרומ־נעמען אין גאַנצן מיטן בליק? און ווייטער, נאָכן הימל? נאָך די שטערן? נאָך די זון וואָס איז? — איך טראַכט און טראַכט כּסדר דערוועגן. מיין גלויבן איז צעשטערט. איך לייד.

כ׳האָב צוזאַמענגעשטעלט אַ תּפילה:

גאָט, אויב דו ביסט פאַראַן, פאַרגיב מיר מיינע מחשבות. דו האָסט מיך אַזוי באַשאַפן און אַזוי פאַרמירט מיינע געדאַנקען. איך וואָלט געוואָלט אַנדערש טראַכטן, נאָר כ׳קאָן נישט.

אויב דו ביסט פאַראַן, פאַרגיב מיר וואָס כ׳האָב אויפגעהערט גלויבן אין דיר. באַלייכט מיר מיין וועג, אַז כ׳זאָל נישט בלאָנדזשען אין דער פינצטערניש.

ווען כ׳בין מתפּלל מיין תּפילה, באַהערשן מיך אַ סך געפילן — בלויז גאָט פאַרשטייט זיי.

אַ סך זאַכן וויל איך בעטן, אָבער כ׳בין נישט זיכער, צי זיי וועלן מקויים ווערן.

פאַראַן זאַכן אויף וועלכע כ׳האָב אַ מאָל געבעטן ביי גאָט. היינט אַז כ׳בין שוין גרעסער שעם איך זיך מיט זיי, כ׳פיל אַ שרעק ווען איך דערמאָן זיך איצטער אין זיי. אפשר בין איך דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר. פון דעמאָלט האָב איך אַ טבע צו באַשרייבן זאַכן אין פּאַפּירלעך. כ׳פלעג זיי דערנאָך צערייסן. זייט אַ קורצע צייט שרייב איך שוין אין קאַיעטן אַריין — און בלויז אַ טייל צערייס איך.

און געבעטן האָב איך ביי גאָט וועגן אברהמען. געבעטן ער זאָל שטאַרבן...

אברהם איז ביי אונדז אין שטוב אַן אויסנאַם. ער איז שלעכט. ער איז עלטער פון מיר מיט דריי יאָר. זייט איך געדענק, פלעגט ער מיך שלאָגן, מיך נישט געלאָזט צורו. ער האָט זיך שלעכט געלערנט און נישט געקאָנט ליידן אַז איך קען בעסער פון אים לייענען און שרייבן.

ווען דער טאַטע האָט אים מיטגענומען אין דאָרף האָב איך געהאַט אַ גליקלעכן טאָג, אָבער געטראַכט — אַז מאָרגן וועט ער זיין אין דער היים און כ׳וועל ווידער האָבן אַ שרעקלעכן טאָג.

עס האָט נישט געהאָלפן דאָס אָנשרייען פון טאַטן. ער האָט אויך באַקומען געשלאָגן. נחום איז עלטער פון אים מיט צוויי יאָר. ער איז תּמיד אַ גוטער, נחום. ער האָט מיך נישט געלאָזט שלאָגן. זיך געשלאָגן מיט אברהמען צוליב מיר, מיר געקומען צו הילף.

נחום און איך זענען מיר אַרויף אויפֿן בוידעם, מיר האָבן דאָרט אָנגע־שריבן אַ כּתובה ווי צו אַ חתונה. מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט:

אברהם חזיר סאַקראַמענט,
לאַנגע פּיס און לאַנגע הענט,
קומען זאָל צו דיר אַן ענד.
בלייבן זאָלסט אָן פּיס און הענט
האַמעלע, חאַמעלע דראָנג,
זאָלסט כאַפּן אַ פּשעציאָנג.

מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט נאָך אַנדערע לידלעך און אין די לידלעך אים געזידלט ווען ער האָט אונדז געשלאָגן.

כ׳האָב אויך איין מאָל אַריינגעלייגט אַ גראָשן אין דער פּושקע פֿון מאיר בעל הנס אַז ער זאָל שטאַרבן. געווען איז עס נאָך זיין מסרן מיך פֿאַרן טאַטן אַז כ׳האָב מיר געקויפט צוקערלעך. געווען צוקערלעך פֿאַר אַ גראָשן. כ׳האָב דערפֿאַר באַקומען אַ פּאַטש פֿון טאַטן. דער טאַטע האָט מיך געוואָלט נאָך שלאָגן דעמאָלט, נאָר די מאַמע האָט נישט געלאָזט, מיך פֿאַרשטעלט.

נישט געווען צווישן אונדז קיין פּשוטע קריגערייען, געווען אויך שׂנאה.

אויך איצטער, בעת מיר זענען שוין עלטער, לעבן מיר נאָך אַלץ נישט בשלום: אברהם, פֿויזשע, די צוויי קוזינעס; אין אונדזער שטוב, ווו אַלץ איז פֿאַרבאָטן, איז לערנען זיך טרייף...

ווען כ׳בין טרויעריק און פֿיל זיך אַליין גלוסט זיך מיר שרייבן. נישט אַלץ האָב איך חשק צו באַשרייבן. און פֿאַראַן אַ סך צו באַשרייבן. איך טו עס נישט.

*

כ׳האָב געהאַלטן וואָרט: כ׳האָב זיך גוט געלערנט. כ׳האָב זיך גוט אויפֿגעפֿירט אויף די לעקציעס, געפֿילט זיך גוט און רויִק — און פּלוצעם:

בורשטין, דער לערער, איז אַוועק...

ווען כ׳האָב עס דערהערט האָט זיך ביי מיר פֿאַרדרייט דער קאָפּ. כ׳האָב זיך געלייגט אויפֿן בעט מיט אַ געוויין און ווייטיק.

פויזשע האָט עס אויסגענוצט, ווידער דאָס זעלבע, ווי תמיד — אַז כ׳האָב שוין גענוג געלערנט, כ׳וויל ווערן אַ גוווערנאַנטקע.

אין די טעג און ביי נאַכט, דערמאָן איך זיך ווי גוט מיר איז געווען ווען כ׳האָב זיך געלערנט. כ׳וויל עס געדענקען, כ׳וויל עס פאַרגעסן. אַ שאָד מיר עס צו פאַרגעסן.

איך גיי אַ סך. פויזשע זאָגט אַז איך לויף אַרום. אַוודאי, זי זיצט כּסדר אין שטוב.

די ביכער ליגן צעוואָרפן. חיה האָט מיר געמאַכט אַ פאָרוווּרף פאַר וואָס איך לייג נישט צונויף אין אָרדענונג די ביכער. כ׳האָב אויף איר אָנגעשריגן: שווייג!

כ׳וואָלט געוואָלט זיין ווי מיינע קוזינעס: זיי אַרט נישט קיין ביכער, קיין לערנען. זיי געפעלן מיר נישט.

זיי רעדן וועגן נאַרישקייטן. איך חבר זיך מיט זיי ווייל כ׳וויל נישט זיין אַליין — כ׳פיל זיך אָבער פרעמד צווישן זיי, ווי אַ וואַנט וואָלט אונדז אָפּגעטיילט. זיי האָבן מיך אויך נישט ליב. דאָס ווייס איך זיכער.

איך האָב ליב ביכער. ווען כ׳לייג זיך שלאָפן, לייג איך מיר הינטערן קישן אַ בוך. ווען איך הער אויף לייענען — איבערבעט איך דאָס בוך. איך ווייס אַז ביכער זענען נישט קיין לעבעדיקע באַשעפענישן — דאָך באַצי איך זיך צו זיי ווי זיי וואָלטן געלעבט.

כ׳באַצי זיך צו שטיינער, צו בילדער געמאָלענע ווי צו לעבעדיקע באַשעפענישן און כ׳האָב ליב די פאַרשידנקייט פון זאַכן.

כ׳האָב נישט ליב צו טאָן אַלע טאָג די זעלבע זאַך און אויפן זעלבן אופן. אַפילו ווען כ׳גיי שפּאַצירן גיי איך איין מאָל דורך איין וועג, דאָס צווייטע מאָל דורך אַן אַנדער וועג. קיין סך וועגן האָב איך נישט אויסצוווילן אין שלעשין...

כ׳וואָלט אַוועק פון דאַנען. אַ סך מאָל האָב איך דאָס געפיל אַז כ׳בין אַ פאַרבלאָנדזשעטע פון ערגעץ. איך טראַכט אָפט: ווען כ׳וואָלט ערגעץ אַוועק, אין אַ גרויסער שטאָט, צווישן אַ סך מענטשן, אין רעש, — וואָלט איך זיך געפילט ווי אַ שטויבעלע פאַרטראָגן פון ווינט, אַ גאָרנישט. כ׳וואָלט זיך אפשר געענדערט, געווען אָן פּרעטענזיעס.

## קאַפּיטל זיבן

די טעג, ציִען זיך טרויעריקע, מיט אַ בענקשאַפט נאָך די טעג אויסגע־פּילטע מיט אַן „עפּעס" וואָס איז מיר געווען ליב.

ווען איך לערן זיך, האָרך איך זיך צו צו די געשפּרעכן אין שטוב וועגן פּרנסה. ווען איך הער אַז ס׳זענען פאַראַן פאַרדינסטן בין איך צופרידן: זיי וועלן מיך נישט שטאַרק טשעפּען, וועלן שווייגן וועגן מיין לערנען זיך. ווען נישט — קוקט מען אויף מיר ווי איך וואָלט געווען שולדיק אין די קנאַפּע פאַרדינסטן.

איצטער, אַז איך לערן זיך נישט, בין איך נישט שולדיק, פאַרגעסן זיי אַז כ׳בין די שלעכטע טאָכטער.

איך פאַרלייד נישט קיין האַנדל. דער טאַטע וויל כ׳זאָל זיין אַ סוחרטע. זיך פאַרנעמען מיט אונדזער שפּייז־קרעמל, העלפן דער מאַמען ביים פאַר־קויפן, איינפּאַקן. נישטאָ ביי אונדז צו פיל קונים, סיידן אין אַ מאַרקטאָג. איך העלף דאָרטן אַ מאָל, כאָטש אָן חשק. דער טאַטע קוקט מיר אויף די הענט, בורטשעט אומצופרידן.

מיין לעבנס־אינהאַלט — די ביכער. ווען כ׳קום אַריין אין ביבליאָטעק שמייכל איך צו די ביכער ווי צו לעבעדיקע באַשעפענישן. כ׳נעם צו צוויי ביכער אויף אַ מאָל און די ביבליאָטעקאַרן גיבן מיר צו נאָך אַ בוך, ווען כ׳בעט זיי דאָס. כ׳נעם אויך געבאָרגט ביכער ביי אַנדזשען. אירע שוועסטער האָבן ביכער.

ביים לייענען בעט איך איבער דאָס בוך, און קוק פון צייט־צו־צייט אויף די אַנדערע ביכער. כ׳פיל ווי כ׳וואָלט פאַרמאָגט אַן אוצר. אַז ס׳בלייבט מיר איבער בלויז איין בוך ווער איך אומרויִק.

עס אַרט מיך אָבער וואָס כ׳בין אַן עגאָיִסטין. ווען כ׳האָב דורכגעלייענט דאָס בוך האָב איך עס שוין ווייניקער ליב. איך קאָן עס מיר נישט מוחל זיין.

ביי נאַכט חלומען זיך מיר די העלדן פון די ביכער. איך פאַרברענג מיט זיי. מיט דיליידנדיקע פיל איך מיט, איך טרייסט זיי. ס׳איז מיר גוט מיט זיי.

אין ביבליאָטעק בעטן מיך די שטעטלשע מיידלעך כ׳זאָל זיי אויסוויילן די ביכער צום לייענען. איך קען זייער געשמאַק און לויט דעם — קלייב איך אויס פאַר זיי ביכער. ביים אַוועקגיין פון ביבליאָטעק, שמייכל איך צום פענצ־טערל. דאָס פענצטערל שיינט פאַר מיר מיט ליכטיקייט.

פויזשען רעדט מען אַ שידוך מיט שׂרה־מרימס קוזין פון קלעטשעוו. דאָס פּאָרן אַהין יענעם זונטיק איז געווען אויף צו באַקענען זיי. מיין גיין אַהין צו פוס האָט נישט געשטערט דעם שידוך. כ׳בין צופרידן. הלוואי זאָל פויזשע חתונה האָבן.

✶

שולץ, דער וואַסערטרעגער, האָט שוין אָנגעפילט ביי אונדז דאָס פאַס מיט וואַסער, באַקומען באַצאָלט און אַוועק. נאָך זיין אַוועקגיין רופט מיך די מאַמע:

— גיי זאָג שולצן אַז ער זאָל קומען שבת אין דער פרי איינהייצן דעם אויוון. כ׳האָב אים פאַרגעסן זאָגן. ער איז שוין צעחושט. מען דאַרף אים דערמאָנען, די מוציאס חלה נעמען, פאַרגעסט ער נישט.

כ׳בין לויפנדיק אַריין צו שולצן אין אָרעמען צימערל זיינעם. ער איז געזעסן אויף אַ בענקל און אויסגעזען ווי ער וואָלט געדרימלט. זיין פשוט פויערישע פנים — מיד פון שלעפּן די עמער וואַסער איבער די הייזער און אַראָפּשלעפּן טאַרף פון די וועגענער.

דאָס ווייב זיינס, די שולצאָווע איז נאָך נישט געווען אין דער היים. זי איז אויך אַ וואַסער־טרעגערין און שייערט פּאָדלאָגעס אין יידישע שטובן.

מאַרצישע, די עלטסטע טאָכטער איז געזעסן אויף אַ באַנק מיט אַ שייגעץ. ווען כ׳בין אַריינגעקומען האָט זי מיך קרום אָנגעקוקט. כ׳האָב זיך געוואָנדן צו שולצן:

— די מאַמע זאָגט, איר זאָלט שבת אין דער פרי קומען איינהייצן...

— וואָס רעדסטו, זשידוווקאַ?! — האָט די שיקסע מיר איבערגעריסן, אָנגעקוקט מיך מיט כּעס.

— דעם אויוון. — האָב איך אַ פאַרוווּנדערטע פאַרגעזעצט.

— איי ווײ זשידוווקאַ, וואָס ווילסטו? גיי, גיי דיר דיין וועג!

— גוט, גוט, — האָב איך געזאָגט. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז מאַרצישע

שעמט זיך פֿאַרן שייגעץ אַז דער טאַטע הייצט אויוונס אין יידישע שטובן.

ווען כ׳בין אַהיימגעקומען אַ פֿאַרסאַפּעטע פֿון לויפֿן האָב איך געטראָפֿן די מומע־איטע פֿון סאַמפּאָלבע. זי איז געקומען צו אונדז אויף אַ באַזוך.

די מומע איז פֿול מיט לעבן, זי איז אויך אַ שיינע. זי איז די פֿרוי פֿון דער מאַמעס ברודער יידעל־חנא. זיי האָבן נישט קיין קינדער.

ווען זי קומט צו גאַסט ווערט ביי אונדז לעבעדיק, ממש אַ יום־טוב. אַפֿילו די מאַמע ענדערט זיך. זיי שמועסן לעבהאַפֿט וועגן משפּחה און באַ־קאַנטע, לאַכן אָפֿט. אויך דער טאַטע שמייכלט לייכט ווען ער רעדט מיט איר.

די מומע־איטע איז אַ גאַנצע אויפֿטועריין אין איר שטעטל סאַמפּאָלבע. זי העלפֿט קראַנקע, שמירט זיי אויס די פּלייצעס, היט זיי ביי נאַכט, זאַמלט געלט פֿאַר אָרעמע און נויטבאַדערפֿטיקע. זי דערציילט ווי זי האָט געהאָלפֿן טיפֿוס־קראַנקע און געפֿילט זיך שוואַך: אָט־אָט, איז זי אויך שוין קראַנק:

— כ׳האָב זיך אָנגעטאָן אַ כּוח — דווקא! כ׳וועל זיך נישט לאָזן! נישט געלייגט זיך אין בעט, געטרונקען הייסע טיי מיט לימענע און, מיט גאָטס הילף, כ׳בין אַרויס בשלום — האָט די מומע דערציילט.

— דאָס האָט דיר דער אין הימל געהאָלפֿן אין זכות פֿון דיין העלפֿן קראַנקע — האָט די מאַמע געזאָגט.

די מומע־איטע האָט צופֿרידן געשמייכלט.

— מיטן אייבערשטנס הילף — האָט זי געהויבן די אויגן צום סופֿיט.

די מומע רופֿט די מאַמע: שוועגעריין. די מאַמע רופֿט זי איטע. אַ סך מאָל דוצט זי זי נישט, זאָגט איר: זאָל איטע זיצן, זאָל איטע עסן.

כ׳האָב דערהערט ווי די מאַמע האָט מיט אַ זיפֿץ געשעפּטשעט צו דער מומע, ווייזנדיק אויף מיר:

— נאָר לערנען, נאָר ביכער...

— זי וועט זיך מיט גאָטס הילף אויסוואַקסן, קלוגער ווערן, ווערן סטאַ־טעטשנע — האָט די מומע געקוקט אין מיין זייט.

— אָבער „ער״ זאָגט, אַז איך בין שולדיק, כ׳גיב איר אַלץ נאָך, כ׳פּטר געלט אויף איר לערנען ווייל „זי״ וויל אַזוי. איצט לערנט זי זיך נישט, אָבער...

— שרייב זי איין אין דער פּאָושעכנער שול.

— טאַקע ! — האָט די מאַמע ווי אויפגעשיינט.

די מומע־איטע איז געווען אַ וואָך צייט און אַוועקגעפאָרן. און ביז די מאַמע האָט זיך דערמאָנט אין דער פאַלקסשולע — האָב איך אָנגעהויבן לערנען ביי דער פאַננאַ מאַריאַ.

זייט אַ צייט האָב איך אָבסערווירט די לערערין פון דער פאָלקסשול. כ׳האָב געהערט רעדן וועגן איר אַז זי איז אַ גוטע לערערין. אין אַ טאָג האָב איך זי אָפּגעשטעלט אין גאַס.

— יאָ, — האָט זי געקוקט אויף מיר פריינדלעך, געשמייכלט : כ׳וועל אָננעמען אַ פּריוואַטע לעקציע.

מיט געמישטע געפילן בין איך אַוועק פון איר. און וואָס וועט זיין מכּוח געלט ?... נישט לייכט, נאָר ווי תּמיד. ווען עמעצער פון מיינע ברידער וועט צוגיין צו דער קאַסע, וועל איך בעטן געלט אויף אַ פּאַסיק, אויף אַ פּאָר זאָקן — כּלומרשט אומגערן, אָבער זיי גיבן מיר.

אויך פון דער מאַמעס באַהעלטעניש, ווו זי האַלט געלט — אַראָפּנעמען.

די מאַמע וועט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זי ווייסט נישט פון מיין לערנען. כ׳וועל אויך בעטן ביי איר געלט אויף טיכלעך, אויף קליינינקייטן. מיט אַ זיפץ, מיט אָנגעכמורעטקייט, זי וועט געבן. — אַזאַ איז געווען מיין פּלאַן.

✶

יעדן פאַר נאַכט גיי איך כּמעט אונטערטאַנצנדיק מיט די ביכער צו דער שול, ווו עס קומען פאַר די לעקציעס.

מיר שמועסן וועגן די ביכער וועלכע איך לייען. טייל מאָל באָרג איך זיי איר. מיט אַ שמייכל האָט די לערערין גענומען ביי מיר געבאָרגט דאָס בוך „נאָנאַ״ פון עמיל זאָלאַ. ווען כ׳האָב עס געבעטן צוריק האָט זי מיר געזאָגט אַז זי האָט עס געבאָרגט דעם דירעקטאָר פון דער שול.

כ׳האָב זי געפרעגט ווי אַזוי זי האָט זיך נישט געשעמט עס באָרגן אַ מאַנספּאַרשוין. זי האָט זיך הילכיק צעלאַכט.

אין אַ טאָג האָט זיך די מאַמע דערמאָנט אין דער מומע־איטעס עצה. מיך געגאַנגען איינשרייבן אין דער פאָלקסשול. ביז פערצן יאָר נעמט מען אָן — און די מאַמע האָט נישט געוווּסט אַז מיט מיין לערנען פּריוואַט כּסדר — האָב איך שוין געענדיקט דעם פּראָגראַם פון דער פאָלקסשול.

דער דירעקטאָר, דערהערנדיק מיין נאָמען האָט אַנידערגעלייגט די פעדער. געזאָגט צו דער מאַמען:

— ניין, זי איז צו קלוג פאַר אונדזער שול. זי דאַרף אַ העכערע שול. זי קאָן ווערן אַ ראַביניקע.

די מאַמע האָט עס דערציילט דווקא מיט צופרידנקייט.

כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז מיט זיין חכמען זיך, איז ער אויסן געווען די ביכער, וועלכע כ׳האָב געבאָרגט דער לערערין, און זי האָט זיי געבאָרגט אים — דעם דירעקטאָר.

כ׳דאַרף זיך אויסלערנען שוויגן, נישט אַלץ דערציילן. ס׳איז נישט קיין חכמה פון מיין זייט, כאָטש ער האָט געזאָגט אַז כ׳בין קלוג. איך גלויב אַלעמען...

ס׳וועט נישט זיין גענוג געלט צו באַצאָלן די פאַננאַ מאַריאַ פאַרן לערנען. נאָכן רעדן מיטן דירעקטאָר פון שול זאָגט די מאַמע שוין ווידער:

— גענוג געלערנט!

*

כ׳האָב אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן מיין חלום — שרייבן אַ בוך.

שוין לאַנג געטראַכט דערוועגן, נאָר זיך נישט גענומען דערצו. בלויז פאַרשריבן אין פאַפּירלעך דאָס טאָג־טעגלעכע פון מיין לעבן.

יעדן אויף דער נאַכט שרייב איך. כ׳האָב עס דערציילט בלויז שׂרה־מרימען — און אפשר אויך איר נישט באַדאַרפט דערציילן.

דערווייל גייט מיר גוט. כ׳פיל זיך גליקלעך ווען איך שרייב. כ׳וויל מיינע געדאַנקען וועגן לעבן, וועגן מענטשן — אויסלאָדענען אין בוך.

כ׳טראַכט, אַז כ׳וועל עס לאָזן אָפּדרוקן און דעם לערער בורשטין שיקן אַ בוך. כ׳וועל זיך נישט אונטערשרייבן מיט מיין נאָמען אַז מען זאָל נישט וויסן אַז ס׳איז מיינס. ווייל בלויז פאַרן געדאַנק אַז עמעצער וועט וויסן אַז ס׳איז מיינס — שעם איך זיך.

אין די פאַפּירלעך שרייב איך וועגן זיך. דאָס בוך וועט זיין גאָר אַנדערש. כ׳וואָלט נישט וועלן אַז דאָס בוך זאָל זיך געפינען אין אונדזער ביבליאָטעק אין שלעשין. דאָ, אין שטעטל, וועלן מענטשן זיך דערקענען. כ׳באַשרייב זיי אַזוי ווי זיי זענען, וואָס איך טראַכט וועגן זיי.

ווענן ליבע שרייב איך נישט. איך וואָלט זיך געשעמט.

און דווקא טראַכט איך וועגן עמעצן. כ׳האַלט אים פאַר אַן אידעאַל, פאַר אַן אויסנאַם. איז דאָס ליבע?

ווען כ׳זע וויקטאָרן פיל איך, אַז כ׳ווער צעמישט, כ׳פיל אַז כ׳ווער רויט.

אויך רוזשען, שׂרה־מרימס שוועסטער האָב איך ליב. זי קומט אָפּט צו פאָרן, ווײַלט דאָ עטלעכע וואָכן. אויך זי זעט בײַ מיר אויס ווי אַן אידעאַל. אָבער ס׳איז גאָר אַנדערש ווי צו וויקטאָרן. וועגן אים טראַכט איך כסדר.

רוזשע איז עלטער פון מיר מיט פינף יאָר. דאָך חברן מיר זיך. מיר שפּאַצירן אָפּט. זי לערנט מיך וואָס עס פּאַסט און וואָס עס פּאַסט נישט צו טאָן. כ׳זאָל גיין גלײַך מיט דריבנע טריט. זי האָט מיט מיר מיטלייד וואָס איך לעב אַזאַ לעבן. זי איז גרויסשטאָטיש. זי לייענט ביכער, מיט איר רעדט זיך אינטערעסאַנט. נישט פאַראַן אין שלעשין אַזאַ ווי זי.

יונגע־לייט קוקן איר נאָך. זי איז אַ שיינע, האָט העל־בלאָנדע, געלאָקטע האָר, גרויסע בלויע אויגן און אַ שיין ראָז פּנים.

כאָטש מיר זענען באַפרײַנדעט און מיר פירן ערנסטע שמועסן — דערציי׳ל איך איר נישט מײַנע געדאַנקען. איך פיל אַז זי וואָלט מיך אויסגעלאַכט.

כ׳טראַכט אַ סך וועגן לערנען־זיך, כ׳גיי אַ סך, כ׳וויין אַ סך.

און ווען כ׳שרייב אין העפט וואָס וועט ווערן אַ בוך — בין איך גליקלעך. עס וועלן זײַן אַ סך באַשריבענע העפטן.

הינטערן אויוון בײַ שׂרה־מרימען האָב איך מיר געמאַכט אַ באַהעלטעניש. נאָכן שרײַבן באַהאַלט איך דאָרטן דעם העפט.

אַלערליי פראַזן און געדאַנקען וועלכע כ׳שרייב באַזונדער גיב איך צו לייענען נחומען. ער פאַרשרײַבט זיי אין נאָטיץ־ביכעלע.

*

אויס מיט מײַן חלום...

רוזשע האָט געררוימט. געפינען מײַן העפט, האָט זי אים דורכגעלייענט. ווען כ׳בין געקומען צו מײַן שוועגערין האָט זי מאָדנע געשמייכלט:

— נו, פריילין, דו שרײַבסט אַ בוך... לאָז אָפּ, דו נאַרישע ציג. צו וואָס טויג עס דיר? וועגן וועמען שרײַבסטו? וואַג זיך נישט. ס׳וועט נישט טויגן...

— האָסט דורכגעלייענט ?! — האָב איך אויסגעשריגן. דערנאָך האָב איך קוים געקאָנט אַרויסשטאַמלען:

— סתם אַזוי... אַוודאי נישט וועגן זיך... דערווייל לערן איך זיך נישט, שרייב איך...

איך שמועס מיט איר אַ סך און זי קען מיך נישט. בעסער אַזוי...

כ׳האָב גענומען דעם העפט, צעריסן אים אויף פּיצלעך.

ווי שרעקלעך! כ׳וועל שוין מער נישט שרייבן. וואָס וועט זיין? דערצו די בושה?

*

ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן, איז געקומען אַ יונגע לערערין פון שטעטל לובראַניעץ — גלייך צו אונדז אין שטוב אַריין. איר פאָטער האָט זי געשיקט צו אונדז.

איר טאַטע איז אַ מאָל געווען פאַרליבט אין דער מאַמע מיינער. די מאַמע האָט דערציילט אַ סך וועגן יאַקובן, ווי ער איז געווען פאַרליבט אין איר, און דער טאַטע אירער האָט נישט צוגעלאָזט צום שידוך, ווייל יאַקוב איז געווען צו פיל אויפגעקלערט. אַ קורץ־געקליידעטער, נישט גאָר־גאָר פרום — און אַפילו אַ פערפומירטער.

אַ סך מאָל איז ער דורכגעפאָרן שלעשין, געקומען צו אונדז אין שטוב אַריין. טאַקע אַ קורץ־געקליידעטער, מיט אַ קליין שפּיציק בערדעלע. די מאַמע האָט אַן אויפגעלעבטע און פאַררויטלטע געשמועסט מיט אים.

געווען אַ סך וועגן וואָס צו שמועסן צווישן זיך. זיי האָבן געשמייכלט צו זיך. די אויגן און דאָס גאַנצע פּנים האָט ביי אים געשיינט בעתן רעדן זיינעם מיט דער מאַמע. אויך די מאַמע האָט אין גאַנצן געשיינט. זי האָט אויסגעזען אַנדערש. אַזוי איידל און יונגער.

דער טאַטע פלעגט אַריינקומען פון שפּייכלער, אַ פאַרכמורעטער, דער־לאַנגט יאַקובן די האַנט: שלום עליכם.

ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב אַ שטאַרק ברוגזער. געגאַנגען אין שפּייכלער אַריין, ווידער צוריקגעקומען. מיט אַ געקנייטשטן שטערן און בייזע אויגן געקוקט אויף דער מאַמען און אויף יאַקובן. איין מאָל האָב איך געהערט ווי ער האָט געבורטשעט ביים אַרויסגיין פון שטוב אין שפּייכלער אַריין:

— ווייבער זענען ווייבער. נישטאָ מיט וועמען צו גיין צום טיש...

יאַקוב האָט אַהערגעשיקט זיין טאָכטער, אַ לערערין. זי וויל אָננעמען פּריוואַטע לעקציעס.

אַלע זיינע קינדער זענען געלערנטע. די מאַמע האָט זי פריינדלעך אויפגענומען.

אָן געבעטן, אָן געוויינען און ברוגזן — די מאַמע האָט דער פריילין באַלד געזאָגט אַז היא און איך וועלן זיך לערנען ביי איר.

כ׳בין געוואָרן פריידיק איבערראַשט. קוקנדיק אויף דער מאַמע, כ׳האָב אַזש געמוזט נעמען אַ שלוק וואַסער.

— מאַך אַ שהכל, אַז דו טרינקסט, — האָט מיר גוטמוטיק געזאָגט די מאַמע.

טאַקע מאָדנע. איך טראַכט, אַז נישט בלויז אין ביכער לייען איך וועגן מאָדנע, אויסטערלישע זאַכן...

מיר לערנען זיך אַ סך ביי איר, אויך דייטש, פראַנצויזיש. מיר קומט אָן דאָס לערנען איצטער גאָר לייכט, אָן קאַפּריזן, ווי ביי בורשטינען. ס׳איז נישט בגניבה — כ׳פיל זיך גוט און נישט שולדיק.

קיין חשבון לייד איך נישט. כ׳האָב ווידער חשק אָנצושרייבן אַ דער־ציילונג. מיינע „וויפּראַצאָוואַניעס" לויבט די לערערין. טייל מאָל שרייב איך אָן אַ „וויפּראַצאָוואַניע" נישט וועגן דעם וואָס די לערערין האָט געהייסן שרייבן, כ׳וועל עס איר וויזן — און צערייסן.

דער טאַטע האָט אַ צייט געשוויגן אָן אָנגעכמורעטער. אָבער נאָך דעם איז ער אַרויס מיט רוגזה, פאַר וואָס איך לערן זיך. אויף היהס לערנען זאָגט ער גאָרנישט, בלויז אויף מיינעם. בעת זיין שרייען אויף מיר האָט ער געקוקט צו דער מאַמען.

— די לערערין, יאַקובס טאָכטער, האַ?...

די מאַמע האָט עס פאַרשוויגן מיט אַ פאַרפרעסט מויל. אפשר האָט זי שוין חרטה פאַרן דערלויבן מיר זיך לערנען?

כ׳גלויב, אַז אונדזערע לעקציעס וועלן סיי ווי נישט אָנהאַלטן לאַנג. די שיינע עלעגאַנטע לערערין זאָגט אַז עס איז איר לאַנגווייליק אין שלעשין.

## קאַפּיטל אַכט

פּויזשע איז געוואָרן אַ כּלה. כ׳בין גליקלעך. זי וועט זיין פאַרנומען מיט מענדלען — שׂרה־מרימס קוזין פון שטעטל קלעטשעווו.

באַשערט פויזשען חתונה צו האָבן מיט אַ מענדל...

נאָך אַן אויפלעבונג פאַר מיר: קיין שלעשין איז געקומען אַ טאַנץ־לערער. ער לערנט טאַנצן אין זאַל לעבן דער פּאָסט. מאַנעס האָט מיך איינגעשריבן. עס לערנען זיך אויך אַנדערע מיידלעך אין מיין עלטער.

די מאַמע ווייסט נישט אַז מאַנעס האָט מיך איינגעשריבן.

ס׳איז הימלעך, סע שפּילט מוזיק. די מוזיק פאַרשיכּורט מיך...

נעכטן, כ׳בין געזעסן נעבן וואַרעמען אויוון, געטראַכט מיט פרייד אַז כ׳וועל אין אָוונט גיין טאַנצן. געזוכט פאַר דער מאַמען אַ נייעם אויסרייד אַרויסצוגיין אין אָוונט. אָבער מיין מאַמען דאַרף מען גאָרנישט דערציילן. סיי ווי ווייסט זי אַלץ. כ׳טראַכט וועגן אַרויסגיין — און די מאַמע זאָגט:

— כ׳ווייס אַז דו קלערסט וועגן גיין טאַנצן. זאָלסט נישט וואַגן! כ׳וועל עס דערציילן דעם טאַטן!

ס׳האָט אין מיר אויפגעקאָכט אַ כּעס. די מאַמע האָט געהאַלטן אין איין רעדן אַז כ׳זאָל „מער״ נישט גיין טאַנצן, אַז זי וועט אַרויפשיקן אין טאַנצזאַל אַריין דעם טאַטן און ער וועט מיט בושה מיך אַהיימפירן.

כ׳האָב זיך צעוויינט, געגעבן אַ זעץ מיט דער טיר, אַרויסגייענדיק צו שׂרה־מרימען.

געוועזן מיט עטלעכע טעג צוריק אַ ברוגז צווישן מיר און שׂרה־מרימען אָבער ס׳איז אַדורך.

כ׳האָב מיר אָפּגעשניטן אַ שטיקל ברויט, געוואָלט עס אויפשמירן מיט שמאַלץ, וואָס זי האָט געגרייט אויף פּסח. אומגערן איז מיר אַרויס דער טאָפּ פון די הענט, דאָס שמאַלץ האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן פּאָל און אין קרעדענץ. שׂרה־מרים האָט מיך אַרויסגעיאָגט מיט כּעס.

כ׳האָב שטאַרק געבענקט נאָך איר קינד, נאָך חֶזקושן. כ׳האָב אים

שטאַרק ליב. אויך חיה און אַלע ביי אונדז האָבן מיר אים ליב. כ׳בין געגאַנגען צום פענצטער אַריינקוקן, זען חזקושן. כ׳האָב אים געזען, געוואָלט וויינען פאַר בענקשאַפט. אין אַ טאָג איז שׂרה־מרים צוגעקומען צום פענצטער מיטן קינד. דאָס קינד האָט זיך מיט די הענטלעך געצויגן צו מיר מיט פרייד־אויסרופן. מיט געוויין האָב איך געזאָגט צו מיין שוועגערין:

— אַז דו וועסט מיר נישט געבן דאָס קינד וועל איך דיר די שויבן אויסהאַקן.

— קום אַריין, משוגענע — האָט זי מיך גערופן. און אַלץ איז שוין ביי אונדז גוט, ווי געווען פריער. אַוודאי איז מיר אַ שאָד דאָס פאַרגאָסענע שמאַלץ. איך האָב זי ליב, זי איז אַ גוטע און האַרציקע. איך גיי פאַר איר געננ. זי איז שוואַנגער, מיין שוועגערין. מיט אַ שווער האַרץ גיי איך תמיד צו איר.

שׂרה־מרימס גאַנצע משפחה האָב איך ליב, רוזשען און די אַנדערע שוועסטער און ברידער וועלכע וווינען אין קאַלאַ.

ביי מיין שוועגערין האָב איך געטראָפן שמשון בלומאַן, דעם בחור וואָס לערנט מיט אונדזער יצחקן חומש און עסט ביי אונדז יעדן מיטוואָך — ס׳הייסט אַ טאָג אין וואָך.

כ׳האָב אָנגעהויבן וויינען, דערציילט שׂרה־מרימען די מאַמעס רייד. דער בחור האָט זיך אַריינגעמישט:

— ווייל מען לאָזט דיך נישט טאַנצן? ביסט נאָך יונג, וועסט זיך נאָך ווילן. דו הייבסט שוין אָן ליידן. אמת, דאָס נישט קענען דערגרייכן, ווען דו ווילסט עפּעס, קאָן מען אויך אָנרופן ליידן — אָבער גלויב מיר, אַז ס׳איז קינדעריש, ס׳איז נאַריש צוליב דעם צו וויינען.

כ׳האָב זיך געשעמט אים זאָגן אַז כ׳וויל זיין אונטער די קלאַנגען פון מוזיק, ווערן באַרוישט פון שפּילן און טאַנצן. כ׳האָב בלויז געזאָגט:

— כ׳וועל זיך אין זיי נוקם זיין.

כ׳האָב עס געזאָגט זיך צו באַרויקן. כ׳האָב נישט געטראַכט צו טאָן עפּעס להכעיס מיינע טאַטע־מאַמע. מיטן באַקלאָגן זיך פאַר זיי אויף מיינע עלטערן איז מיר געוואָרן לייכטער אויפן געמיט.

*

עס קאָכט זיך אין שלעשין.

פורים איז אין דער ביבליאָטעק געווען אַ יום־טוב, געווען פריילעך און לוסטיק. אַפילו דער פאַרלאָפּטשעטער ישיבה־בחור, בלומאַן, האָט זיך אָנגעשיכּורט מיטן ווייַן און מ׳זאָגט, אַז אויך מיט בראָנפן.

ער, דער מלמד, וועלכער לערנט מיט קינדער — האָט גערעדט קעגן רעליגיע, קעגן פאַנאַטיזם. פאַרגעלייענט פּאָעזיע וועלכע ער שרייבט, געזאָגט, אַז ער האָט אַ געליבטע וועלכע האָט אַ מאַן און צוויי קינדער.

די גאַנצע צייט געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער איז פאַנאַטיש פרום. עטלעכע יאָר אַזוי גענאַרט...

איין מאָל, אין דעם טאָג וואָס ער האָט ביי אונדז געגעסן קעסט — האָט ער מיך אָנגעהויבן מוסרן אַז כ׳בין נישט גענוג פרום.

ער אויך? — האָב איך געטראַכט מיט כּעס — ווייניק צרות פון טאַטע־מאַמע? זיי היטן מיך כ׳זאָל נישט נעמען אין מויל אַריין אַ ביסן אָן אַ ברכה.

כ׳האָב זיך אָנגעהויבן מיט אים רייצן. געזאָגט אים להכעיס אַז כ׳גלויב אין גוייִשן גאָט. זיך אַנידערגעקניט און געזאָגט דעם „פּאַצ׳עזש: אויטשע נאַש״... כ׳קען אים פון אויסנווייניק, זייט כ׳בין געגאַנגען אין דער פאָלקסשול פון וואַנען מען האָט אונדז, די ייִדישע קינדער, אַרויסגעטריבן.

— ביסט אַן אויסוואורף, אַ קאַליע־געוואָרענע! — האָט ער זיך געבייזערט אויף מיר.

איצטער האָט זיך אַרויסגעוויזן וואָסערער „צדיק״ ער איז. ער, אַ מלמד, אַ חסידיש־געקליידעטער, כּלומרשט פאַנאַטיש פרום — און גלייבט נישט אין גאָט, ווי ער האָט עס אַליין געזאָגט פורים.

ער וועט מוזן אַוועק פון שטעטל. ער ווערט שוין דאָ באָיקאָטירט. מען וויל אים נישט האָבן פאַר אַ מלמד. אויך ביי אונדזער יצחקן איז ער אויס מלמד. געווען נעכטן מיטוואָך און ער איז נישט געקומען עסן ביי אונדז.

כאָטש דער טאַטע האָט געזאָגט אַז מען דאַרף נישט געבן צו פרעסן דעם פושע־ישׂראל — און די מאַמע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — האָט זי זיך געדרייט אומרויִק. מיט אַ גרימאַס אויפן פּנים אַריינגעלייגט קאַשע אין אַ טעלער, צוגעגרייט געפּרעגלטע לעבער. בשעת מעשׂה געמורמלט צו זיך:

— אַזאַ בחור, אַ לאַנג־געקליידעטער, אַ מלמד, געהערט אַ מעשׂה? גאָר אַן אָנשטעל צו מיינע שׂונאימס קעפּ!

דווקא איצטער וואָלט איך געוואָלט מיט אים שמועסן. אינטערעסאַנט: ווי האָט ער געקענט אַזאַ לאַנגע צייט מאַכן אַן אָנשטעל?

איך דערמאָן זיך, אַז ער פלעגט אויסלייען אין ביבליאָטעק אַ סך ביכער. ער פלעגט זיי איינוויקלען אין אַ פּאַפּיר ביים אַרויסגיין פון ביבליאָטעק.

*

דער ווינט פייפט, קלאָגנדיק, וואָיענדיק. מיט יעדן פייף האָב איך דאָס געפיל ווי מען וואָלט מיך געשמיסן, ווי דער ווינט רייסט מיך מיט מיט זיך.

איך פאַרשטאָפּ זיך די אויערן. כ׳וויל נישט הערן דאָס וואָיען. כ׳וואָלט געוואָלט ערגעץ אַנטלויפן אָבער נישט מיטן ווילדן ווינט.

עמעצער גייט פאַרביי אין גאַס. ס׳איז אַ שייגעץ. ער שפּילט אויף אַ האַר־מאָשקע — און אַלץ האָט זיך געביטן. דער ווינט האָט אויפגעהערט צו האָבן איבער מיר די שליטה.

צוליב די מעלאָדישע טענער בין איך בכּוח זיך אָפּטרייסלען פון טרויער.

איך גיי אין טאַנצזאַל. כ׳שלאָף ביי מיין שוועגערין. זי איז שוואַנגער און פלעמל איז נישטאָ אין דער היים — צוליב מסחר.

איך גיי פרי אַוועק פון שטוב. כ׳זאָג, אַז כ׳גיי שלאָפן און גיי אין טאַנצ־זאַל. דאָרטן איז גוט, מוזיק!

אונטער די מוזיק־קלאַנגען דאַכט זיך מיר כ׳בין ווייט פון דעם טאָג־טעגלעכן, כ׳בין דאָרטן, ווו אַלץ איז גוט און שיין. איך פיל עפּעס אַזוינס וואָס איך קאָן עס נישט אויסדריקן מיט קיין ווערטער.

מוזיק רעדט מיט אַ דערהויבענער גייסטיקער שפּראַך. עס וועקן זיך אין דער טיפקייט באַהאַלטענע געפילן. כ׳האָב נישט געוווּסט פון זייער עקזיסטענץ.

## קאַפּיטל ניין

מיין שוועגערין, שׂרה־מרים, האָט געבוירן אַ מיידעלע. מ׳האָט דעם קינד אַ נאָמען געגעבן פייגע־אסתּר. אָבער מען רופט זי עטקע. פייגע־אסתּר, דער נאָמען פון מיין פאַרשטאָרבענער באָבע.

איצט גיט מען די אייניקלעך דעם נאָמען נאָך דער באָבע. ביים לעבן האָט זי אירע שנירן נישט ליב געהאַט. די מאַמע און די מומע־נעכע האָבן זי גערופן אונטער די אויגן נישט אַנדערש ווי: די אַלטע.

די מאַמע האָט געזאָגט, אַז די באָבע נוצט צו די חלות־באַקן סאַכאַרין אַנשטאָט צוקער.

מ׳האָט אין שטוב דערציילט אַז די באָבע איז געבוירן אין לעטלאַנד. דער זיידע איז געווען אַ קאַנטאָניסט. די קאָזאַקן האָבן אים געכאַפּט אַלס קינד און אים גענומען צום מיליטער — ער איז געווען אַ זעלנער פינף און צוואַנציק יאָר.

דער טאַטע איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד אין נאָוואָגרודעק.

די באָבע האָט כסדר דערמאָנט דעם זיידן. אַ סך מאָל מיט טרערן אין די אויגן. זי פלעגט זאָגן:

— אברהם ע״ה האָט זיך נעבעך אָנגעליטן ביי די רשעים. ער האָט נישט געגעסן קיין טרפות...

ווען די באָבע האָט געלויבט איר פאַרשטאָרבענעם מאַן האָט די מאַמע זיך געקרימט. כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז אויך אים האָט די מאַמע נישט ליב געהאַט. און טאַקע: נישט איין מאָל נאָך דער באָבעס רעדן וועגן זיידן, ווען זי איז אַוועק, האָט די מאַמע געזאָגט מיט ביטול:

— אַ גוטע נשמה געווען... ווען מ׳איז געקומען צו אים באָרגן די האַק צו האַקן האָלץ, האָט ער געזאָגט: אַ האַק האָב איך, נאָר באָרגן וועל איך זי נישט.

— אפשר האָט ער מורא געהאַט, אַ האַק... — האָב איך זיך איין מאָל אָפּגערופן.

— דו וויש דיר אָפּ די נאָז, נישט דייַן זאַך! — האָט די מאַמע זיך געבייזערט.

אָבער נעמען פאַראַן נאָכן זיידן. מיין ברודער אברהם, אויך ב ר י י נ ע איז אַ נאָמען נאָכן זיידן.

די באָבע איז געווען אַ קליינע, אַ רירעווודיקע. מיטן אָנבליק פון מיין טאַטן. זי איז אַלט געווען פיר און אַכציק יאָר ווען זי איז געשטאָרבן.

פיר וואָכן פאַרן שטאַרבן איז זי קראַנק געוואָרן. און ביז דעמאָלט האָט

זי זיך אַליין אויסגעהאַלטן מיטן פאַרקויפן וועש און סחורה אין די מאַרקטעג. ווען ס׳איז נישט געווען קיין מאַרקטאָג איז זי געגאַנגען צו פוס, געטראָגן וועש זיבן קילאָמעטער צום דאָרף ליכין און צוריק — יעדן טאָג. דאָרטן האָט זי געהאַט אירע קליענטן. זי האָט גערעדט מיט אַ מאָדנעם אַקצענט. אַנשטאָט צו זאָגן אויף אַ קינד אין פּויליש דז׳עצקאָ — האָט זי געזאָגט: דעטינאָ.

זי פלעגט אונדז, קינדער, געבן אַ פּאָר גראַשן חנוכּה־געלט און דערפאַר אונדז געהייסן זיך גוט אויפפירן.

זי האָט געוווינט ביי אונדז אין שטיבל אויפן בוידעם, דערנאָך אין אַ הילצערנע הייזקע.

די מאַמע האָט געקוקט אויף איר אומפרייַנדלעך. כ׳געדענק ווי דער טאַטע האָט מיך געשיקט זי רופן פּסח צום סדר. זי האָט נישט געוואָלט קומען.

ווען זי איז געוואָרן קראַנק האָבן ביידע זין, דער טאַטע און דער פעטער מענדל געזאָרגט וועגן איר, געגנעכטיקט ביי איר.

מיר — פערל און איך — זענען געווען מיט איר גאַנצע טעג.

געווען ווינטער. ס׳איז אונדז געווען היימלעך צו זיצן צוזאַמען ביי דער וואַרעמער בלעכענער קיך. מיר האָבן געבראָטן אַרבעסן און זיי געשיט זיך אין מויל אַריין, געשמועסט, געלאַכט. די באָבע איז געלעגן אין בעט רויִק, נישט געקרעכצט ווי די מאַמע — ווען זי איז קראַנק.

כ׳האָב זי איין מאָל געפרעגט איר פאַמיליע־נאָמען האָט זי מיר געזאָגט: קאַרלין.

דער טאַטע און דער פעטער האָבן דער באָבען און מיר מיט פערלען געבערענגט עסן. ר׳איז געווען גוט צו דער באָבען. געפרעגט זי צערטלעך:

— מאַמע, וואָס מאַכסטו?

— כ׳האָב געזען אברהמען, ער רופט מיך צו זיך. מיין טאַטע, מיין מאַמע, אַלע וואַרטן שוין אויף מיר...

— האָסט צייט, מאַמע! — האָט זיך דער טאַטע ווי אָפּגעשאָקלט. אויך דער פעטער איז געוואָרן אומרויִק.

אין אָוונט האָב איך געהערט ווי דער טאַטע, זיצנדיק ביי אַ הייס גלאָז טיי האָט געזאָגט צו דער מאַמע מיט אַ טרויעריק פּנים:

— זי האָט שוין געזען דעם טאַטן ע״ה, די באָבע הינדע ע״ה און אַלעמען. זי זאָגט, אַז זיי שטייען נעבן איר בעט.

די מאַמע האָט טיף אָפּגעזיפצט, געפרעגט:

— צי האָט זי געגנוג וואַרעם אין בעט? אפשר ברויך זי אַ וואַרעמ־פלאַש?

— זי ברויך נישט, — האָט דער טאַטע געזאָגט.

אין אַ טאָג, גאַנץ פרי איז דער טאַטע אַהיימגעקומען פון נעכטיקן ביי דער באָבען, מיר זענען נאָך געלעגן אין די בעטן:

— קינדער — האָט ער געזאָגט — שוין נישטאָ די באָבע. עך האָט שוין נישט קאָ באָבע. — זיין קול איז געווען פאַרענדערט.

פּויזשע האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי: אוי!

מיר איז געוואָרן טרויעריק אויפן האַרצן.

די מאַמע האָט געוויינט.

אויף דער לוויה געווען אַ גרויס געוויין. די זין, די שנירס, די אייניקלעך, אַלע האָבן געוויינט. רחל האָט געשריגן:

— באָבע, ווו האָסטו אונדז איבערגעלאָזט!

— נאָך ליכין אַוועק... — האָט זיך עמעצער אָפּגערופן.

די באָבע, פייגע־אסתר, אַוועק. אין דער משפחה פאַראַן עטלעכע עטקעס — פאַרצויגענע פון איר נאָמען.

ביים לעבן האָבן מיר נישט געהערט אַ סך רעדן וועגן דער באָבע. „די אַלטע״ האָט קיין זאַך נישט געבעטן ביי אירע קינדער און משפּחה. זי האָט זיך אַליין אויסגעהאַלטן ביז לעצט.

אָבער נאָך איר טויט האָבן מיר נאָך לאַנג געהערט רעדן וועגן איר אין שטוב.

פאַרן שטאַרבן האָט זי דערציילט אירע קינדער אַז זי האָט געבאָרגט געלט דעם שוחט און חזן פרידמאַן און ער דאַרף עס אָפּגעבן זיי — די ירושה.

דער טאַטע און דער פעטער האָבן זיך געוואָנדן צו דעם חזן, געמאָנט ביי אים דער באָבעס געלט.

דער איידעלער און פיין־דערצויגענער חזן, פרידמאַן, האָט זיך אָפּגעזאָגט

אָפּצוגעבן דאָס געלט. געטענהט — ער האָט נישט. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס רופן אים צום רב צו אַ דין־תּורה.

טאַקע געווען אַ ווונדער אויף אים. ווען כ׳בין דערנאָך געגאַנגען צו אים שעכטן אַן עוף — פלעגט ער שווייגנדיק נעמען דאָס עוף, געשאָכטן, נישט געקוקט אויף מיר.

ער האָט פאַרלאָזט שלעשין, און אויס מיטן געלט. אָבער אַ לאַנגע צייט האָט מען געהערט ביי אונדז רעדן: שוחט, געלט, געלט, געלט.

כ׳בין קראַנק געווען עטלעכע טעג, געהאַט היץ, שלעכט געשלאָפן אין די נעכט. די מאַמע איז געשטאַנען ביי מיין בעט אַריבערגעבויגן איבער מיר. אַלע מאָל צוגעלייגט איר פּנים צו מיין שטערן. זי האָט געוויינט, ווען זי האָט געפילט אַז איך האָב היץ. גאַנצע נעכט איז זי נישט געשלאָפן, געזעסן נעבן מיר, מיך געגלעט און אַלע מינוט מיר געטאַפּט דעם שטערן.

כ׳האָב אויסגעטרונקען דעם ריצין־אייל גיך, ווייל זי איז געווען גוט און האַרציק צו מיר. מיט זאָרג און אַוודאי אויך מיט ליבשאַפט האָט זי כּסדר אויף מיר געקוקט. אַפילו פאַרגעסן מיך הייסן מאַכן אַ שהכּל צום טיי וואָס כ׳האָב געטרונקען. כ׳האָב געפילט צו איר דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט.

ווען דער ריצין־אייל האָט נישט צוגענומען מיין היץ האָט זי מיך אין אַן אָוונט — ווען מיר זענען געווען אַליין אין שטוב געפרעגט שטיל:

— און אפשר... אפשר האָסטו באַקומען די געבלוטן און דו האָסט זיך חס וחלילה פאַרקילט? יאָ? האָסט עס שוין באַקומען?

כ׳האָב פאַרשטאַנען דער מאַמעס מיין. ס׳איז מיך באַפאַלן אַ בושה:

— מאַמע, רעד נישט אַזוי צו מיר...

— אָבער הינדע, שעם דיך נישט, זאָג. אַלע מיידלעך האָבן עס. זאָג מיר, כ׳מוז עס וויסן, אפשר ברויך מען אַ דאָקטאָר, אפשר חלילה...

— מאַמע, רעד נישט אַזוי...

— זאָג עס בלויז מיר, כ׳בעט דיך, שעם דיך נישט פאַר מיר!

— מאַמע! ווי רעדסטו?...

— זאָג מיר!

— ניין, ניין. איך וויל עס נישט הערן!

כ׳האָב זיך אויסגעדרייט אומגעדולדיק צו דער וואַנט. די מאַמע איז

אַוועק פון מיין בעט. אפשר האָט זי געוויינט? איך האָב זיך געשעמט צו רעדן דערוועגן, כאָטש כ׳האָב בלויז איר געדאַרפט זאָגן: ניין, כ׳האָב עס נאָך נישט.

צו מאָרגנס האָט זיך בייניש דערמאָנט אַז אויך פערל איז קראַנק, האָט היץ, זי איז געזעסן נעבן פּערלס בעט. אפשר האָט זי זיך פון איר מיט עפּעס אָנגעשטעקט?

טאַקע, פּערל האָט געגליט פון היץ. מען האָט איר געשטעלט פּיאַווקעס און ווען עס האָט נישט געהאָלפן האָט מען גערופן צו איר אַ דאָקטאָר.

די מומע מיטן פעטער זענען אַרומגעגאַנגען נעבן פּערלען ווי משוגע־געוואָרענע, און איך בין געזעסן אַ סך אויף איר בעט. אפשר האָב איך זיך מיט עפּעס אָנגעשטעקט? אפשר איז ער גערעכט, בייניש?

אָבער איך בין געזונט געוואָרן — און פּערלען האָט מען אַוועקגעפירט נאָך קאָנין אין שפּיטאָל אַריין.

די מומע און דער פעטער וויינען, פאָרן צו איר.

אַבי מיר רעדן צווישן זיך אַז די עלטערן האָבן אונדז נישט ליב. ווען מיר זענען קראַנק האָבן זיי אונדז ליב.

אַ שאָד מיר פּערלען, וואָס זי איז קראַנק. איך בענק נאָך איר. מ׳זאָגט, אַז זי איז קראַנק אויף פּאָקן.

אַזאַ שיינע און די פּאָקן וועלן איר איבערלאָזן לעכער אין פּנים. פאַראַן עטלעכע געשטופּלטע אין שלעשין. אויך רויזע דאָברישס איז געשטופּלט.

אַ שאָד מיר פּערלען.

פּויזשעס חתונה וועט זיין אין גיכן.

מיט פּויזשען האָב איך געמאַכט שלום. שווער געווען אויסצוהאַלטן אירע טענות קעגן מיר... וואָס כ׳האָב געטאָן איז געווען שלעכט...

אין אַ טאָג בין איך צוגעטראָטן צו איר נאָענט, געקוקט איר גלייך אין די אויגן, געזאָגט איר:

— מיר וועלן זיך איינטיילן מיט דער שטוב־אַרבעט. איך וועל רוימען די צוויי צימערן אויף דער צווייטער זייט און דו וועסט רוימען דעם לאַנגן צימער און די קיך. אויך מיטן געפעס־וואַשן וועלן מיר זיך איינטיילן, אַבי עס זאָל זיין שלום צווישן אונדז.

פויזשע האָט מיך אָנגעקוקט. דאָס מאָל איז נישט געווען קיין כּעס אין אירע אויגן.

— גוט, — איז זי באַשטאַנען אויף מיין פאָרשלאָג.

מיר פירן זיך אַזוי ווי כ'האָב איר געזאָגט — און עס הערשט ביי אונדז שלום. אין קורצן וועט זי חתונה האָבן. דערפאַר איז זי פאַרטאָן אין צוגרייטן זיך דעם אויסשטייער, מיט שניידערינס. זי איז אין אַ גוטן געמיט־צושטאַנד.

דער געדאַנק וועגן מיין אָנבאָט איז מיר געקומען ווען כ'האָב דורכגע־לייענט אירס אַ בריוו צו וואָלפן נאָך דייטשלאַנד. כ'האָב שוין געלייענט אירע בריוו אין דייטש און פויליש. זיי געפעלן מיר. דורך דעם בריוו צו וואָלפן האָב איך דערזען אַן אַנדערע פויזשע.

זי שרייבט שיין און מיט האַרץ, האָט אַ שיינעם סטיל. האַרציק זענען די בריוו — און זי דייט אָן אין די בריוו אַז זי איז אומגליקלעך. זי ליידט. מיט וואָס ליידט זי?

כ'האָב זי אָנגעקוקט פון ס'ניי. זי זעט נישט אויס קיין שלעכטע. איר פנים האָט אַ ווייכקייט. זי קרייט זיך צו איר חתונה און ליידט...

כ'האָב זיך דערמאָנט אין מאַקסן. אפשר וואָלט זי געוואָלט בעסער חתונה האָבן מיט יענעם מענדל? אָבער איר פנים ווייזט נישט אַז זי ליידט.

איך טראַכט אויך אַז טראָץ איר פרומקייט האָט זי געלייענט אַ סך ביכער, ראָמאַנען. זי פלעגט וויינען איבער די העלדן פון די ביכער, מיטליידן מיט זיי.

און פאַר וואָס די שלעכטע באַציִונג מיינע צו איר? פאַר וואָס איר שלעכ־טע באַציִונג צו מיר? טאַקע, פאַר וואָס?

ס'איז שוין שפּעט ביי נאַכט. כ'זיץ נעבן די וואַרעמע קיך און וואַרט אויף מאַנעסן. ער דאַרף קומען פון דאָרף.

גוט צו זיצן אין דער וואַרעמקייט, ווען אין דרויסן איז קאַלט און עס פאַלט אַ שניי. איך האָרך זיך איין צום זידן פון וואַסער אין טשייניק.

איצט קאָכט עס שטילער. פריִער האָב איך געהערט פון זידנדיקן וואַסער אַ באַקלאָגן זיך, אַז דאָס פייער ברענט עס צו פיל. האָב איך צוגעגאָסן וואַסער אין טשייניק, ווייל אפשר באַקלאָגט עס זיך אויף אַן אמת אַז דאָס פייער ברענט אָן רחמנות?

כ׳האָב טאַקע געהערט זיך באַקלאָגן, אויף אַן אמת. איצטער איז שוין שטילער אין טשייניק.

כ׳האָב אין גאַנצן געוואָלט אַוועקנעמען דעם טשייניק פון פייער, נאָר עפּעס האָט אין מיר געחוזקט... מאַנעס וועט באַלד קומען, ער דאַרף טרינקען אַ הייסע טיי.

*

אַ מיידל, אַ סטודענטין, איז געקומען פון קאַליש, אָנגענומען עטלעכע פּריוואַטע לעקציעס. כ׳האָב באַשלאָסן זיך לערנען ביי איר. געטראַכט: דאָס מאָל וועט עס זיין אַן געווינען, אַן איינבעטן זיך. כ׳וועל זיך באַהאַלטן מיטן לערנען.

די מאַמע האָט דערשנאַפּט אַז ס׳איז געקומען אַ לערערין.

— כ׳ווייס, אַז דו ווילסט זיך ביי איר לערנען. טראַכט נישט דערוועגן — האָט זי צו מיר געזאָגט.

— איך? איך וויל זיך מער נישט לערנען. עס חלומט זיך מיר אַפילו נישט דערוועגן — האָב איך געלייקנט. געפילט זיך שלעכט צוליבן ליגן־זאָגן.

כ׳האָב זיך געלערנט. די לערערין איז געווען אַ גוטע, מיט פאַרשטענ־דעניש פאַר מיר. זי האָט מיך אַפילו געלויבט אַז כ׳לערן זיך גוט און אַנדערע גוטע ווערטער.

כ׳האָב איר נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן, ווייל זי האָט געוווּסט אַז איך לערן זיך בגניבה.

בלויז דריי חדשים געלערנט. זי איז קראַנק געוואָרן און אַוועקגעפאָרן.

פויזשע האָט חתונה געהאַט. אַן אַנדער לעבן אין שטוב פאַר מיר, כאָטש מיר האָבן זיך שוין נישט געקריגט ווי פריִער.

זי קומט אָפט אַריין. פאַרמסרט מיך פאַר דער מאַמען — פּונקט ווי פריִער. דאָך איז עס אַנדערש.

איך שלאָף אין בעט מיט חיהן, אָנשטאָט מיט פויזשען. חיה, כאָטש זי איז יינגער פון מיר איז זי מיר אַ געטרייע חברטע. מיר פאַרשטייען זיך גוט. און תמיד האָבן מיר וועגן וואָס צו שמועסן.

זי איז קליינערהייט געווען אַ שוואַכע, אָבער ווי מיט אַ מאָל איז זי אויס־געוואַקסן — אַ קלוגע, אַ פאַרשטאַנדיקע.

אַוועק דער ווינטער, ווידער זומער. איך שפּאַציר מער מיט חיהן ווי מיט פּערלען. מיר זענען אַרויס אויפן הויף באַרוועסע. דורכן אָפענעם טויער איז אַריין אַ יונגער מאַן, אַ פרעמדער, געפרעגט אונדז, צי מיר האָבן נישט צו פּאַרדינגען אַ צימער פאַר אים.

דער טאַטע איז גראָד געווען אויפן הויף, האָט ער זיך דערנענטערט צום פרעמדן, געפרעגט אים צו וואָס ער זוכט אַ צימער.

דער יונגער מאַן, אַ הויכער, אַ שיינער, האָט געזאָגט, אַז ער וויל איין שטעטל אָננעמען עטלעכע פּריוואַטע לעקציעס.

— לעקציעס ?! — האָב איך אויסגעשריגן. פאַרגעסן אַז כ׳שעם זיך ווייל כ׳בין אַ באַרוועסע.

דער טאַטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פאַרכמורעט פּנים און אים געזאָגט קורץ :

— נישטאָ קיין צימער ביי אונדז.

דער יונגער מאַן איז אַרויס פון הויף. איך בין אים נאָכגעלאָפן, אים געזאָגט, אַז כ׳קאָן זיך נאָכפרעגן וועגן אַ צימער פאַר אים. מיר וועלן זיך פאַר נאַכט טרעפן אין ביבליאָטעק, וועל איך געבן אַן ענטפער.

כ׳האָב זיך נאָכגעפרעגט. מ׳האָט מיר צוגעזאָגט, אין דער זשאַבע־גאַס, ביי גויִים וועט זיין צו פאַרדינגען אַ צימער.

ווען כ׳בין געגאַנגען אין ביבליאָטעק מיטן ענטפער, האָב איך אים געטראָפן אין דרויסן, ער האָט געשמועסט מיט מיינע קוזינעס.

פּערל און בריינע האָבן דערשמעקט אַ פרעמדן יונגנמאַן האָבן זיי זיך שיין אויסגעפּוצט. מסתּמא געפינען אַ מעגלעכקייט זיך דערנענטערן צו אים. ער האָט מיך דערזען, צוגעקומען צו מיר.

ער האָט געלאַכט. געזאָגט, אַז מיט וועלכן מיידל ער האָט דאָ גערעדט, באַקלאָגן זיך אַלע אויף לאַנגוייל.

— וואָסער פּרעכטיקע נאַטור איז דאָ! מיין גרעסט גליק וואָלט געווען לעבן דאָ אין דער שטילקייט, לייגן זיך אויפן גראָז, צי אין וואַלד, לייענען, איינזאַפּן די ריחות און די שטילקייט. זיין ווייט פון שטאָטישן גערודער.

— ניין, איך בין אויך נישט מסכּים מיט אייך. נישט תּמיד קאָן מען פאַרטראָגן די שטילקייט, דאָס גרינס אַרום.

מיר האָבן זיך צעשמועסט. געווען אינטערעסאַנט צו שמועסן מיט אים וועגן ביכער. בריינע און פערל זענען צוגעקומען. בריינע האָט געשנורעוועט איר מויל, אויך פערל האָט זיך געדרייט אַרום אים, אונטערטאַנצנדיק. זי האָט שיין אויסגעזען. דאָס קראַנק זיין אויף פּאָקן האָט איר נישט געשטערט צו איר שיינקייט. קוים איבערגעבליבן עטלעכע שטופּלען אין פּנים.

כ׳האָב ווייטער פאָרגעזעצט דעם שמועס וועגן ביכער, וועגן דאָסטאָ־יעווסקין וואָס איך האַלט אין לייענען.

מיינע קוזינעס האָבן געשוויגן אומצופרידענע. געוואָרפן אויף מיר בייזע בליקן. איך האָב טראַציק אָנגעהאַלטן דעם שמועס וועגן ביכער.

די קוזינעס זענען אַוועק ברוגזע. עטלעכע טעג געווען ברוגז.

אַזוי גאָר? איך טאָר נישט רעדן וועגן ביכער דערפאַר, ווייל זיי לייענען נישט קיין ביכער?

אָבער פערל איז געקומען זיך איבערבעטן מיט מיר. מיר דערציילט, אַז דער יונגער מאַן איז אַן אָרעמער סטודענט. זי איז געווויר געוואָרן אַז ער האָט נישט קיין געלט אויף צו קויפן עסן. ביז ער וועט האָבן די דירה שלאָפט ער אין דער אכסניה ביי דרוקערן — דאָס וויס איך. אָבער ער האָט נישט קיין געלט צו קויפן עסן?...

פרייטיק צו נאַכט וועט ער בלייבן אָן עסן? דרוקער האָט עס דערטראָגן צו דער יוגנט פון שטעטל. פערל האָט עס געהערט דערציילן.

עטלעכע יונגע־לייט האָבן געזאַמלט געלט. אויך געשאַפן עסן.

פערל האָט עס באַקומען אַריינצוטראָגן אין דער אכסניה. זי האָט מיך גערופן. מיר האָבן אַריינגעטראָגן געפילטע פיש, חלה, פלייש און מייערן־צימעס, עס דערלאַנגט דער פרוי דרוקער.

ער האָט אונדז באַמערקט, כאָטש מיר האָבן זיך געהיטן ער זאָל אונדז נישט זען. מיר האָבן שטיל גערעדט דערלאַנגענדיק דאָס עסן.

דעם אָוונט האָט ער שפּאַצירט אין דרויסן. כ׳האָב אויך שפּאַצירט מיט פערלען. ער האָט אונדז אויסגעמיטן, נישט צוגעקומען צו אונדז. אַפילו אונדז נישט באַגריסט. כ׳האָב צו אים געקוקט, געזען אַ טרויער אויף זיין פּנים. מיר האָבן זיך דערנענטערט, שפּאַצירט נעבן אים. ער האָט זיך אויסגעדרייט, איז אַוועק. ס׳איז מיר געווען אויף אים אַ רחמנות.

שבת אַ גאַנצן טאָג האָט ער אויסגעמיטן אונדז צו טרעפן. זונטיק איז ער אַוועקגעפאָרן. געבליבן מיר אַ טרויער אין האַרצן. בלויז דער טאַטע איז צופרידן וואָס ער איז אַוועקגעפאָרן:

— ווידער געווען עמעצער וואָס האָט געוואָלט זיי לערנען שמד. וואָס זענען זיי אין די ביכער?

די מאַמע האָט אַרויפגעצויגן די ברעמען. געשוויגן. איך מיין אַז זי פאַרשטייט וואָס מען זעט אין די ביכער. טראָץ איר אויפפירונג, פאַרשטייט זי יאָ וואָס מען „זעט" אין ביכער.

✶

קורץ נאָך פּויזשעס חתונה איז אויך מיין קוזינע רחל געוואָרן אַ כלה און חתונה געהאַט. זייט אַ צייט ווי כ'האָב אויפגעהערט איר פאַרלייענען ביכער און מעשה־ביכלעך. זי איז געווען פאַרנומען מיט שפּאַצירן מיט אַ יונגנמאַן פון קאָבין וועלכער פלעגט אָפט אַהערקומען צו זיינע קרובים, פאַרבלייבן עטלעכע וואָכן אין שלעשין. ער איז אַ שיינער הויכער יונגער מאַן, אַ סימפּאַטישער און קען שיין טאַנצן. ער איז געפעלן רחלען.

איין מאָל, ווען שרה־מרים מיט די קינדער זענען געפאָרן קיין קאָלאָ, און אויך פּלעמל איז נישט געווען אין דער היים — בין איך ביי זיי געשלאָפן מיט פּערלען. אין אַן אָוונט איז אויך רחל געקומען שלאָפן. דער יונגער מאַן האָט זי באַגלייט. אַנשטאָט זי זאָל גיין שלאָפן און ער זאָל אַוועקגיין, האָבן זיי זיך געזעצט נעבן פענצטער.

איך און פּערל האָבן זיך געלייגט שלאָפן. רחל האָט אויסגעלאָשן דאָס נאַפט־לעמפל און זיי זענען געזעסן אין דער פינצטער.

שפּעט ביי נאַכט בין איך אויפגעקומען פון שלאָף. כ'בין שלעכט געשלאָפן צוליב זייער זיצן... כ'האָב זיך איינגעהערט ווי רחל האָט כסדר געזאָגט:

— „פּאַניע הערמאַניע, ניעך שע פּאַן ליטשי", אָנע הענט, „פּראָשע באַרדזאָ". זי האָט נאָר כסדר געבעטן ער זאָל זי נישט אָנרירן. דאָך איז זי מיט אים געזעסן אַ לאַנגע צייט, ביז כ'בין ווידער איינגעשלאָפן.

ווען דער יונגער מאַן איז אַהיימגעפאָרן איז רחל געפאָרן נאָך קאָבין. זי האָט דאָרטן געוויילט ביי אַ קוזינע.

אין אַ טאָג איז געקומען אַ שדכן צום פעטער — ער האָט אַ גוטן שידוך

פאַר רחלען. אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען דער געשדכנטער יונגער מאַן, מיטגעבראַכט זיין אַלטע מאַמע און צוויי ברידער מיט שוועגערינס. זיי אַלע דאַרפן אים זאָגן מבינות אויף רחלען.

רחל איז געווען אין קאָנין. און מסתמא אויך דאָרטן שפּאַצירט מיטן שיינעם יונגנמאַן.

דעם פעטער איז דער שידוך געפעלן. די משפחה זעט אויס לייטיש, זיי האָבן געזאָגט אַז נח — אַזוי הייסט ער — איז רייך, ממש אַ גביר.

אפרים, רחלס ברודער, האָט איינגעשפּאַנט דעם וואָגן, בריינע, פערל און איך זענען מיטגעפאָרן ברענגען רחלען צום „קוק".

נישט גערן איז רחל אַרויף אויפן וואָגן צוריקצופאָרן פון קאָנין. די גאַנצע צייט איז זי געזעסן אויפן וואָגן אַ פאַררויטלטע פון אויפרעגונג. דאָך האָט זי געפרעגט וועגן יונגנמאַן, ווי ער זעט אויס, צי ער איז אַ שיינער.

איך האָב אים קוים געהאַט אָנגעקוקט. געווען אַ געפילדער אין שטוב. אַלע דריי פרעמדע מאַנסלייט האָבן געהאַט כמעט דעם זעלבן אויסזען. הויכע, דאַרע, מיט לאַנגע, דאַרע פנימער, לאַנגע, דינע אויסגעצויגענע נעז און מיט פליכן אויף די קעפּ. אַזוי זעט אויס נח, פונקט ווי זיינע צוויי ברידער.

די מאַמע מיינע, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם „קוק" האָט זיך גע־קרומט:

— געזען אַ מעשׂה ?... געקומען צום „קוק" מיט אַ גאַנצער סוויטע, דערצו אַזאַ שאַנקייט... כ'זאָל זיך נישט פאַרזינדיקן, רבונו של עולם!

ווען רחל איז אַריין אין שטוב, אָנגעקוקט נחן, איז זי בלאַס געוואָרן. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי צו מיר געזאָגט:

— דער יונעק וועט עס זיין מיין חתן ?... אוי ווי איז צו מיר!

און אַזוי ווי דער פעטער האָט געהאַלטן אַז עס איז אַ גליק־שידוך, נח איז רייך — איז רחל פאַר אים אַ כּלה געוואָרן.

געווען פריילעכע תנאים. אַ סך געסט פון חתנס צד. ביי מיין פעטער און מומע ווייסן זיי, ווי אַזוי צו פראַווען פריילעכע און שיינע שׂמחות.

דער חתן פלעגט אָפט קומען באַזוכן די כּלה. ס'איז ביי זיי פאָרגעקומען אַ שפּיל. דער חתן פלעגט אָפט צוגיין צו רחלען, זי קושן, צמאָקען. זי האָט זיך געלאָזט קושן פון אים, אַ צעשמייכלטע, אין דער אָנוועזנהייט פון אַלע

אין שטוב, אויך איך. דער פעטער, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אין די וואָנצעס און באָרד אַריין, יאָגט אַוועק דעם חתן פון דער כּלה.

— ניש שיין, ניש שיין...

נח, אַן אויסגעצויגענער, אַ לאַנגער (די מאַמע זאָגט אַז ער זעט אויס ווי אַ באָטשאַן), גייט אַוועק. ווען דער פעטער זעצט זיך אַוועק ביים טיש — לויפט נח ווידער צו צו רחלען, קושט זי, צמאָקעט. און ווידער לויפט צו דער פעטער, שטערט זיי גוטמוטיק.

— אַוועק! ניש שיין, ניש שיין.

און דאָס שפּיל גייט אַזוי אָן.

ביי אונדז ווייסט מען וועגן דעם שפּיל. די מאַמע האָט שלעכטע ווערטער וועגן דער פירונג. ביי אונדז וואָלט עס זיכער נישט געשען. מיר האָבן קיין מאָל נישט געזען פלעמלען קושן זיין כּלה, אויך נישט פויזשען מיט איר חתן. מעגלעך אַז זיי האָבן זיך געקושט, אָבער קיינער האָט עס נישט געזען.

קורץ פאַר דער חתונה האָט נח געשריבן צום פעטער אַז מ'האָט אים באַגנבעט. גנבים האָבן אים צוגעגנבעט אַ טייל פון זיין עשירות. און באַלד נאָך דער חתונה האָט ער געשריבן אַז מ'האָט אים צוגעגנבעט דאָס גאַנצע פאַרמעגן.

רחל איז געבליבן מיט נחן אָן זיין עשירות.

(ביי אונדז אין דער היים האָט מען געשמועסט, אַז ער האָט עס קיין מאָל נישט געהאַט.)

דאָס יונגע פּאָרפאָלק איז געקומען אויף אַ באַזוך און איך האָב בייגע־וווינט אַ קריגערייַ מיט נחן ביי מיין פעטער אין שטוב.

נח האָט געפאָדערט געלט ביים פעטער. ער האָט באַקומען ווייניק נדן און נאָך דער גניבה האָט ער נישט קיין פּרוטה.

— אַפילו די הייזער האָט מען ביי דיר צוגעגנבעט?... — האָט דער פעטער געפרעגט.

נח האָט אָנגעהויבן זידלען דעם פעטער, געוווען געוואַלדן, זידלערייען. רחל האָט יאָמערלעך געוויינט, כּמעט געחלשט.

נח האָט גענומען רחלען אונטערן אָרעם, זי אַרויסגעפירט אין דרויסן. אויך די מומע־נעכע האָט געוויינט. פערל האָט איר דערלאַנגט אַ גלאָז

וואַסער צום טרינקען, זי זאָל זיך באַרויִקן. אַן איבערגעשראָקענע בין איך אַרויסגעלאָפן, געוואָלט אַהיימלויפן בעטן די מאַמע וואַלעריאַן־טראָפּנס פאַר דער מומע. די מאַמע טרינקט די טראָפּנס יעדעס מאָל ווען זי פילט זיך נישט גוט.

אין דרויסן האָב איך געזען ווי נח פירט רחלען געאָרעמט, רעדט אין איר אַריין, וויל זי אין עפּעס איבערצייגן. רחל וויינט שטאַרק, באַרויִקט זיך נישט. מען קוקט אויף זיי דורך די פענצטער.

## קאַפּיטל צען

כ׳האָב דורכגעלעבט אומעטיקע טעג, געפילט זיך אַן אויסגעליידיקטע. כ׳בין כּסדר אַרויס אין דרויסן, געקוקט צו דער גאַס, אַרויס צו דער צווייטער זייט, געקוקט דורך די שפּאַלטן פון טויער, גלייך צו מיין פעטערס הויז, צו אַנדערע הייזער, נישטאָ וואָס צו זען, תּמיד דאָס זעלבע — די זעלבע הייזער, די זעלבע פאַרבייגייער.

כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין אויפן הויף. באַלד דערפילט אַ שטאָך אין פוס. כ׳האָב דערזען אויפן פוס אַ ווערעמל, כ׳האָב עס אַראָפּגעשאַרט מיט דער האַנט, געשאַרט עס אויף דער ערד מיט אַ קליין שטעקעלע. ס׳האָט אָנגעהויבן לויפן. כ׳האָב עס פאַרפאָלגט, נאָכגעיאָגט מיטן שטעקעלע. עס איז געלאָפן, אַנטלאָפן, קענטיק אויס פּחד פאַר מיר. דאָס פּיצעלע ווערעמעל לויפט, וויל זיך ראַטעווען ס׳לעבן... כ׳האָב אויף דעם נישט קיין רחמנות. כ׳בין בכּוח עס צו הרגענען.

דער הונט פון דער בודע האָט זיך אויסגעטשוכעט פון שלאָף, אַ האַווקע געטאָן, מסתּמא האָט זיך אים וועגן עפּעס געחלומט.

כ׳דערמאָן זיך אינעם ווערעמל: ס׳איז פאַרשוווּנדן, אפשר זיך ערגעץ באַהאַלטן. איך זוך עס. אָט ליגט אַ ווערעמל ווי טויט. יאָ, דאָס איז עס. איך ריר עס אָן מיטן שטעקעלע. עס רירט זיך נישט. כ׳האָב זיך אָפּגעקערט פון דעם, יאָ, עס לעבט און לויפט ווידער.

איך לאָז עס לויפן. מילא, ווילסט אַזוי שטאַרק לעבן, לעב דיר. אַזאַ פּיצקעלע און ראַנגלט זיך פאַרן לעבן...

טראַכטנדיק אַזוי וועגן ווערעמל, האָט אין מיר פּלוצעם אַ געדאַנק אויפגעבליצט, כ׳בין אַזש אונטערגעשפּרונגען.

כ׳וועל זיך אויסלערנען גייען ביי אַ שניידערין און אַוועקפאָרן אַרבעטן — און פאַרן פאַרדינסט זיך לערנען.

כ׳בין פול מיטן דאָזיקן חלום און — איך לערן זיך שוין גייען. אין דער היים קרומט מען זיך. אַ פּריש משוגעת איר אין קאָפּ אַריין — זאָגט מען. און איך וויל זיך אַפילו פאַר זיך נישט אויסגעבן: — כ׳האָב נישט ליב צו נייען. ס׳איז מיר נישט צום האַרצן...

איך וויל אָבער נישט זיין קיין שוואַכע, נייט איך זיך אויסצופילן מיין פּלאַן. און ווי קאָן מען זיך אויסלערנען אַן אַרבעט אָן חשק דערצו?...

פון דעם צושטאַנד האָט מיך אַרויסגעפירט אַן אומגעריכטע רייזע.

כ׳בין געפאָרן מיט רויזע ווינטער קיין יאַראָטשין, דאָרט דינען אין מיליטער אונדזער נחום און רויזעס ברודער.

כ׳האָב זיך דערפרייט צו זען נחומען. מיר האָבן שפּאַצירט איבער די יאַראָטשינער גאַסן. ער האָט מיך באַקענט מיט עטלעכע זעלנער, זיינע חברים. דער שטילער, רויקער נחום האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיי. מיט אַ צעשיינט פּנים, פול מיט פרייד, האָט ער געזאָגט:

— מיין שוועסטער, מיין שוועסטער.

כ׳האָב אויך חשק געהאַט צו זאָגן: מיין ברודער! מיין ברודער! אָבער כ׳האָב בלויז אים אָנגעקוקט מיט ליבשאַפט.

און וואָסערער פּרעכטיק געפיל און איבערלעבונג איז דאָס רייזן! מען זיצט אין באַן, מען קוקט אַרויס דורכן פענצטער אויף פעלדער, דערפער. אינעווייניק, אין־זיך, ווערט אַלץ איינגעשטילט. מען קאָן חלומען וועגן זאַכן, ווייטע פון דער טאָג־טעגלעכקייט. עס דאַכט זיך אַז מיר שווימען צוזאַמען מיט דער באַן, מיט דער נאַטור אין דרויסן — אין אַ רויקער ווייטער אומ־ענדלעכקייט אַריין.

ווען אַ רעש אין וואַגאָן האָט מיך צוריקגעבראַנגט צו דערווירקלעכקייט, האָב איך דערזען מענטשלעכע פּנימער. כ׳קוק זיך איין: פאַראַן דאָ אַלערליי טיפּן, שטאָטישע, דאָרפישע.

כ׳קוק אויף פּנימער און עס דאַכט זיך מיר אַז איך לייען אין זיי. כ׳זע

ווייטיק און פרייד, שלעכטע און גוטע אייגנשאַפטן. מיר דאַכט זיך, אַז איך זע זיי ווי זיי זענען: אין די אויגן, פּנים, פון די באַוועגונגען איז אַלץ קענטיק.

מ׳האָט באַמערקט מיינע בליקן. כ׳האָב אויסגעדרייט די אויגן צו אַן אַנדערן מענטש.

און אויף דער סטאַציע — וואָסער לעבן איז דאָרט! וויפל באַוועגונג, וויפל מענטשן צום אָבסערווירן, וויפל זאַכן! ווי גוט וואָלט געווען צו וואַנדערן ווי ציגיינער, פריי זיין, פריי!

אין סלופּצע האָט מיך רויזע באַקענט מיט זעקס מיידלעך. מיר האָבן זיך גוט באַפריינדעט צווישן זיך. געשמועסט, געלאַכט. זיי האָבן אונדז אָפּגעפירט צו דער באַן. יעדע פון זיי האָט אָפּגעריסן אין פעלד אַ צווייגל, אַ בלימעלע, אונדז געגעבן פאַר אַן אָנדענק.

אַ צווייגעלע מיט גרינע בלעטער — אַלס האָפענונג אַז מיר וועלן זיך נאָך זען. אַ בלוי בלימעלע — מיר זאָלן זיך נישט פאַרגעסן. ווידער אַ רויט בלימעלע אַלס צייכן פון ליבשאַפט. אַ שאָד מיר געווען אַהיימצופאָרן.

אָפּט מאָל באַפאַלט מיך אַן אומרו. עס גלוסט זיך מיר גיין — גיין „אויסמעסטן" די גאַנצע גאַס וועלכע פאַרמאָגט נישט אַפילו קיין הונדערט מעטער.

צופעליקע באַגעגענישן, געשפרעכן און אַ פריינדלעך וואָרט איז ווי עס וואָלט זיך געעפנט אַ טיר דורך וועלכער ס׳דרינגט אַריין אַ וואַרעמער ליכ־טיקער שטראַל. די שטימונג בייט זיך. כ׳פיל זיך נישט אַליין. די קאַלטע פוסטקייט פאַרשווינדט.

כ׳שטעל אָן אַז כ׳גיי „ערגעץ" — וואָס דען? סתם גיין?...

איך גריס צו די קרעמער וואָס זיצן ביי די טירן פון זייערע קראָמען און קרעמלעך, וואַרטן אויף אַ קונה. קוקן מיט קינאה ווי די פויערטע, צי דער פויער גייט גאָר אַריין אין קראָם צום שכן.

איך גריס צו ליבען וועלכע זיצט נעבן דער שוועל פון דער אָפענער טיר פון איר קראָם. פאַרביי ליבען, גיי איך מיט גיכע טריט, ווי כ׳וואָלט כלומרשט געגאַנגען צו דער פאַני קלאַטשינסקאַ.

און אפשר טאַקע אַריינגיין צו איר? ניין, בעסער אין אָוונט. איצטער איז נישט די פאַסיקע צייט, כאָטש קיין אויסריידן צו קומען איצטער וועלן

מיר נישט פעלן. כ׳קאָן איר בעטן מיר באָרגן אַ בוך, פרעגן, צי זי וויל מיר עפּעס אויפנייען. זי איז אַ שניידערין. די פּאַני קלאַטשינסקאַ איז אַ קריסטין, אַן אינטעליגענטע פרוי, אַ צעשיידטע פון איר מאַן — דעם שול־דירעקטאָר.

מ׳זאָגט, אַז זי וויל נישט וווינען מיט אים, ווייל ער האָט זי פאַרראַטן מיט אַנדערע פרויען און זי אַפילו אָנגעשטעקט מיט אַ מיאוסער קרענק. זי רעדט נישט דערוועגן. זי איז אַן איידעלע און אַ פרומע, און גייט אין קאָשצ׳אָל.

זי נעמט מיך תמיד אויף ביי זיך פריינדלעך. פאַראַן מיט איר תמיד וועגן וואָס צו שמועסן. אַממייגסטן רעדן מיר וועגן ביכער. איך באַמי זיך איר באַווייזן אַז איך פאַרשטיי זיך אויף ליטעראַטור. אַבישט — וואָסער אינטערעס האָט זי צו מיר ?...

זי איז עלטער פון מיר, אַ יחסנטע, אַ קאַטאָליקן. ווען כ׳זיץ ביי איר אין שטוב האָב איך מורא אַז איר שוואָגער, דער דירעקטאָר פון שול זאָל נישט אַריינקומען. זיי וווינען אין איין דירה. כ׳האָב פאַר אים מורא און לייד אים נישט, דעם אַנטיסעמיט. איך פיל אויף זיין שׂנאה צו מיר.

אויך זיין ווייב מאַרטאַ, דער קלאַטשינסקיס שוועסטער חברט זיך מיט יידן. זי איז אַ פּשוטע, נישט קיין געלערנטע, מיט וויצן און גראָבע ווערטער פאַרדעקט זי איר נישט געלערנטקייט.

צוליב ליבען שטעל איך אָן אַז איך גיי צו דער פּאַני קלאַטשינסקאַ. כ׳גיי אַריין אין הויז, שטיי אַ ביסעלע נעבן די טרעפּ, קוק אַרויף. ניין, איצט וועל איך נישט אַרויפגיין צו זיי. כ׳גיי צוריק.

ליבע קוקט נאָך אַלץ אויס די אויגן אויף אַ קונה. זי קוקט מיך אָן.

— אַזוי געשווינד ? — זאָגט זי.

— כ׳בין געווען וועגן אַ בוך. זי איז פאַרנומען די פּאַני קלאַטשינסקאַ.

— נו, דו ביסט זיך איבערגעאַנגען... — זאָגט זי איראָניש.

איך קוק אויף ליבעס רויט, גראָב פנים, ווי אָנגעשוואָלן זעט עס אויס. אויך דער גרויסער קערפּער מיט די צוויי גראָבע פיס זעען אויס ווי אָנגעשוואָלן. זי איז אַ מיידל און מסתמא שוין אַלט פינף און צוואַנציק יאָר.

ליבע איז מיר סימפּאַטיש. זי לייענט ביכער. זי רעדט וועגן אומעט אין שלעשיך, וועגן מענטשן וואָס זענען נישט אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין.

זיי זענען נישט איי, איי. איך זוך אָפּט צו שמועסן מיט איר בעת מיין דורכגייין די גאַס. אויך ליבע שמועסט גערן מיט מיר. ביים שמועסן פּאָלגט זי נאָך מיט די בליקן די שיטערע פאַרבייגייער, די פּויערטעס וועלכע גייען אַריין דווקא אין אַנדערע קראָמען.

אַ שמועס איז אויך עפּעס, אַזוי פאַר איר ווי פאַר מיר, אַ צייטפאַרטרייב.

פאַראַן אויך אין די נעכט „צייטפאַרטרייב״.

געוואָלדן פון שיכּורים, געשלעגן, מען שפּרינגט אַרויס פון די בעטן, מען שאַרט אַוועק אַ פּיצעלע פאַרהאַנג פון די פענצטער און מיט פאַרבענקטע בליקן פאָלגט מען נאָך וואָס עס קומט פאָר אין גאַס.

איין שיכּורער גוי האָט אַ טבע זיך אָנטאָן אַ נאַכט־טאָפּ אויפן קאָפּ און אונטערטאַנצן, מאַכן אַלערליי שיכּורע באַוועגונגען. ווען די געשלעגן ווערן ערנסטע צעשיידט מען זיי — די זיך־שלאָגנדיקע.

ווען די שייערן זענען פול מיט דער צונויפגעזאַמלטער פון די פעלדער תבואה — טרעפן שׂריפות אין די נעכט. דער געקלימפּער פון די פייער־לעשער וועקט אַלעמען אויף. מען לויפט פון אַלע זייטן העמדום־פּענדום צום פייער מיט ליאַרעם און געפּילדער.

מענטשן שטייען און קוקן זיך צו צום לעשן פון די פייער־לעשער און געוויין און געיאָמער פון די אָפּגעברענטע באַלעבאַטים פון די סטאָדאָלעס. זייער פאַרמעגן ברענט.

אויך יונגוואַרג, שטיפערס, זוכן זיך צו פאַרווײַלן.

ווען שׂיזע דעם בעקערס טאָכטער, ליבע־מאַכלע, האָט חתונה געהאַט, זי — אַן אַכצן־יאָריקע, אַ דיקלעכע, מיט פולע רויטע בעקעלעך, ער — אַ זיבעציק־יאָריקער אַלמן — האָט עס מסתמא געאַרט דער שטאָטישער יוגנט, ווייל כאָטש עס איז געווען אַ גליק־שידוך, אַ רייכער אַלמן מיט אַן אייגענער שטוב, און ער האָט גענומען ליבע־מאַכלען אָן אַ גראָשן נדן — איז ליבע־מאַכלען געווען טרויעריק, ווייל מסתמא וואָלט זי געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ יונגערן.

צו מאָרגנס נאָך דער חתונה האָט מען זיך דערציילט מיט הילכיקע געלעכטערס, אַז עטלעכע יונגע־לייט, שטיפערס, זענען אַריין אין צימער ווו דאָס לייגן־פירעכץ איז געווען צוגעגרייט, זיי האָבן דורכגעשניטן די שטרוי־

זעק אין די צוזאַמענגערוקטע בעטן, גרייטע פאַרן יונגן פּאָרל. צוגעדעקט די בעטן און הינטער זיי אַרונטערגערוקט אַ באַליע מיט וואַסער.

נו, געווען אַ פּאַרווײלונג!...

גייען זומער ביי נאַכט הינטער די האַלב־אָפענע פענצטער, אַרויסנאַשן קאַרשן, מאַלינעס פון די סלאָיען וועלכע זענען אָנגעשטעלט אויף ווישניאַק, אויף סאָק — אויך אַ פאַרוויילונג.

## קאַפּיטל עלף

די פאַננאַ סאַלאַ, מיין געוועזענע לערערין, איז געקומען צו פאָרן אין שטעטל אַריין צו אירע קרובים.

כ׳האָב זיך באַמיט זי אויסצומיידן אין גאַס נישט צו דאַרפן זי באַגריסן. כ׳האָב זיך דערמאָנט אין מיין לערנען זיך ביי איר און ווי זי האָט מיך מסלק געווען פון איר שול.

ווען כ׳בין געגאַנגען בייטן אַ בוך האָב איך זי געטראָפן אין ביבליאָטעק. נישט געהאַט קיין ברירה און זי באַגריסט.

מיט אַ האַרציקן שמייכל האָט זי זיך דערנענטערט צו מיר, מיר אויפגע־הויבן דעם קאָפּ, זיך איינגעקוקט אין מיר, זיך געוווּנדערט אַז כ׳בין אויסגע־וואַקסן. געזאָגט אַז כ׳זע אויס ערנסט, געפרעגט מיך צי כ׳בין נאָך אַן עקשנטע און צי איך לערן זיך.

כ׳האָב איר געזאָגט, אַז כ׳ווייס נישט צי כ׳האָב זיך געענדערט.

די ביבליאָטעקאַרין, די פאַננאַ אַנקאַ קאופמאַן האָט מיך פאַר איר אָנגע־הויבן לויבן, אַז איך לייען אַ סך ביכער, אַז איך פאַרשטיי וואָס איך לייען (פון וואַנען ווייסט זי עס ?...) די פאַננאַ סאַלאַ האָט אויסגעדריקט צופרידנקייט פון די לויב־ווערטער, מיך פריינדלעך געגלעט.

כ׳בין געוואָרן גערירט, זי אָנגעקוקט. אויסער שיין און באַחנט, זעט זי אויס אַזוי איידל און עלעגאַנט. כ׳האָב געטראַכט : כ׳וועל זי ביי אַ געלעגנהייט איבערבעטן פאַר מיין אויפפירונג בעתן לערנען זיך ביי איר.

אין עטלעכע טעג אַרום :

רוזשע ג. האָט מיך געטראָפֿן אין גאַס, געבעטן מיך מיטגיין מיט איר אויף דער פּאָסט קויפֿן פּאָסט־מאַרקן. נעבן דער פּאָסט האָבן מיר געטראָפֿן די פּאַננאַ סאַלאַ אין דער געזעלשאַפֿט פֿון מאַרטאַן — די פּאַני קלאַטשינסקיס שוועסטער.

די פּאַננאַ סאַלאַ איז צו מיר צוגעלאָפֿן, גענומען מיך ביי דער האַנט, מיך געקושט, גערעדט צו מיר האַרציקע ווערטער. כ׳האָב זיך קוים באַהערשט פֿון אירע ווערטער נישט אויסצוברעכן אין אַ פֿריידיק געוויין.

זי האָט מיר געזאָגט אַז זי האָט זיך דערוווּסט וועגן מיר, אַז כ׳האָב געמאַכט פֿאָרשריט אין מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. זי וועט בלייבן אין שטעטל אַ גאַנצן זומער. זי וויל זיך מיר ווידמען די גאַנצע צייט. כ׳זאָל צו איר האָבן צוטרוי. מיט וואָס זי וועט קאָנען וועט זי מיר העלפֿן אין מיין וויטערדיקער אַנטוויקלונג.

אירע ווערטער האָבן געקלונגען ווי מוזיק. כ׳האָב זי געקושט, געדאַנקט איר. זי האָט געזען מיין גערירטקייט, מיר געזאָגט כ׳זאָל זיך באַהערשן, רעדן שטילער, ווייל וואָס עס קאָן זיין פֿאַר מיר הייליק, קאָן עס אַ צווייטער אויסלאַכן.

יעדן טאָג באַגעגענען מיר זיך. מיר שפּאַצירן. איך רעד זיך אויס פֿאַר איר. זי ווייסט שוין ווי איינזאַם איך פֿיל זיך, ווי שווער עס קומט מיר אָן זיך צו לערנען, אַז כ׳האָב ליב צו באַשרייבן פּאַפּירלעך. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט זיך באַמיִען כ׳זאָל זיך לערנען.

כ׳האָב חשק פֿאַר אַלעמען אויסצושרייען מיין פֿרייד, מיין גליק! כ׳בין אַוועק צו רוזשען, כ׳האָב איר געזאָגט:

— דו ווייסט וואָסער גליק ס׳האָט מיך געטראָפֿן?!

כ׳האָב איר דערציילט וועגן די פּאַננאַ סאַלאַ, וועגן איר האַרציקייט. כ׳האָב נישט באַוויזן אַלץ צו דערציילן און באַקומען אַן ענטפֿער פֿול מיט ביטול:

— משוגענע!...

כ׳האָב איר נישט געענטפֿערט...

בלויז אין דער פֿאַנטאַזיע וואָלט איך געחלומט וועגן אַזוינס. די פּאַננאַ סאַלאַ ווידמעט זיך מיר מיטן גאַנצן האַרצן. זי לערנט מיך — און ווי אַ גוטער

מלאך פירט זי מיך ביי דער האַנט, שפּאַצירנדיק מיט איר. אַזוי אויך מיט דער לערע.

זי ברייטערט אויס מיינע געדאַנקען. געפילן, אויף וועלכע איך קאָן קיין אויסדרוק נישט געפינען — דריקט זי אויס אין ווערטער. ווי רייך איז איר וויסן, ווי טיף זענען אירע געדאַנקען! — ווי מענטשלעך זי איז!

כ׳האָב פון קיינעם נאָך נישט באַקומען אַזעלכע גוטע ווערטער, אַזוי פיל פאַרשטענדעניש.

זי זאָגט אויך אַז כ׳האָב פעיִקייטן צו פּסיכאָלאָגיע. זי וועט מיר קויפן פרוידס און אַדלערס ביכער. אַ דאַנק איר קאָן איך זיך מער פאַרטיפן אין די ביכער וועלכע איך לייען. זי וויל זעען מיינע פאַרשריבענע פּאַפּירן — די וועלכע כ׳קאָן איר ווייזן — האָט זי אונטערגעשטראָכן — וויפל פאַרשטענדע־ניש און איידלקייט! זי ווייסט, אַז נישט אַלץ קאָן מען ווייזן.

אַלע טאָג טרעפן מיר זיך. אויך ווען איך טרעף זי שפּאַצירנדיק מיט איר געזעלשאַפט, (די גויִישע אַריסטאָקראַטיע פון שטעטל) לאָזט זי אַלעמען איבער, קומט צו צו מיר, קושט מיך.

און דערצו איז נאָך פרילינג. כ׳האָרך זיך איין אין דער נאַטור אַרום, דערנאָך אין־זיך. מיר פאַרשטייען זיך. פאַראַן האַרמאָניע צווישן אונדז. כ׳האָב ליב דעם פרילינג.

און ווען מען הערט מוזיק צווישן דעם צעבליטן אַרום — איז גוט אויף דער נשמה. אַלץ זינגט, אַלץ איז שיין און צעהעלט. אויך דאָס געמיט איז רויִק. עס ווילט זיך אָנרירן ביימער, פלאַנצן, איינזאַפּן די שיינקייט. מען פילט גוטסקייט און פאַרשטענדעניש צו אַלעמען.

✶

אין אַ טאָג בין איך נישט געגאַנגען צו דער פּאַננאַ סאַלאַ. נישט געוואָלט זי מטריח זיין צו פיל — האָט זי זיך געבייזערט, געזאָגט מיר, אַז כ׳זאָל איר געבן מיין וואָרט אַז כ׳וועל יעדן טאָג קומען.

זי לערנט מיך אַז כ׳זאָל זיין נאָכגיביקער מיט מיינע עלטערן. דווקא מיט דעם פּאָלג איך זי נישט. איך פיל זיך שולדיק, אָבער כ׳קאָן נישט אַנדערש.

כ׳האָב איר געזאָגט, אַז זי איז צו גוט צו מיר. כ׳בין עס נישט ווערט.

כ׳פאַרדין זיך פאָרוווּרפן. זי האָט מיר געענטפערט: נישטאָ פאַר וואָס. כ׳האָב אויסגעצויגן די האַנט, אָפּגעריסן אַ צווייגעלע פון אַ בוים. זי האָט מיר געגעבן אַ לייכטן קלאַפּ אין האַנט.

— אָט זעסטו, איצטער האָסטו פאַרדינט אַ פאָרוווּרף. דאָס צווייגעלע געהערט דעם בוים. פון וואַנען ווייסן מיר אַז דו האָסט נישט פאַרשאַפט ווייטיק דעם בוים?

אָנשטאָט זיין צופרידן פון איר פאָרוווּרף האָב איך זיך פאַרשעמט. איך טראַכט אויך אַזוי וועגן געוויקסן.

דער נאַכטוועכטער האָט אָנגעהויבן גרעגערן — וואָס הייסט אַז ס׳איז צען אַ זייגער ביי נאַכט. ס׳איז מיר דורך אַ שוידער ווי תּמיד ווען כ׳הער דאָס גרעגערן. עס דערמאָנט מיר אַז כ׳בין פאַרשקלאַפט. לייען איך, מוז איך אויפהערן לייענען. עס איז שוין שפּעט, מ׳דאַרף זיך לייגן שלאָפן. אַז כ׳ביז ערגעץ, מוז איך אַהיימגיין, אַז נישט... כ׳מוז אַהיימגיין.

און פון צען אַ זייגער אָן, גרעגערט דער סטרוזש אויס יעדע שעה. אַ גאַנצע נאַכט אַזוי.

כ׳האָב געזאָגט צו די פאַננאַ סאַלאַ, אַז כ׳מוז אַהיימגיין.

— גיי, מיין קינד — האָט זי מיך געקושט.

אַוועקגייענדיק האָב איך זיך נאָך אויסגעדרייט, נאָכגעקוקט איר.

*

געווען אַן איבעררייד מיט דער מאַמע. כ׳האָב אַ סך געוויינט. זי האָט מיך נישט געלאָזט גיין צו די פאַננאַ סאַלאַ. מיט אַ פאַראומערט פּנים האָט זי געזאָגט אַז לעצטנס לויף איך אַ סך אַרום. פון די פאַננאַ סאַלאַ קאָן איך זיך לערנען שמד. כ׳האָב איר געזאָגט, אַז כ׳וועל יאָ גיין — איז די מאַמע אַרויס מיט ביטערע טענות:

זי האָט בלויז צרות פון מיר. אַז כ׳גלויב נישט אין גאָט און איך מאַך קאַליע אַלעמען אין שטוב מיט מיין אַפּיקורסות. כ׳פאַרנעם זיך בלויז מיט נאַרישקייטן, כ׳טראַכט נישט דאָ זשעטשי (צו דער זאַך). מיין קאָפּ איז פאַר־נומען נאָר מיט ביכער און לערע. בעסער ווען כ׳וואָלט אין גאַנצן נישט געבוירן געוואָרן.

כ׳האָב געטראַכט: עס וואָלט טאַקע בעסער געווען נישט צו ווערן גע־

בוירן איידער אַזאַ לעבן. חיה איז געשטאַנען דערנעבן, געשוויגן. דערנאָך מיר געזאָגט, אַז די מאַמע איז גערעכט. זי האָט געזען דער מאַמעס פאַרדראָס, געוועזן אויף איר אַ רחמנות. חיה איז אַ שטילע, גוטע און געהאָרכזאַמע. די מאַמע פּיעשטשעט זי. כ׳האָב חיהן געענטפערט, אַז ווען זי וועט עלטער ווערן וועט זי מיך פאַרשטיין און געבן מיר גערעכט.

מיר האָבן ווי געטאָן חיהס ווערטער, אָבער מיט נייגער האָב איך נאָכ־געקוקט אירע בליקן צו דער מאַמען, בליקן פול מיט ליבשאַפט. איר אַרט דער מאַמעס צער.

כ׳בין געגאַנגען צו דער פאַננאַ סאַלאַ. נישט געהאָרכט דער מאַמען.

כ׳האָב מיטגענומען עטלעכע פּאַפּירן וועלכע איך באַשרייב. נישט געוואָלט איר ווייזן מיין טאָגבוך, האָב איך איר געזאָגט אַ ליגן, אַז כ׳האָב עס צעריסן ווייל מען האָט עס געזוכט צו לייענען אין דער היים.

כ׳האָב זיך באַלד דערפילט שלעכט צוליבן ליגן זאָגן. כ׳האָב אָנגעהויבן פּלאָנטערן מיט דער צונג, זי איבערגעבעטן, „פּשעפּראַשאַם״, ווידער איבער־געבעטן, געשטאַמלט:

— אפשר גלויבט איר מיר נישט?... איך, איך... צעריסן, האָב...

זי האָט גענומען דאָס פּאַפּיר פון מיין האַנט, מיך אָנגעקוקט פאַרשנדיק, דערנאָך אַן ערנסטע געלייענט:

טאָלעריר און האָב ליב אַלע פעלקער און מענטשן פון דער וועלט — אָבער אַממייסטן האָב ליב דיין לאַנד און דיין פאָלק.

בעתן לייענען האָט זי געקנייטשט דעם שטערן, געמאַכט אַ זויערן גרימאַס:

— אַזוי גאָר?...

ס׳איז מיר נישט געפעלן איר אָנגעכמורעט פּנים. כ׳האָב אומגעדולדיק צוגענומען דאָס פּאַפּירל פון איר האַנט. כ׳האָב זיך דערמאָנט וועגן אונדזער קאָנפליקט בעת כ׳האָב זיך געלערנט ביי איר. זיך דערמאָנט, אַז זי איז אַן אַסימילאַטאָרקע...

די שטימונג צווישן אונדז איז געוואָרן געשטערט. כ׳האָב געהאַט דאָס געפיל אַז עפּעס צעשיידט אונדז.

יענעם אָוונט בין איך געשטאַנען ווי יעדן טאָג ביי דער פּאַני קלאַטשינ־סקיס ווינונג, געוואַרט אין דרויסן אויף דער פאַננאַ סאַלאַ. כ׳האָב לאַנג

געוואַרט. צום סוף איז זי אַרויס. איידער כ׳האָב באַוויזן צוצוגיין צו איר איז זי פאַרשווינדן צו זיך, אַרויף אויף די טרעפּ.

כ׳בין איר נאָכגעלאָפן, זי גערופן. זי איז צו צו מיר, מיך פריידיק געקושט און אויסגערופן:

— כ׳האָב אַ לערער פאַר דיר, טערלעצקי וועט דיך לערנען. ביסט מסכּים?

— צי איך בין מסכּים?! אַוודאי. כ׳האָב געהערט וועגן אים. ער איז אַ גוטער לערער!

זי האָט אויף מיר געקוקט מיט צעשטראַלטע אויגן, מיך צוגעדריקט צום האַרצן, מיך האַרציק געקושט, אויסגערופן:

— קינד מיינס! ענטוזיאַסטקע, עקזאַלטירטע, ראָמאַנטישע!

קינד מיינס — רופט זי מיך תּמיד.

✶

רוזשען, מיין שוועגערינס שוועסטער האָב איך דערציילט וועגן מיין לעצטער באַגעגעניש מיט די פּאַננאַ סאַלאַ, אירע ווערטער צו מיר. רוזשעס ענטפער האָט מיך אַנטוישט.

קודם האָט זי מיר געמאַכט אַ פאָרוואורף אַז צוליב די פּאַננאַ סאַלאַ לאָז איך זי איבער. זי איז פון פריער מיין פריינדין. זי האָט מיר געזאָגט דאָס שפּריכוואָרט:

— צוליב נייע פריינד לאָזט מען נישט איבער אַלטע פריינד.

און עטלעכע מאָל האָט זי איבערגעחזרט אַז נישט פאַראַן קיין אידעאַלן אויף דער וועלט — און דו האַלטסט זי פאַר אַן אידעאַל...

זי איז מיר ליב, רוזשע, זי איז גוט צו מיר, אָבער פאַר וואָס פאַרשטייט זי נישט אַז מיט אירע ווערטער פאַרשאַפט זי מיר ווייטיק? אָן מיין גלויבן אין מענטשן וואָלט זיך ביי מיר אַלץ אויסגעליידיקט. עס וואָלט געווען שרעק־לעך. די פּאַננאַ סאַלאַ וואָלט עס נישט געזאָגט.

איך קען מענטשן אידעאַלע. מיר איז גוט מיט דעם גלויבן. איך קען מענטשן ריינע, אָן מיאוסע קליינלעכע אייגנשאַפטן.

איך מוז אין דעם גלויבן. אָן גלויבן אין מענטש ווערט אַלץ אַרום פּוסט און טרויעריק.

און ווידער:

כ׳בין געווען ביי אַנדזשען אין גאָרטן האָט זי מיר דערציילט אַז די פּאַננאַ סאַלאַ פלירטעוועט מיטן לערער טערלעצקי. אירע ווערטער האָבן מיך טיף געטראָפן, ממש פאַרוווּנדעט. ער האָט דאָך אַ כּלה, טערלעצקי, די פּאַננאַ סאַלאַ ווייסט עס.

כ׳האָב געקוקט אויף אַנדזשען, אויף איר ראָזע, פּשוט פּנים, אויף אירע העלע שטרוי־צעפּעלעך. אירע שמאָלע אויגן האָבן אָפּלאַכעריש געשמייכלט. כ׳האָב געהאַט חשק צו באַליידיקן דאָס שיקסל, בלויז חשק געהאַט, ווייל כ׳האָב נישט ליב צו באַליידיקן.

— ניין! ס׳איז אומגלויבלעך אַז די פּאַננאַ סאַלאַ פלירטעוועט מיט אים. זי רעדט מיט אים ערנסט!

אַנדזשע איז אַרויס מיט אַ הילכיק געלעכטער. מיט פאַרדראָס בין איך אַוועק דערציילן־עס רוזשען.

כ׳האָב זיך ווידער באַנאַרישט. רוזשע האָט מיך אויך אויסגעלאַכט. נאָך מער אָנגערעדט אויף דער פּאַננאַ סאַלאַ. דערביי מיר געזאָגט, אַז כ׳בין נאַיִוו.

כ׳פיל זיך שולדיק וואָס איך האָרך אויס רכילות וועגן מיין לערערין און פון מיין זייט פיל איך צו איר בלויז דאַנקבאַרקייט.

די פּאַננאַ סאַלאַ באַמערקט אַז כ׳בין היינט טרויעריק. זי האָט מיר אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט טיף אין די אויגן, געמיינט, אַז געווען אַן איבעררייד מיט מיינע עלטערן. מיר געעצהט אַז כ׳זאָל זיי נישט אָקעגנרעדן, זיין נאָכגיביק. קאָמף שוואַכט אָפּ. „וועסט שוין דיינע עלטערן נישט איבער־צייגן״...

מיין טרויער האָט זי אויסגעטייטשט צוליב די עלטערן.

וועגן מיינע פאַרשריבענע פּאַפּירלעך האָט זי געהאַט אַ גוטע מיינונג, זיי געלויבט.

ס׳איז אָנגעקומען דער לערער טערלעצקי. זי האָט מיך פאַר אים פאָר־געשטעלט:

— אייער צוקונפטיקע שילערין.

דער לערער, אַ מיטלוווּקסיקער, אַ שאַטינער, מיט שיינע, ברוינע אויגן,

זעט אויס אינטעליגענט און איידל. ער האָט מיר אויפגעהויבן דעם קאָפּ, מיר געקוקט אין די אויגן אַריין פאַרשנדיק:

— זי איז אַ טרויעריקע.

די פאַננאַ סאַלאַ האָט מיך אָנגעהויבן ליבן פאַר אים.

נאָך די יום־טובים וועל איך זיך ערשט אָנהויבן לערנען ביי אים. און זי וועט פאַר יום־טוב אַוועקפאָרן. אַוועקפאָרן... ווי שרעקלעך צו טראַכטן דערוועגן!

זי האָט מיר אויך געזאָגט אַז ווען זי וועט נישט זיין דאָ זאָל איך זיך מיט אַלעם פאַרטרויען דעם לערער פונקט ווי איר, אים דערציילן וועגן מיינע פּראָבלעמען אין דער היים. וועגן מיינע פאַרשריבענע פּאַפּירלעך, האָבן צוטרוי צו אים. ער ווייסט אַז כ׳וועל זיך לערנען אָן די עלטערנס וויסן.

## קאַפּיטל צוועלף

פאַראַן ביי אונדז אַ שפּייז־קראָם, נישט קיין וואַזשנע און נישט צו פיל קונים. בלויז אין די מאַרק־טעג פאַראַן קונים. ס׳איז נישט די איינציקע פּרנסה ביי אונדז. ס׳איז סתם, אַז די קראָם זאָל נישט שטיין ליידיק.

איך האָב פיינט צו שטיין אין קראָם, פאַרקויפן. ווען איך טו עס אַ מאָל איז עס אָן חשק. איך באַקום דערפאַר פאַרוווּרפן פון טאַטע־מאַמע.

די מאַמע איז געווען פאַרטאָן אין קיך, האָט זי מיך געהייסן אַכטונג־געבן אין קראָם. ס׳איז אַ גרויסע באַוועגונג אין שטעטל פון פויערים, ווייל עס איז נאָענט צום ליכינער אָדפּוסט. כ׳בין געזעסן אין קראָם, געלייענט אַ בוך. עס איז אַריינגעקומען אַ גויע, מיך אָנגעקוקט מיט ביטול:

— דו מאָדלעסט זיך? דו זעסט נישט אויס קיין נאַרישע, ביסט שוין כמעט אַ גאַנצע פּאַניענקע, טאָ פאַר וואָס מאָדלעסט דו זיך נישט צו אונדזער גאָט? אונדזער בוג איז דער אמתער בוג. אָ, יעזוס מאַריאַ, זיי האָבן אַ נאַרישן גלויבן און זענען פרום... — האָט זי שטיל צוגעגעבן מיט אַ זיפץ, געקויפט אַ פּעקל טיי און איז אַרויס.

כ׳האָב איר נישט געענטפערט. מען טאָר נישט ענטפערן. זי וואָלט גע־קאָנט מאַכן אַ בילבול אַז כ׳האָב באַליידיקט דעם קריסטלעכן גאָט, געוועזן פאַלן אַזעלכע.

באַלד דערנאָך איז אַריינגעקומען די מאַמע אין קראָם. מיך געפרעגט וואָס די גויע האָט געוואָלט. זי איז צו צו דער שוועל, אַרויסגעקוקט צו דער גאַס. געקוקט ווי דורך די גאַסן ציען גויים, יונג און אַלט. זיי גייען צום ליכינער אָדפּוסט. שוין צוויי וואָכן אַזוי. קומען פון ווייטע מקומות, מיט געזאַנג גייען זיי. ס׳טרעפט, זיי גייען מיט הייליקע בילדער גרופּנווייז און זינגען רעליגיעזע געזאַנגען. זיי זענען אַדורכגענומען מיט פרומער התפּעלות. יעדעס יאָר אין דער צייט קומט פאַר דער אָדפּוסט אין דאָרף ליכין, ווו די הייליקע מאַריאַ האָט זיך באַוויזן און געטאָן ניסים. אויף דעם אָרט איז אויפגעבויט אַ קאָשצ׳יאָל.

די מאַמע האָט געקוקט צו דער גאַס, געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אַ נאַרישע אמונה, אַזאַ נאַריש גלויבן. די הייליקע „מאַמע" האָט זיך באַוויזן, געוויזן ניסים... אַז זיי גלויבן אין דעם וואָס זאָלן מיר שוין זאָגן וואָס להבדיל, טויזנט מאָל להבדיל, אונדזער גלויבן איז... כ׳בין נישט ווערט אָנרופן זיין נאָמען.

כ׳האָב אויך דער מאַמען נישט געענטפערט. כ׳טאָר איר נישט זאָגן וואָס איך טראַכט דערוועגן. איך טראַכט:

גאָט איז אַלעמענס, ער האָט אַלעמען באַשאַפן. אים איז נישט קיין חילוק מיט וועלכע נעמען מען רופט אים. אַבי מען מיינט אים — און דאָס געבעט איז אויפריכטיק.

✶

רוטקע וויל זיך לערנען צוזאַמען מיט מיר ביים לערער טערלעצקי. מיר געפעלט עס נישט, כאָטש מיר חברן זיך און לערנען זיך כמעט תמיד צוזאַמען, דאָך פאַרשטייען מיר זיך נישט. מיט איר רעד איך סתם, וועגן אויבערפלעכלעכע זאַכן. זי איז אַ פרומע, מיט שטאַרק־באַגרענעצטע באַ־גריפן. קיין ביכער לייענט זי נישט.

זי איז אַ יחסנטע. איר משפּחה איז די אַריסטאָקראַטיע פון שטעטל. כ׳האָב געהערט זאָגן, אַז זיי האָבן אַ דאָקומענט אַז זיי שטאַמען פון דוד

המלך. זיי רעדן נישט דערוועגן, אָבער כ׳האָב געזען עפּעס אַן איינגערעמטע מגילה הענגט אין אַ צימער אויף דער וואַנט. טאַקע געווען געשריבן וועגן דוד המלך און אַ סך נעמען אויסגערעכנט.

ביי זיי אַ שיינע פירונג אין שטוב. זיי וווינען אין אַ סך צימערן, אין אַ קאַמעניצע. די צימערן שיין אויסמעבלירט, זיי עסן פון דאָפּלטע טעלער. רוטקעס מאַמע איז עלעגאַנט און איידל, גייט נישט אַרומגעוויקלט אין אַ טוך ווי אַנדערע ווייבער, נאָר אין אַ מאַנטל אַפילו אין דער וואָכן.

ווען רוטקע קומט אַריין נעמט זי די מאַמע אויף מיט כּבוד. דערנאָך זאָגט זי:

— רוטקע, איין קליינינקייט... דערצו ר׳ משולמס אַן אייניקל. ר׳ משולם איז אַוועק נאָך ארץ־ישׂראל. רוטקעס יחוס...

אָבער מיך אַרט וואָס כ׳וועל נישט קאָנען שמועסן פריי מיטן לערער ווען זי וועט זיין דערביי.

כ׳האָב נישט געהאַט קיין ברירה. זי איז אַריינגעקומען נאָך מיר. מיר זענען צוזאַמען געגאַנגען אויפזוכן דעם לערער צו באַשטימען ווען זיך אָנהייבן לערנען. מיר האָבן געוווּסט אַז ער איז ביי דער פּאַני קלאַטשינסקאַ, צי ביים דירעקטאָר פּאַוועל. די זעלבע וווינונג, זיי וווינען צוזאַמען.

מיר האָבן געוואַרט אין דרויסן. עס זענען אַרויס אַ גאַנצע כאַפּטע לערערס מיט לערערינס, אויך די פּאַננאַ סאַלאַ. טערלעצקי האָט געשפּילט אויף אַ גיטאַרע, מאַרטאַ אויף אַ מאַנדאָלינע. אַלע האָבן געזונגען אין כאָר און צו פיר אין אַ ריי זענען זיי געגאַנגען דעם וועג צום וואַלד.

די פּאַננאַ סאַלאַ האָט מיך דערזען, צוגעשפּרינגען צו מיר, מיך געקושט און אַ צעשיינטע האָט זי מיר געזאָגט אַז זיי מאַכן אַ סערענאַדע. מאָרגן דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג וועט אויף מיר וואַרטן דער לערער צו באַשליסן וועגן אָנהייבן די לעקציעס.

ס׳איז אָנגעקומען אַ שיקסל מיט אַ בוקעט בלומען. פאַרבייגייענדיק האָט זי מיר מיט אַ שמייכל דערלאַנגט צוויי בלומען. כ׳בין נאָכגעלאָפן די פּאַננאַ סאַלאַ, איר געוואָרפן די בלומען פאַר די פיס. זי האָט זיך אויסגעדרייט, מיר געשיקט לופט־קושן.

צו מאָרגנס בין איך געגאַנגען מיט רוטקען צום לערערס דירה. מיר

האָבן אים געטראָפן אין דרויסן, אין גאַס. ער האָט אונדז באַגעגנט מיט צו־פרידנקייט. מיר האָבן געפרעגט אויפן פרייז פאַרן לערנען.

ער האָט געזאָגט רוטקען וויפל, מיר אַ העלפט פון פרייז. רוטקע, דער־הערנדיק עס, האָט זיך אַזש צוריקגעצויגן אַ טראָט, און איך האָב זיך פאַר־הוסט.

מיט אַ האַרציקן שמייכל האָט ער מיר דורכדרינגלעך געקוקט אין די אויגן:

— זי האָט זיך אַזש צעהוסט, נעבעך...

רוטקע, אַן אויפגערעגטע האָט אים געפרעגט פאַר וואָס זי דאַרף צאָלן מער פון מיר.

— זי וועט זיך לערנען אָן די עלטערנס וויסן. צי וועט דיר נישט זיין צו פיל וויפל כ׳האָב דיר געזאָגט? — האָט ער מיך געפרעגט.

— ניין, — האָב איך געענטפערט.

רוטקע האָט זיך אָנגעהויבן דינגען. כ׳האָב איר געזאָגט אַז זי זאָל אַהיימ־גיין פרעגן ביי אירע עלטערן. זי האָט נישט געוואָלט. מיר געזאָגט ברוגזלעך אַז זי האָט נאָך צייט דערצו.

דער לערער האָט מיט אונדז פריילעך געשמועסט, געזאָגט אַז ער וועט זיך באַמיִען מיט אונדז לערנען די קעגנשטאַנדן וועלכע אַנטוויקלען די אינ־טעליגענץ.

רוטקע איז די גאַנצע צייט פון שמועס געשטאַנען אַ ברוגזע, קוים געענטפערט דעם לערער, געקוקט אויף מיר קרומלעך. איך האָב כסדר געקוקט צו אונדזער הויז אַן אומרויִקע, מ׳זאָל מיך נישט זען שמועסן מיטן לערער. ווען ס׳איז ווער אַרויס פון דאָרטן האָב איך אויפגעציטערט...

כ׳בין נישט געווען צופרידן ווייל כ׳האָב געוואָלט שמועסן מיטן לערער מער און נישט ווען רוטקע איז דערביי. כ׳האָב אים געוואָלט זאָגן אַז כ׳האָב נישט ליב מאַטעמאַטיק וואָס זי האָט דווקא גאָר ליב. און אַז די פּאַננאַ סאַלאַ האָט מיך געהייסן לערנען סטיליסטיק.

געווען טעג פון דינגענישן מיטן פרייז מצד רוטקען. דער לערער האָט כסדר אַראָפּגעלאָזט פון פרייז. רוטקע האָט זיך ערשט באַרויִקט ווען כ׳האָב איר געזאָגט אַז כ׳וועל באַצאָלן וויפל זי וועט צאָלן.

## קאַפּיטל דרייצן

**דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן.**

כ׳האָב זיך פריי אַוועקגעזעצט לייענען אַ בוך, נישט באַהאַלטן עס, ווי ווען ער איז אין שטוב. ער האָט מיר שוין צעריסן אַ בוך — און איך היט זיך שטאַרק.

די מאַמע האָט געקוקט צו מיר אַ פּאַראומערטע. מיט אַ טרויעריק פּנים האָט זי געזאָגט:

— אַז די קאַץ איז נישטאָ שפּרינגען די מייז אויפן טיש...

די מאַמע האָט זיך פאַרטרויט פאַר יצחקס מלמד, אַז זי האָט גרויסע צרות פון מיר. כ׳לייען ביכער ביי טאָג און ביי נאַכט, און כ׳בין נישט פרום.

כ׳האָב זיך איינגעהערט מיט אַן איראָנישן שמייכל אין דעם מלמדס דערציילונג:

ער האָט געקענט אין לאָדזש אַ זייער אָרנטלעכן און פרומען בחור. פּלוצעם, מסתמא האָט אים דער יצר הרע אָנגערעדט דערצו, האָט ער אָנגעהויבן לייענען ביכער, ביי טאָג און ביי נאַכט. ער האָט אַ סך געלערנט, אַ סך געטראַכט. אויפגעהערט דאַווענען, דאָס גאַנצע לעבן ביי אים איז געווען נאָר לערנען, נאָר ביכער. קיין שום זאַך אויסער לייענען איז אים נישט אָנגעגאַנגען. נאָך אַ צייט לעבן בלויז מיט ביכער — איז ער געוואָרן משוגע, דערנאָך באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

— וועגן אינס טאָכטער ברויכן זי זיך נישט זאָרגן, זי האָט דאָך מסתמא נישט אויפגעהערט גלויבן אין גאָט. ווען מען הערט אויף, חלילה, צו גלויבן אין דעם אין הימל — לאָזט שוין דער יצר הרע נישט אָפּ. שלעכטע רוחות באַהערשן דעם מענטש — ביז ער באַגייט זעלבסטמאָרד.

די מאַמע איז געוואָרן שטאַרק אָנגעצונדן פון מלמדס רייד. זי האָט פאַרביסן איר מויל, מיך אָנגעהויבן קנייפּן, שרייען:

— דו וועסט באַגיין זעלבסטמאָרד, כ׳בין זיכער דערין! אָבער טו עס באַלד, כ׳וויל דיך נישט האָבן אין שטוב! פאַר וואָס ביסטו אַזוי?! דו ווייסט

אַז ווען אַ ייִד זינדיקט ליידן אַנדערע ייִדן דערפון! אַזוי שלעכט ביסטו אַז דיך אַרט נישט אַז אַנדערע ייִדן ליידן צוליב דיינע זינד?!

כ'האָב נאָך קיין מאָל נישט געזען מיין מאַמען אין אַזאַ צושטאַנד. כאָטש די גאַנצע סצענע איז מיר געווען פיינלעך האָב איך זיך מיט נייגער איינגע־קוקט אין מיין מאַמען. זי האָט מיט ערנסט מיך געהייסן באַגיין זעלבסטמאָרד... זי האָט מורא כ'זאָל זיך נישט שמדן. גאָר אָפט זאָגט זי מיר אַז כ'וועל זיך שמדן. זי מיינט אַז ווען מען איז נישט פרום קען מען זיך שמדן.

זי ווייסט נישט אַז ווען ס'דראָט מיר אַפילו דער טויט, וואָלט איך זיך נישט געשמדט.

צושטייך צו שונאים וועלכע רופן מיך ייִדישע חזירטע, שיקן מיך קיין פּאַלעסטינע, דאָרט איז מיין פאָטערלאַנד — זאָגן זיי.

אונדזער האַרציק דאַווענען, דעם חזנס דאַווענען צו זייער בלעקעצן... און טאַקע להבדיל, להבדיל! וויפל שיינקייט פאַראַן אין אונדזערע תפילות, וויפל געפיל און האַרציקייט!

מיר געפעלן פרומע מענטשן ווי אונדזער שכן ר' דוד. כ'בין נישט קעגן פרומע לייט. איך טו נישט די עלטערנס ווילן ווייל זיי ווילן מיך צו זיין ווי זיי זענען, טראַכטן ווי זיי טראַכטן. איך וויל נישט, כ'קאָן נישט זיין ווי זיי!

די מאַמע ווייסט מיינע געדאַנקען. ווען זי וואָלט געווען געלערנט וואָלט זי געווען אַ פּסיכאָלאָגין. זי פאַרשטייט אַ סך, אָבער זי איז פאַרבלענדט, פאַנאַטיש.

כ'האָב זי צערייצט מיטן לייענען פריי אַ בוך. זי האָט מיך פאַרקלאָגט פאַרן מלמד, און איך בין טראַציק ווייטער געזעסן מיטן בוך, כ'האָב זיך פאַרעקשנט:

אויך פאַר איר מורא האָבן צו לייענען, פּונקט ווי פאַרן טאַטן? ניין!

*

אין אַ צימער נעבן דער פּאָסט האָט זיך געשאַפן אַ קריסטלעכע ביבליאָ־טעק. כ'האָב זיך איינגעשריבן און אָנגעהויבן אויסבאָרגן ביכער, צו האָבן ביכער פוןביידע ביבליאָטעקן.

כאָטש וויניק ייִדן פאַראַן אין שטעטל, איז אַ ייִדישע ביבליאָטעק שוין אַ לאַנגע צייט פאַראַן. כהאָב אויסגעבאָרגט אין דער קריסטלעכער ביבליאָטעק

אַ בוך וואָס האָט מיך פאַראינטערעסירט. דאָס בוך הייסט: „די פּראָטאָקאָלן פון די חכמי (זקני) ציון". (Protokoły Mędrców Syjonu). וויפל שרעק־לעכע ליגנס וועגן ייִדן ווערן באַשריבן אין דעם בוך! כ׳האָב געלייענט, זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. הינטער די ליגנערישע שורות האָב איך אָנגעשריבן: ליגן! איר זייט ליגנערס!

כ׳האָב עס נישט געקאָנט דערלייענען ביזן סוף. צוריקגעגעבן, כאָטש כ׳האָב עס געוואָלט פאַרברענען.

דער ביבליאָטעקאַר האָט מיט אַ פאַרקרימטן שמייכל גענומען דאָס בוך פון מיין האַנט. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז כ׳וויל מער נישט קיין ביכער, ער זאָל מיך אויסשרייבן אַלס אַבאָנענטין. ס׳איז צווישן אונדז פאָרגעקומען אַ דיאַלאָג:

— אונדזערע ביכער געפעלן אייך נישט, וואָס?

ער האָט געעפנט דאָס בוך. דערזען מיינע צושריפטן, איז ער געוואָרן אָנגעצונדן:

— אַזוי טוט אַ גוט־דערצויגענע פאַננאַ?!

— כ׳בין דערצויגן צו שענערע זאַכן, נישט צו שמוץ און געמיינע ליגנס.

— באַצאָלט פאַרן בוך, עס איז באַשמוצט! — אויף זיין פּנים אַ שרעק־לעכער כּעס.

— אָוודאי איז עס שמוץ. מיר האָבן חכמי ציון, אָבער נישט אַזעלכע! גיט מיר דאָס בוך, כ׳וועל באַצאָלן.

— דו וועסט באַצאָלן, צי קויפן אַ צווייטס, אויך דאָס וועט בלייבן! — האָט ער געשריגן מיט כּעס.

— עס וועט בלייבן צו לייענען אויך מיינע אויפשריפטן: ליגן! ליגן!

ער האָט אַרויסגעצישעט פון צווישן די ציין אַ קללה.

עס זענען אָנגעקומען אַבאָנענטן, עטלעכע שקצים און שיקסעס. זיי זענען געשטאַנען, געקוקט אויף מיר מיט שׂנאה. כ׳האָב פון תּמיד אַ פּחד פאַר זיי. כ׳האָב געזאָגט:

— כ׳וועל דיר באַצאָלן, נישט כּדאַי מיר צו דיסקוטירן מיט דיר.

כ׳האָב געפרעגט וויפל עס קאָסט. ער האָט מיר געזאָגט פיר זלאָטעס.

— מאָרגן וועל איך שיקן געלט. — כ׳בין גיך אַוועק.

הינטער מיינע פּלייצעס האָב איך געהערט באַליידיקנדיקע רייד, געלעכ־

טער פון די אַנוועזנדיקע און איבערחזרן דאָס וואָרט — זשידוווקאַ, ביילים.

*

שוין אַוועקגעפאָרן די פּאַננאַ סאַלאַ...

כ׳בין געזעסן ביים פענצטער איז זי צוגעקומען מיט איר גאַנצער קריס־טלעכער חברה. מיך אַרויסגערופן אין דרויסן, מיר געזאָגט, זי איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר.

טרערן האָבן מיר אָנגעהויבן רינען איבערן פּנים. כ׳האָב זי צוגעפירט צום ראָג גאַס, געזאָגט אַז כ׳וועל קומען צו דער סטאַציע פון דער קאָלעיקע.

כ׳בין אַוועקגעלאָפן צו אַנדזשען אין גאָרטן נאָך בלומען. אויך זון־בלומען (סלאָנעטשניקעס) פאַר דער פּאַננע סאַלאַ. אַנדזשע האָט מיר געוויזן ווי כ׳זאָל זיי אָפּרייסן און דערוויל וועט זי צולויפן מיטן בוקעט בלומען צו דער סטאַציע, און זיי געבן די פּאַננאַ סאַלאַ אין מיין נאָמען.

מיט די סלאָנעטשניקעס בין איך געלאָפן צו דער סטאַציע, איר זיי געגעבן, געקוקט אויפן בוקעט וואָס איז געלעגן נעבן איר. ער איז מיר נישט געפעלן. כ׳האָב זי איבערגעבעטן וואָס דער בוקעט איז נישט אַזוי שיין, געוואָרן אָפּגעריסן אויף דער גיך.

— דער בוקעט איז דאָך פון אַנדזשען, אַזוי האָט זי געזאָגט, אַנדזשאַ.

— זי האָט מסתּמא געזאָגט עס אין שפּאַס. זיי זענען בלויז פון איר גאָרטן, — האָב איך געענטפערט מיט פאַרדראָס אויף אַנדזשען. איך וועל איר דאָך באַצאָלן פאַר די בלומען, פאַר די סלאָנעטשניקעס — ווי תּמיד, ווען איך קויף אין איר גאָרטן...

די פּאַננאַ סאַלאַ האָט מיך האַרציק געקושט. געבעטן כ׳זאָל איר אָפט שרייבן.

— טאַטושו, געדענק אין דעם קינד — האָט זי געזאָגט צום לערער טערלעצקי, וועלכער איז געשטאַנען דערנעבן.

— כ׳וועל זען וואָסער מאַטעריאַל דאָס איז — האָט איר דער לערער געענטפערט. די פּאַננאַ סאַלאַ האָט מיך געלויבט.

זי איז אַריין אין דער אָנקומענדיקער קאָלעיקע. מיט אַ פייף האָט די קאָלעיקע גערירט פון אָרט. כ׳האָב געוווּסט אַז זי וועט זיך אָפּשטעלן אויף דער בריק, בין איך אַהינגעלאָפן. אויף דער בריק האָט מיך די פּאַננאַ סאַלאַ

באַגעגנט מיט אַ פרייד אויסרוף. מיר האָבן זיך געזעגנט צום דריטן מאָל.

צוריק צו וועגס געטראָפן אַנדזשען. כ׳האָב איר געגעבן אַ שטאַרקן טרייסל, זיך געוואָלט אין עמעצן נוקם זיין. אַנדזשאַ האָט זיך שטאַרק אָנגע־בייזערט אויף מיר.

כ׳וויל זיך באַרויקן. כ׳טראַכט, אַז בקרוב וועל איך זיך לערנען. עס העלפט אָבער נישט. די טרערן קומען אַליין פון זיך.

## קאַפּיטל פערצן

כ׳האָב דאָס געפיל, אַז דעם עיקר שרייב איך נישט.

ווען כ׳הייב אָן שרייבן קומען אָן אַ סך געפילן אויף אַ מאָל. כ׳קאָן זיי קיין נאָמען נישט געבן. כ׳קאָן זיי נישט אויסדריקן מיט ווערטער.

איך גיי אַרויף אויפן בוידעם פון שטוב, צי אויפן בוידעם פון שפייכלער, כ׳שאַר אַוועק די תבואה, רייניק אָפּ אַ שטיקל פּאָל, לייג אַוועק אַ ריינעם זאַק, לייג זיך אַוועק לייענען. כ׳שטעל זיך אויף בלויז צו קוקן דורכן איינגעמויערטן פענצטערל אַרויס צום דרויסן. כ׳לעב איבער אַ פייערלעכע שטילקייט. כ׳בין ווי אָנגעשיכּורט מיט רו.

ווען איך גיי אַרונטער בין איך גוט צו דער מאַמען. עס אַרן מיך נישט אירע שטעך־ווערטלעך אַז כ׳בין אַ גאַסט אין שטוב. די מאַמע קוקט אויף מיר, פאַרבייסט די ליפּן. מסתמא ווייסט זי אַז כ׳בין געווען אויפן בוידעם.

אויפן בוידעם פליסן די טעג שטיל, אָן רעש. כ׳פיל זיך גוט — כ׳בין ווייט פון דעם וואָס עס געפעלט מיר נישט.

עס האַלט אַזוי אָן וויניקע טעג. אַ שלעכט וואָרט, אַ בייזער בליק, צעשטערט די שטימונג.

כ׳האָב געלייענט דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע”. דאָס בוך האָט אויף מיר שטאַרק געווירקט. געהאַט דערנאָך חשק ווידער אַרויפגיין אויפן בוידעם, שרייבן.

פרייטיק גיין אויפן בוידעם? עס וואָלט אין דער היים אַרויסגערופן אַ סקאַנדאַל.

ס׳טרעפט אָפט ביי מיר: געדאַנקען קומען ווי בליצן. זיי גיבן אַ שיין אויף ווי אַ שטערן. ס׳נעמט מיך אַרום אַ וואַרעמקייט ווי פון דער זון — דערנאָך פאַרשעם איך זיך. ס׳איז סענטימענטאַל... כ׳וויל זיין ניכטער — צערייס איך דאָס אָנגעשריבענע.

סיי ווי ווען דאָס געמיט פאַלן דורך די טענות צו מיר — היינט איז דאָך פרייטיק! — ס׳וועט ווערן צעשטערט דורך כּעס, צי דורך שטעכווערטלעך קעגן מיר.

ווען כ׳פאַרטיף זיך אין לייענען, ווען כ׳הער מוזיק, אַפילו דאַווענען מיט אַ ניגון — קאָן איך זיך אָפּטרייסלען פון שלעכטס, כ׳בין צווישן העכערע כּוחות, בלויז מיט גוטע געפילן אַנטפּלעקן זיי זיך.

און מיט אַ בייזן בליק, מיט אַן אומרעכט וואָס איך דערזע, שעפּט זיך אויס אויף אַ ווײַלע די פרייד און די עמאָציעס פון שיינע פילונגען.

און ווידער אַ ניגון — ווי די זון שווימט אַרויס פון צווישן וואָלקנס, קומט אָן אַ פרייד, שפּאַרט אַריבער איבער אַלעם — אַזוי פאַראַנען אין מיר ווידערשפּרוכן.

איך טראַכט: מיט פריינדשאַפט, מיט אַ גוט וואָרט, מיט פאַרשטענדעניש — קאָן שענער ווערן דאָס לעבן, די וועלט — אַ בעסערע.

כ׳בין אָרעם אין ווערטער, כ׳קאָן מיינע געפילן קיין אויסדרוק נישט געבן. די מאַמע רופט מיך. ס׳איז פרייטיק, פר׳ער דאַרף מען אויסמעלקן די צוויי קאָזעס. צו דער גרויסער קאָזע מוז איך האָבן חיהס הילף — זי זאָל זי צוהאַלטן ביי די הערנער.

זייט די קאָזע האָט פון מיר באַקומען אַ קאָפּע פאַרן נישט שטיין גלייךביים מעלקן — פאַרמעסט זי זיך אויף מיר דראָענדיק מיט די הערנער ביים בלויזן אָנקוקן מיך. זי איז מיר געבליבן אַ שונא. פאַרן טאַטן האָט זי רעספּעקט. טאָמער באַוויזט ער זיך אין שטאַל שטייט זי רו׳ק ביים מעלקן.

דער טאַטע האָט געגעבן פאַשע די פערד פון שטאַל, האָב איך גיך־גיך געקאָנט אויסמעלקן מיין שונא, כאָטש זי האָט זיך סיי ווי אומרו׳ק געדרייט און בייז געקוקט אויף מיר.

*

— אין שול אַריין! אין שול אַריין! — רופט דער שמש, קלאַפּט מיטן הילצערנעם האַמער אין די טירן פון די קראָמען. עס פאַרקלאַפּן זיך טירן, מע איילט זיך, מע מאַכט די לעצטע צוגרייטונגען צום שבת. די טישן ווערן געדעקט. מע צינדט ליכט, אַ רו איבער אַלעם, אַ שבתדיקע מנוחה. דער טאַטע מיט די ברידער זענען שוין אין שול. די מאַמע לייענט די תּחינה נאָכן ליכט־בענטשן.

די מנוחה, די שבתדיקע ניגונים וועקן אויף די פּריִערדיקע שטימונג. די בענקשאַפט צו אַלעם וואָס איז שיין און גוט.

שוין שפּעט. אַלע שלאָפן שוין אויסער חיה און איך. די ליכט ברענען נאָך אין די לייכטער. איך לייען אַ בוך. מיר רעדן צווישן זיך פון צייט צו צייט, לאַכן. דער טאַטע רעדט פון שלאָף, זינגט זמירות. ווי אַזוי ווייסט ער פּונקט פּרייטיק ביי נאַכט צו זינגען פון שלאָף די שבתדיקע זמירות?

ער רעדט תּמיד פון שלאָף, זינגט, אָבער פרייטיק זינגט ער די שבתדיקע זמירות. ווי איינגעהאַלטן מיר זאָלן נישט לאַכן, הערט דער טאַטע, וועקט זיך איבער.

— וואָס איז דאָס כאָכערן ביי זיי? שלאָפן גיין! מאָרגן ווילן זיי נישט אַרויסקריכן פון די בעטן. נאָר זיי כאָכערן!

די מאַמע דרייט זיך אומרויִק אין צווייטן בעט, זיפצט. מיר האַלטן איין דאָס געלעכטער, בלייבן שטיל, זיצן נאָך אַ ביסעלע, דערנאָך גייען מיר שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער אַריין אין אונדזער שלאָפצימער.

*

שׂרה־מרים בענקט נאָך איר'ע עלטערן און משפּחה. פלעמל וועט ווידער זיך אַריבערציִען קיין קאַלאַ. זיי זאָגן, אַז אויף אַ קורצער צייט. ווען כ'האָב עס געהערט האָב איך זיך צעוויינט. די מאַמע האָט געקוקט אויף מיר, מיר געזאָגט, אַז שׂרה־מרים וויל מיך מיטנעמען אויף אַ וואָך צי צוויי וואָכן צייט. מיך געפרעגט, צי כ'וויל פאָרן.

— צי איך וויל?... אַוודאי! — באַלד זיך דערמאָנט אַז כ'וועל זיך אָנהייבן לערנען, סיי ווי וועט צום לערנען דויערן מער ווי צוויי וואָכן.

— יאָ מאַמע, כ'וועל פאָרן, — כ'האָב באַשלאָסן צו קויפן פאַר חזקושן אַ שפּילצייג, און פאַר עטקען אַ פּופּעלע. זיך דערמאָנט, אַז קיין פּופּעס,

קיין שפּילצייג האָבן מיר קינדער אין מיין עלטערנס שטוב נישט געהאַט. איך פלעג מיר מאַכן פּופּעס פון שמאַטעס.

ס׳איז אָנגעקומען דער פּאָסטטרעגער. די פּאַננאַ סאַלאַ האָט מיר געשיקט אַ מתּנה אַ בוך „אינגעבאָרגאַ״ פון בערנאַרד קעלערמאַן. אַן אויפשריפט אויפן בוך:

„לייען עס מיין טייער קינד, וועסט דערין געפינען אַ סך שיינקייט און סובטעלקייט״.

כ׳האָב עס דורכגעלייענט אין איין אָטעם. טאַקע אַ פּרעכטיק בוך, אַן אידיליע צווישן אַ פּאָרל. ס׳איז אַן אינטערעסאַנט בוך און ווי די פּאַננאַ סאַלאַ שרייבט: — „שיין און סובטעל״. אויך אַ האַרציק בריוועלע פאַר מיר געלעגן אין בוך. מיין דאַנקבאַרקייט צו די פּאַננאַ סאַלאַ איז אַזוי גרויס, אַז כ׳שפּיר ווי מיינע געפילן גיסן זיך אַריבער די ברעגעס. כ׳קוק מיט ליבשאַפט אויף מענטשן. כ׳האָב דערפאַר געקושט פלעמלס קינדער, אויך שׂרה־מרימען. זי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

כ׳וועל מיטפאָרן מיט זיי קיין קאָלאָ. כ׳האָב ליב צו פאָרן, כ׳האָב ליב די שטאָט קאָלאָ, כ׳וועל זען אַנדערע פּנימער, אַנדערע מענטשן. כ׳האָב דאָרט חברטעס. דאָס מאָל וועל איך אויך זיין געשפּאַנט אין דערוואַרטונג ווען מיין לערנען זיך אין גיכן. כ׳וואַרט דערויף מיט אומגעדולד...

ווי כ׳האָב דערוואַרט — אַזוי איז געשען.

כאָטש די נייע איינדרוקן זענען מיר געווען צום האַרצן, דאָס פאַרברענגען ביי דער האַרציקער משפּחה פון מיין שוועגערין איז ביי מיר אַ יום־טוב — דאָך האָב איך געטראַכט ווען מיין לערנען זיך אין גיכן מיט פרייד און אומרו, מיט מורא פאַר די שוועריקייטן וועלכע דערוואַרטן מיך.

דריי וואָכן בין איך געווען אין קאָלאָ. אין דער היים האָב איך געטראָפן חיהן אַ געענדערטע. מיר האָבן זיך געפרייט ביי אונדזער באַגעגעניש. כ׳האָב דערפילט ווי שטאַרק כ׳האָב זי ליב. דורך דער קורצער צייט איז זי אויסגע־וואַקסן אין מיינע אויגן, געוואָרן שענער, באַקומען רויטלעכע באַקן. זי האָט מיר געוויזן לידער, אין וועלכע זי שילדערט אירע חברטעס.

ווי פיין זענען די לידער! וויציק און גוטמוטיק ווי כ׳וואָלט זיי געלייענט אין אַ בוך. חיה! כ׳בין געוואָרן פריידיק גערירט.

זי שרייבט קאָמעדיקעס אויף אינטערעסאַנטע קינדער־טעמעס. זי פירט זיי אויף מיט אירע חברטעס אויפן בוידעם פון שפּייכלער.

זי האָט נאָך כמעט נישט געלייענט קיין בוך. כ׳האָב זי געוואָלט אויס־פּרווון, געגעבן איר לייענען דאָס בוך „אינגעבאָרגאָ״. געטראַכט דערביי: ווען זי זיך פאַרשטיין אויפן בוך, זעען די שיינקייט דערין — וועט עס זיין אַ גוטער סימן. ברענגט זי אום פּערל האָבן עס אָנגעהויבן לייענען, מיר עס צוריקגעגעבן מיט אַ קרומע מינע: „נישט שיין — אין די ביכער שרייבן זיי בלויז ליגנס״...

צו מיין גליק און פרייד איז חיה געוואָרן אַנטציקט פון בוך, באַקומען חשק לייענען ביכער. איך גיב איר ביכער, זי לייענט זיי גיריק, פאַרשטייט זיך אויף זיי. כ׳בין דערשטוינט פון אירע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען וועגן די ביכער. מיט געריכטקייט הער איך זיך איין אין אירע רייד. כ׳פרעג זיך: איז דאָס מיין קליינע שוועסטער, חיה?!

*

מיינע טעג זענען אויסגעפילט מיטן לערנען־זיך. מיטן אויסהיטן זיך אַז מיינע עלטערן זאָלן זיך דערוועגן נישט דערוויסן. איך באַהאַלט די ביכער און העפטן אין דרויסן פאַרן אַרויסגיין אויף די לעקציעס. פון שטוב גיי איך אַרויס מיט ליידיקע הענט. כ׳לערן זיך צוזאַמען מיט רוטקען. .

אויף דער ערשטער לעקציע האָט דער לערער אונדז באַטראַכט, געקוקט אויף אונדזערע בוזעמס. געזאָגט צווײדייטיק:

— שוין אונטערגעוואַקסענע מיידלעך... שוין אַלט פערצן יאָר?

— יאָ, באַלד פופצן יאָר, — האָט רוטקע געענטפערט. איך האָב צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ — מיר זענען אין איין עלטער.

מירן זיך איבערגעקוקט מיט רוטקען פאַרשעמטע פון לערערס בליקן.

נישט לייכט צו לעבן מיט מורא און מיט ליגן. חיה העלפט מיר אַרויס מיט וואָס זי קאָן נאָר העלפן. מיין שוועסטערל חיה לערנט זיך אין דער שקאָלע פּאָווסשעכנע (רעגירונג־שול), בעט זי מיך אַז כ׳זאָל איר כלומרשט העלפן מאַכן די לעקציעס, אַזויערנאָך מאַך איך מיינע לעקציעס.

ברענגט פּראָווועט אירע שטיק. זי איז אַריינגעקומען, אָנגעקלאַפּט אין

טיר — וואָס זי טוט עס קיין מאָל נישט. געזאָגט הויך, אַז אַלע אין שטוב זאָלן הערן:

— דו האָסט געמיינט אַז דיין לערער טערלעצקי קומט אַריין?...

די מאַמע האָט צונויפגעצויגן די ברעמען, מיך אָנגעקוקט פאַרשנדיק, פאַרביסן די ליפּן. כ'האָב געשוויגן.

כ'ווייס זיכער אַז פּערל און ברײנע וועלן מיר נאָכטאָן, זיך לערנען, סתּם צוליב צייט־פאַרטרייב. קיין שוועריקייטן וועלן זיי נישט האָבן, זייערע על־טערן וועלן עס דערלויבן. ביי זיי איז דאָס לערנען זיך ווי שיינע קליידער. זיי זעען ביי עמעצן אַ שיין קלייד זענען זיי מקנא און מאַכן עס נאָך, לאָזן זיך אויפנייען אַזעלכע קליידער. אַזוי מיטן לערנען. און זיי וועלן מיך פאַר־ראַטן, אויסגעבן מיין סוד.

כ'בין באַזאָרגט. נאָר ווען כ'בין אויף די לעקציעס פאַרגעס איך אין אַלעם. כ'האָב ליב לערנען ליטעראַטור. מיר לייענען וועגן די פּוילישע, דייטשע און אַנדערע קלאַסיקער, רעדן וועגן זייערע ווערק, שרייבן. מיר וועלן זיך אָנהייבן לערנען פּסיכאָלאָגיע, לאָגיק. פּסיכאָלאָגיע איז מיין חלום!

איך שרייב אַ סך קאָמפּאָזיציעס. דעם לערער געפעלן זיי. כ'בעט אים אַז ער זאָל זיי נישט לייענען הויך אויף אַ קול ווי ער האָט עס געטאָן.

איך לערן־זיך! די צייט גייט מיטן לערנען, מיטן באַהאַלטן זיך דערמיט, מיטן גיין צו די לעקציעס בגניבה. מיר ווייזט זיך אויס אַז מען יאָגט זיך נאָך מיר פון שטוב.

רוטקע נעמט אַהיים מיינע העפטן צו זיך. זי העלפט מיר אָפּנאַרן מיינע עלטערן. זי קומט אַריין, בעט מיך זי באַגלייטן כּלומרשט צו אַ שניידערין, צו גיין שפּאַצירן, גיין אין ביבליאָטעק — כאָטש גיין אין ביבליאָטעק איז נישט אין גאַנצן כּשר ביי מיינע עלטערן. אַזוי גייט די צייט. און טראָץ אַלעם... איז מיר גוט. כ'לערן־זיך!

*

מיינע קוזינעס האָב איך געטראָפן אויף דער לעקציע.

ברײנע, אָנגעבלאָזן דאָס רונדיקע פּנים, זעט אויס אין מיינע אויגן ווי אַן אָנגעבלאָזענער אינדיק — מיט אַ פיינער פריזור, די האָר פאַרנומען אַרונטער אין אַ גרויסן קאָקס, די פינגער באַלייגט מיט פינגערלעך. פּערל, אין אַן

עלעגאַנט קלייד מיט אַ דעקאָלט. אויפן האַלדז — אַ לאַנגע שנור רויטע קרעלן. ביידע מיט ערנסטע פּנימער. מיר דאַכט זיך אַז ביינע זעט אויס טעמפּ. זי איז דאָך אָבער אַ קלוגע. מיינע אַנונגען וועגן זיי זענען מקויים געוואָרן. זיי לערנען־זיך מיט אונדז צוזאַמען.

איך האָב נישט אַלע ביכער צום לערנען, שרייב איך מיר אָפּ די לעקציעס פון זייערע ביכער, לערן זיך זיי אויס אויסנווייניק. לערן זיך בעתן אַרבעטן אין שטוב. כ'קען דעריבער גוט די לעקציעס.

פּערלען גלוסט זיך נישט לערנען. ס'איז איר אויך שווער. וועגן ליטע־ראַטור ווייסט זי גאָרנישט און פאַרשטייט נישט. סטיליסטיק איז לייכט, לערנט זי זיך עס אויף אויסנווייניק. צום ביישפּיל: וואָס איז אַרכאַאיזם, פּראָווינציאַליזם, סינאָנים אאַז״וו. זי זאָגט כּסדר:

— סטיליסטיק איז מיין חלום! מיין טרוים, מיין ליבע! מיין גאַנץ לעבן!

איך און רוטקע זאָגן זיי אונטער די לעקציעס. דערביי האָבן מיר זיכערע מינעס. מיר קענען בעסער פון זיי.

פּערל קנייפּט מיך כּסדר אין האַנט. ס'איז איר געוווינהייט. אַממיינסטן טוט זי עס ווען זי איז אין אַ פאַרלעגנהייט, פאַרשטייט נישט די לעקציע.

איך טראַכט אַז זיי וועלן פלירטעווען מיטן לערער. כ'דערקען עס אין זייער קאָקעטירן אים, אינעם אויספּוצן זיך, אין די בליקן זייערע.

אויף דער לעקציע פון פּסיכאָלאָגיע האָט דער לערער אונדז געזאָגט וועגן אונדזערע אייגנשאַפטן. פּערלען, אַז זי איז אַמביציעז, זי וויל זיך גוט לערנען און עס גייט איר נישט. זי שעמט זיך נישט צו קענען די לעקציע. ברייגען, אַז זי איז אַ דרייסטע. רוטקען, אַז זי לערנט זיך גוט מאַטע־מאַטיק און זי איז נאָך קינדיש. מיך האָט ער אָנגעקוקט, געצויגן מיט די אַקסלען, געזאָגט:

— מיר קענען זיך נישט אין גאַנצן. „מיר" האָבן ליב פילאָסאָפיע, צייכענען זיך אויס אין דעם. „מיר" לערנען זיך גוט ליטעראַטור.

ווען ער ווענדט זיך צו מיר זאָגט ער „מיר".

אין דער היים ווייסט מען גאָרנישט וועגן מיין לערנען־זיך. אָבער די מאַמע קוקט אויף מיר מאָדנע, זיפצט, ווען כ'גיי אַוועק אין אָוונט פאַרפרעסט זי די ליפּן. אַזאַ אויפפירונג איז ערגער פאַר מיר ווי איר כּעס־אויסברוך,

ווען מען דערלאַנגט מיר עסן פיל איך, ווי מען וואָלט מיר געטאָן אַ טובה. איך פיל זיך ווי כ׳וואָלט נישט געהאַט קיין רעכט דערצו.

אין אַ טאָג איז אַריינגעקומען אַנדזשע און אין קעגנוואַרט פון פויזשען אָנגעהויבן רעדן וועגן מיין לערנען־זיך. כ׳האָב צו איר געוווּנקען זי זאָל נישט רעדן, ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן.

— איך לערן זיך נישט, וואָס רעדסטו? — האָב איך איר איבערגעריסן ווינקענדיק צו איר. זי האָט זיך אָנגעהויבן בייזערן:

— וואָס רעדסטו? דער לערער טערלעצקי האָט ביי אונדז דערציילט, דו לערנסט זיך גוט.

— כ׳האָב בלויז געבאָרגט פון אים ביכער...

אַנדזשע האָט נישט פאַרשטאַנען מיין ווונקען, ווידער פאַרזיכערט אַז איך לערן זיך, און דער לערער זאָגט אַז כ׳בין אַ גוטע שילערין.

פויזשע האָט אונדזביידן באַטראַכט. מסתמא באַמערקט מיינע ווונקען. זי איז גלייך געגאַנגען אין קיך אַריין דערציילן עס דער מאַמען. זי פאַרמסרט מיך פאַר טאַטע־מאַמע פונקט ווי פאַר איר חתונה.

כ׳וועל מוזן פריִער אַהיימקומען פון די לעקציעס, נישט וואַרטן ביזן סוף. עס וועט אויסברעכן אַ סקאַנדאַל אין שטוב. מען קוקט מיר שטאַרק נאָך.

און אַזוי איז טאַקע געשען: די מאַמעס כעס־אויסברוך איז אַראָפּ אויף מיר ווי אַ שטורעם. זי טענהט אַז כ׳בין אַ שלעכטע טאָכטער. פון ווילטאָג ווייס איך נישט צי כ׳גיי אויפן קאָפּ צי אויף די פיס. כ׳האָב זיך גענומען אין קאָפּ אַריין אַ משוגעת, כ׳פאַרשוווּנד געלט אויף וועלכן דער טאַטע מיט מיינע ברידער אַרבעטן שווער. ביי נאַכט לויף איך צו די לערערס, און מען ווייסט נישט צי איך לערן זיך טאַקע אויף אַן אמת. ווייל וואָס קאָן איך זיך נאָך לערנען, אַז כ׳ווייס שוין צו פיל? און אַז כ׳רעד אָן מענטשן אויפצוהערן גלויבן אין גאָט — און נאָך אַ סך טענות.

פון אָנהייב האָב איך געשוויגן. ווען די מאַמע האָט איבערגעחזרט אַז בעסער וואָלט איך נישט געבוירן געוואָרן און אַז גאָט האָט זי באַשטראָפט מיט אַזאַ טאָכטער — בין איך אַרויס מיט העפטיקע קעגן־טענות און מיט געוויין.

כ׳האָב איר געזאָגט אַז כ׳האָב נישט קיינעם געבעטן געבוירן צו ווערן

און כ׳בין זיי דערפֿאַר נישט דאַנקבאַר. אַזעלכע עלטערן ווי זיי מאַכן פֿון זייערע קינדער גייסטיקע שקלאַפֿן. אַפֿילו איבער די געדאַנקען פֿון די קינדער ווילן זיי באַלעבאַטעווען. נאָר דאָס וואָס זיי ווילן און טראַכטן איז ריכטיק — מיינען זיי. זיי אַנערקענען נישט דעם ווילן פֿון די קינדער.

— פֿאַר וואָס זעט איר נישט אייער אומוויסן אַז איר באַעוולט די קינדער? אַזעלכע עלטערן וועלן אַ מאָל דאַרפֿן ענטפֿערן אויף דעם, ווען זיי וועלן שטיין פֿאַר גאָט. גאָט איז נישט אַזאַ ווי איר שטעלט זיך אים פֿאָר, לויט אייערע באַגריפֿן. צי איז עס ליבשאַפֿט צו קינדער צו האַלטן זיי ווי אין אַ שטייג? קיין שום זאַך איז נישט דערלויבט, אַלץ וואָס איך טו איז פֿאַר אייך שלעכט. איר וואַרפֿט מיט כּוח מיר אָן אייער ווילן אַז כ׳זאָל זיין אַזוי ווי איר ווילט און פֿאַרשטייט.

צום סוף האָב איך געפֿרעגט די מאַמע צי זי געדענקט נישט איר יוגנט, צי זי האָט נישט אין איר יוגנט חשק געהאַט צו שטיפֿן — וואָס זיי דערלויבן נישט. צי איז עס ליבשאַפֿט צו פֿאַרשאַפֿן מיר ליידן און נישט זעען אַפֿילו אַז זיי טוען עס?

כ׳האָב ווידער געזאָגט אַז כ׳האָב מיינע עלטערן נישט געבעטן מיך ברענגען אויף דער וועלט. כ׳האָב געוויינט און געזאָגט אַז כ׳וועל זיך ווייטער לערנען — און מיין גאַנץ לעבן לייענען ביכער.

— כ׳וויל נישט קיין קליידער, קיין שיך, נאָר לערנען־זיך! איבער דיר מיטן טאַטן וועל איך באַקומען אַ האַרץ־פֿעלער און ביזן טויט האָבן טענות צו אייך.

כ׳האָב געטראַכט: הלוואי זאָל איך שטאַרבן. ס׳איז מיר איינגעפֿאַלן גיין צום יעזיאָר, אַריינגיין אין קאַלטן וואַסער, זיך פֿאַרקילן און שטאַרבן. כ׳האָב שוין אַ מאָל אַזוי געטאָן אין ווינטער, אַפֿילו דערנאָך געלאָפֿן אַ באָרוועסע און לײַכט־אָנגעטוענע אין שניי. — און ס׳איז מיר גאָרנישט געשען.

די מאַמע האָט זיך צוגעהערט אַ בלאַסע, און ווי אַן איבערגעשראָקענע. איך האָב נאָך גערעדט און געוויינט.

כ׳בין אַרויס אין דרויסן. הינטער מיר האָב איך געהערט די מאַמעס ווערטער:

— ווי אַ דרשה, להבדיל — אַבי דאָס קען זי...

אויפן הויף האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט ביים טויער, אַריבערגעקוקט דורך די שפּאַלטן צו מיין פעטער מענדלס הויז. געטראַכט, אַז מיינע קוזינעס ליידן נישט פון דעם וואָס איך. פאַר וואָס זענען מיינע עלטערן אַזוי פאַנאַטיש?

ווען כ׳בין שפּעטער אַריין אין שטוב האָט די מאַמע מיך פאַרשנדיק אָנגעקוקט. איר פּנים איז געווען פאַרענדערט. זי האָט באַקומען אַ מער־געקנייטשטן שטערן. די אויגן — פאַרוויינט.

— נעם דיר עסן. — האָט זי קורץ געזאָגט.

— כ׳וויל נישט עסן, דער קאָפּ טוט מיר וויי.

— אַוודאי, ווער עס וויל גאווה טרייבן מוז ווייטיק ליידן. קיל אין דרויסן און זי גייט לייכט אָנגעטאָן. טו דיך אָן וואַרעמער!

פון צייט צו צייט האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אירע בליקן. כ׳האָב געזען טרויער אין אירע אויגן. פּלוצעם האָב איך דערפילט אַ גרויס רחמנות צו די מאַמע, אַפילו צום טאַטן — מיט אַ געמיש פון כעס צו אים.

אָבער איך קאָן נישט זיין אַ גוטע טאָכטער צו זיי. איך קעמף מיטן שלעכטס וואָס פאַראַן אין מיר, און קיין גוטע טאָכטער ווי פּויזשע, ווי מיינע ברידער — קען איך נישט זיין.

## קאַפּיטל פופצן

ניין, כ׳בין נישט קיין גוטע טאָכטער.

געקומען אין שטעטל אַריין אַ וואַנדערנדיק קינאָ. עס וועט זיין אַ בילד מיט פּאָלאַ נעגרי. ס׳טרעפט גאָר זעלטן אין שלעשין. אויך מיינע עלטערן האָבן געהערט וועגן דער געשעעניש. דער טאַטע האָט מיך קרומלעך אָנגעקוקט, געזאָגט:

— זי וויל אַוודאי גיין צו דעם. אַלע משוגעתן וויל זי נאָכגיין. כ׳האָב ברוך השם באַלד אויסגעלעבט מיינע יאָרן אָן דעם און כ׳קאָן זיך באַגיין דעריין.

— אַוודאי! די פערד אין שטאַל באַגייען זיך אויך דעריין און לעבן גליקלעך און צופרידן, — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט, און כ׳האָב זיך דערפון דערשראָקן.

דער טאַטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג. מיט כּעס צוגעשפּרינגען צו מיר. די מאַמע האָט מיך פֿאַרשטעלט.

ס׳זענען דורך עטלעכע טעג, שווערע טעג פֿאַר מיר. אין שטוב האָט מען געקוקט אויף מיר מיט פֿאַרוואורף — און איך האָב זיך געפֿילט שולדיק.

יעדן אין דער פֿרי באַגעגן איך זיך מיטן טאַטנס אויגן געווענדט צו מיר. נעכטן האָט ער געשריגן אַז ער וועט מיך פֿאַרטרייבן פֿון שטוב.

די מאַמע האָט געוויינט. דער טאַטע האָט אויסגעלאָזט זיין כּעס צו איר. זי איז שולדיק אין מיין לערנען־זיך. איך קען שוין אַזוי פֿיל אַז כ׳קאָן משוגע ווערן פֿון אַזוי פֿיל לערע.

— ווער האָט דאָס געהערט אַז אַ מויד פֿון פּופֿצן יאָר זאָל זיין אַזוי ?...

ווען ער האָט דערמאָנט מיין לערנען, בין איך געוואָרן האַרט. מיינע שולד־געפֿילן האָבן זיך ביי מיר אויסגעוועפּט. כ׳האָב גענומען פֿון אַ ווינקל אַ בוך, אַרויס מיט דעם אין דרויסן. סתּם געגאַנגען איבער די גאַסן, נישט שפּאַצירט, נאָר געגאַנגען.

און ביי נאַכט בין איך אויפֿגעקומען פֿון שלאָף מיט אַ רחמנות צום טאַטן. עס האָט זיך מיר דערמאָנט : כ׳האָב אים אַקעגנגערעדט... אויך זיך דערמאָנט : דער טאַטע פֿלעגט מיך אַ סך מאָל מיטנעמען אין דאָרף אַריין, כ׳זאָל זיצן אויפֿן וואָגן, האַלטן די לייצעס פֿון די פֿערד ווען ער איז געגאַנגען צו די פּויערים אין שטוב אַריין. דעמאָלט האָט ער אַנדערש אויסגעזען, געקוקט אויף מיר מילד, אַלע מאָל מיר געבערענגט פּרוכטן, געשמאַק פּויעריש ברויט, מיך געפֿרעגט צי כ׳וויל טרינקען.

כ׳בין געזעסן אויפֿן וואָגן פֿון הינטן. ווען דער טאַטע איז געזעסן אויס־געדרייט פֿון מיר — האָב איך אַרויסגענומען דאָס בוך וואָס כ׳האָב געהאַט באַהאַלטן הינטער זעק, געלייענט עס באַהאַלטענערהייט. מיר האָט זיך אויס־געוויזן אַז ער ווייסט עס — און מאַכט זיך נישט וויסנדיק.

אויך וואָלף פֿלעגט מיך מיטנעמען ווען ער איז געווען אין דער היים. און וואָלף איז דאָך אַ גוטער און האַרציקער ברודער, אָבער אַזוי גוט ווי דער טאַטע איז ער נישט געווען צו מיר.

און צווישן טאַטן מיט די ברידער, מיט פּויזשען און אפשר אויך מיט חיהן — הערשט דאָך שלום. דער טאַטע איז גוט צו אַלעמען. קיינער וואַגט

נישט אַקעגנגרעדן די עלטערן, נישט האָרכן זיי. איך בין די איינציקע, כ׳קאָן נישט זיין אַנדערש.

✶

ווען איך דערנענטער זיך צו דער שול ווו מיר לערנען זיך — טראַכט איך אַז כ׳וועל אַ מאָל קוקן צו דעם הויז, צו די פענצטער — מיט ווייטיק און באַדויער פאַר דעם פאַרלוירענעם גליק.

רוטקע איז געפאָרן קיין קאָנין באַלייגט עקזאַמען צו דער פערטער קלאַס גימנאַזיע. און דער לערער זאָגט אַז מיר זענען מער פאָרגעשריטן, מיר לערנען זיך קעגנשטאַנדן פון דער זעקסטער קלאַס.

רוטקעס עלטערן זענען פרומע, דאָך דערלויבן זיי איר זיך לערנען.

טייל מאָל טראַכט איך וועגן אַנטלויפן פון שטוב, אָבער ס׳איז בלויז פאַנטאַזיע. לערנע קאָסט געלט. און אויסהאַלטן זיך, וווינען... דאָ גענאַר איך אויס געלט ביי מיינע ברידער, און פון ווייטן — ווי־אַזוי?

ס׳איז מיר איינגעפאַלן זיך לערנען בוכאַלטעריע, כּדי זיך דורך דעם אויסהאַלטן. כ׳האָב עס געזאָגט דעם לערער. ער האָט מיך אויסגעלאַכט, בוכאַלטעריע איז נישט פאַר מיר. ער איז טאַקע גערעכט, איך לייד נישט קיין חשבונות. כ׳בין נישט גענוג שטאַרק צו צווינגען זיך דערצו.

און דער לערער פירט זיך לעצטנס אויף מאָדנע. קענטיק אַז ער לערנט אונדז שוין אָן חשק. מסתּמא סטייעט אים זיין לערנען אין פּאָלקסשול. נאָך עטלעכע חדשים לערנען איז ער געוואָרן „מיד״, ער האָט עס נישט נייטיק, גיט ער אָנצוגעהערן, ער פירט זיך נישט ווי ער האָט צוגעזאָגט די פּאַננאַ סאַלאַ.

ער קוקט אַ סך אויף אונדזערע בוזעמס מיט אַזעלכע מאָדנע בליקן... און פאַרנאַכלעסיקט די לעקציעס.

מיר האָבן זיך צעבונטעוועט קעגן אים. מיר וואַרטן כּסדר לאַנג ביז ער קומט צו די לעקציעס, זאָל ער אויך איין מאָל וואַרטן אויף אונדז. מיר זענען געשטאַנען באַהאַלטן, נישט אַריין פּינקטלעך צו דער לעקציע. ער איז פריִער אַריין אין שול, געוואַרט אויף אונדז. ער האָט אונדז אָנגעקוקט אַן אָנגעכמור־רעטער. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט, אויך געווען ערנסט די גאַנצע צייט.

און נאָך אַ מאָל זענען מיר נישט געגאַנגען פּינקטלעך. כ׳האָב באַלד

באַקומען חרטה, אָנגעהויבן וויינען, כאָטש כ׳האָב נישט געוואָלט מען זאָל מיך זען וויינען. כ׳האָב גענומען פּערלען ביי דער האַנט. זי האָט אויך אָנגעהויבן וויינען. ביידע זענען מיר געגאַנגען צו דער שול וויינענדיק. פּונקט איז אָנגעקומען דער לערער, אויך שפּעט. צו מאָרגנס האָב איך אָנגעשריבן צוויי קאָמפּאָזיציעס, זיי געוויזן דעם לערער. ביים דערלאַנגען זיי אים האָב איך געהאַט דאָס געפיל ווי כ׳וואָלט זיך געשטעלט פאַר אים אַ נאַקעטע. געהאַט חשק אים זיי אַרויסרייסן פון האַנט, געראָפן: ניין! ניין!

ער האָט מיך אָנגעקוקט שטרענג, מיט כּעס געהייסן מיך זיך באַרויִקן.

כ׳האָב אַנידערגעלייגט דעם קאָפּ אויף דער שול־באַנק. געפילט אַ בושה בשעת ער האָט געליינט.

נאָכן אַדורכלייענען די קאָמפּאָזיציעס האָט ער מיך אָנגעקוקט ערנסט. מיט אַ שיינעם און האַרציקן שמייכל מיר געזאָגט אַז כ׳האָב טאַלאַנט, כ׳זאָל אים נישט פאַרנאַכלעסיקן. איין קאָמפּאָזיציע איז פּסיכאָלאָגיש. ער איז דורך דער גאַנצער לעקציע געווען גוט און פריינדלעך צו אונדז, צוגעזאָגט אונדז לערנען מער לאָגיק, ליטעראַטור און פּסיכאָלאָגיע.

פאַר פרייד בין איך ביי נאַכט נישט געשלאָפן.

אין אַן אָוונט:

מיר זענען געקומען צו דער לעקציע און געטראָפן אין שול דעם לערערס אַ חבר וועלכער געפינט זיך זייט אַ צייט אין שלעזיען. טערלעצקי האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר אונדז אַלס זיין קוזין, געזאָגט, אַז דער קוזין זיינער וועט ממשיך זיין אונדז לערנען.

אין אָנהייב בין איך נישט געווען צופרידן. כ׳האָב אָנגעקוקט דעם הויכן, בלאָנדן צוקונפטיקן לערער. אויף זיין פּשוט אויסזעענדיק פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל. דער שמייכל האָט שיין געמאַכט זיין פּנים, אַפילו אַ גוטסקייט האָב איך דערפילט אין זיין שמייכל. באַקומען צוטרוי צו אים. ווי אַ בליץ איז מיר דורך אַ געדאַנק:

עס וועט ווידער זיין אַן ערנסט לערנען, נישט פאַרנאַכלעסיקט ווי ביי טערלעצקין. און טאַקע: מיר לערנען זיך שוין ווידער ערנסט.

פּערל הייבט אָבער אָן שטערן. זי זיצט נעבן מיר, זאָגט מיר אונטער לעכערלעכע זאַכן. זי ווייזט מיר דאָס פינגערל וואָס דער לערער טראָגט

אויף אַ פינגער. זאָגט ס׳איז פון אַ כּלה, דאָ וועיזט זי אויף זיין נאָז־טיכל, דאָ זאָגט זי אַז דער לערער איז צו ערנסט, מען דאַרף אים קיצלען.

אַוודאי איז דער פאַן דאַנעק ערנסט, איידל און פריינדלעך צו אונדז. און פּערלס לעכערלעכע רייד שטערן און מאַכן מיך לאַכן. דער לערער קוקט אויף אונדז פאַרוווּנדערט. ער ווייסט ווי שווער מיר קומט אָן דאָס לערנען, טערלעצקי האָט אים זיכער עס דערציילט, און דאָ אַזאַ אויפפירונג...

כ׳האָב זיך אָנגעהויבן באַהערשן, אויפגעהערט זיך צוהערן צו פּערלס רייד, געוואָרן ערנסט. אַלץ איז שוין געוואָרן צוריק גוט, אָבער דער לערער האָט אויפגעהערט קומען פּינקטלעך צו די לעקציעס, און אַפילו אין גאַנצן נישט קומען.

ברײנע, פּערל און איך זענען אַוועק צו טערלעצקין זיך באַקלאָגן פאַר אים. בריינע, ווי איר טבע איז אַרויס מיט לשון, פאַרקלאָגט דעם פאַן דאַנעק אַז ער קומט שפּעט, לערנט איילִיק, יאָגט זיך באַלד אַוועקצוגיין. איך האָב צוגעגעבן אַז ער לערנט נישט דאָס וואָס מיר האָבן געלערנט ביי אים, ביי טערלעצקין.

טערלעצקי האָט צוגעזאָגט מאַכן דעם פאַן דאַנעק אַ פאַרוווּרף פאַר זיין אויפפירונג. ער וועט קומען אויף אַ לעקציע, קאָנטראָלירן זיין לערנען.

מסתּמא האָט טערלעצקי פאַרגעסן זיין אייגענע אויפפירונג, אַז ער האָט אויך אַזוי געטאָן...

און פּונקט ווי ביי טערלעצקין — האָב איך באַקומען חרטה פאַרן באַ־קלאָגן זיך. ס׳איז מיר אָנגעקומען אַ געווין. כ׳בין אַוועק צו פּערלען זי בעטן זי זאָל מיט מיר מיטגיין צו טערלעצקין, אים זאָגן אַז מיר זענען צופרידן פון פאַן דאַנעק. פּערל איז באַשטאַנען דערויף. צוקומענדיק צום לערערס דירה האָבן מיר געזען דורכן פענצטער אַז אינעווייניק זענען פאַראַן נאָך לערערס. ביים פענצטער איז געשטאַנען דער פאַן דאַנעק מיט אַן ערנסט פּנים, אפשר אַ טרויעריק פּנים. זעענדיק אים איז מיר ווידער אָנגעקומען אַ געווין. כ׳האָב געטראַכט אַז ער איז טרויעריק צוליב אונדזער פאַרמסרן אים.

בריינע און רוטקע זענען אָנגעקומען. מיר האָבן געוווּסט אַז אויף דער לעקציע וועט זיין טערלעצקי. באַלד האָבן מיר טאַקע געזען זיי צוזאַמען אַרויסגיין. זיי זענען געגאַנגען שמועסנדיק, געוואַרט אויף אונדז.

ברײנע האָט אָנגעהױבן:

— זײ װאַרטן אױף אונדז, זאָלן זײ װאַרטן. עס קומט זײ אױך צו װאַרטן אַ מאָל.

איך בין געגאַנגען, נישט געקוקט אױף ברײנעס רײד. געזען װידער דעם פֿאַן דאַנעקס פּנים. אפֿשר איז ער קראַנק? אפֿשר אַ פֿאַרדראָס בײ אים? ס׳האָט מיך דורכגענומען אַ רחמנות.

װען מיר זענען אַרײַן אין שול — האָב איך זיך געװאָנדן צו טערלעצקין, געזאָגט אים אַז מען דאַרף נישט קאָנטראָלירן די לעקציע. און צום פֿאַן דאַנעק האָב איך געזאָגט שטיל: „פּשעפּראַשאַם פּאַנאַ באַרדזאָ" (איך איבער־בעט דעם פֿאַן שטאַרק).

— ס׳איז גאָרנישט, נאָר כ׳בעט קומען פּינקטלעך צו די לעקציעס — האָט ער געענטפֿערט.

ברײנע האָט עס דערהערט, מיך אָנגעקוקט מיט חוזק, זיך צעלאַכט. מיך האָט עס נישט געאַרט.

און דאָס לערנען גײט אָן גאָר גוט. דער פֿאַן דאַנעק װײַזט אַרױס זײַן טיף װיסן. מיר שמועסן װעגן פּסיכאָלאָגיע, מיר באַהאַנדלען אױף די לעקציעס ערנסטע טעמעס. מיר דערװיסן זיך װעגן נײַע זאַכן. ס׳װערט מיר אינערלעך העל, װי אַ ליכט װאָלט אין מיר אַרײַנגעדרינגען. טײל מאָל װיל איך גאָר ברײט עפֿענען די אױגן און אײַנשלינגען, אײַנזאַפּן דאָס גאַנצע װיסן, די גאַנצע לערע.

און װי ס׳האָט זיך אַרױסגעװיזן איז דעם פֿאַן דאַנעקס פֿאַרנאַכלעסיקן געװען צוליב זײַן געזונט־צושטאַנד. איצט איז ער געזונט. מיט זײַן לערנען װער איך באַלױנט פֿאַר די סצענעס אין שטוב, פֿאַרן באַזיפֿצן און באַקרעכצן מײַן נישט געהאַרכזאַמקײט, מײַן שלעכטקײט.

בכלל פֿיר איך אַ דאָפּלט לעבן. בײ טאָג בין איך אין גיהנום און אין אָװנט אין הימל. די דערמאָנונג װאָס עס דערװאַרט מיך אין אָװנט אױף דער לעקציע — גיט מיר כּוח איבערצוטראָגן דעם גיהנום — און דער געדאַנק װעגן די איבערלעבונגען בײ טאָג אין שטוב — שטערט אָפּט דעם פֿאַרגעניגן פֿון אָװנט.

מיר דאַכט זיך אַז דער לערער קוקט אַ סך אױף מיר. מיר געפֿעלט עס.

רוטקע האָט מיר געזאָגט אַז דער לערער קוקט אַ סך אויף איר. ווי איז עס מעגלעך? ער קוקט אויף מיר. כ׳בין נישט קיין שיינע, אָבער רוטקע איז אַ מיאוסע. זי האָט גאָר שמאָלע העלע אויגן. אַ שמאָל ראָזע פּנים און די לאַנגע דינע נאָז איז ביי איר רויט.

עס דאַרף נישט זיין קיין ליבע דווקא. איך וויל נישט טראַכטן ווי פּערל טראַכט. עס קאָן זיין בלויז סימפּאַטיע.

מיינע קאָמפּאָזיציעס גיב איך אים צו לייענען מיט אַ געוויסער צוריק־געהאַלטנקייט. ער לייענט זיי ערנסט, אין דער שטיל. רעדט צו מיר דערנאָך ווייך און האַרציק, לויבט זיי. כ׳בין זשענירט, גלייכצייטיק פיל איך זיך דערלייכטערט אויפן געמיט.

*

וואָסערער ענדערונג! נישטאָ מער דער פּאַן דאַנעק...

כ׳בין געגאַנגען צו מיין מומע נעמען די ביכער פון די קוזינעס. געטראָפן דעם לערער, זיך דערפרייט מיט אים.

אַלע האָבן מיך מאָדנע אָנגעקוקט, געווען ערנסט. אויך רוטקע איז געווען ערנסט. זי האָט מיר געזאָגט:

— דער פּאַן דאַנעק פאָרט אַוועק.

כ׳האָב זיי אַלעמען אָנגעקוקט, נישט געגלויבט. ברײַנע, פּערל, אַפילו די מומע — האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ: יאָ, ס׳איז אמת.

כ׳האָב זיך דערפילט ווי צום אומפאַלן. כ׳האָב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און אַריין אין צווייטן צימער. כ׳האָב דערפילט אַז כ׳פאַרליר עפּעס וואָס איז מיר טייער, וואָס כ׳וועל עס שוין קיין מאָל נישט האָבן...

אַלע זענען אַריין צו מיר אין שטוב. דער פּאַן דאַנעק האָט צו מיר גערעדט האַרציק, געזאָגט, אַז טערלעצקי וועט צוריק לערנען מיט אונדז, אים פאַרטרעטן, כ׳זאָל זיך ווייטער לערנען. נישט פאַרנאַכלעסיקן די פעיִקייט צו לערנען. צו יעדער פון אונדז, זיינע שילערינס, האָט ער גערעדט האַרציקע ווערטער. פּלוצעם האָט זיך ברײַנע אָפּגערופן:

— כ׳ווייס פאַר וואָס זי וויינט. ס׳איז נישט איבער דער לערע...

אין מיטן וויינען האָב איך זי אָנגעקוקט. וואָס מיינט זי דערמיט? גע־טראַכט: יאָ, אַזאַ איז זי, איר כאַראַקטער צו אינטריגעס. מיר איז אַ וווּנדער

וואָס דער לערער, אַ מבין אויף מענטשן — האָט זיך גוט באַצויגן צו איר.

מיר האָבן זיך געזעגנט. כ׳בין אַהיימגעגאַנגען אַ פאַרוויינטע. מאַנעס, אַ צעשיינטער האָט מיך גערופן כ׳זאָל אים ווינטשן מזל־טוב. ער איז געוואָרן אַ חתן. זיך פאַרקנסט פאַר חווהן פון סאַמפּאָלנע.

כ׳האָב אים געזאָגט: מזל־טוב — און בין אַנטלאָפן, אַרויס אויפן הויף, מען זאָל מיך נישט זען אַ פאַרוויינטע און כ׳האָב נישט געהאַט קיין חשק צו רעדן.

כ׳האָב אַרומשפּאַצירט וויינענדיק. אין אָוונט, ווען די קאָלעיקע האָט געדאַרפט אָנקומען און דער לערער אַוועקפאָרן — האָב איך געבעטן פערלען און רוטקען גיין צו דער קאָלעיקע. מיר זענען געגאַנגען. ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט פריינד, אַממיינסטן לערער און לערערינס. מיר זענען נישט צוגעגאַנגען.

כ׳בין געווען לייכט אָנגעטאָן און עס איז געווען קאַלט. כ׳בין געגאַנגען איבער דער גאַס, אויסגעשטעלט דאָס פנים אויפן ווינט. געהאַט דאָס געפיל פון גיין פון אַ לוויה.

כ׳וואָלט געוואָלט הערן מוזיק. אפשר וואָלט עס מיך אַרויסגעפירט פון דעם איצטיקן צושטאַנד.

✶

שוין דער צווייטער חודש ווי מיר לערנען זיך צוריק ביי טערלעצקין. עס איז גאָר אַנדערש ווי ביים פריערדיקן לערער. דער פאַן דאַנעק האָט אויסגעטייטשט זאַכן מיט טיפקייט. טערלעצקי איז אַ געניטער און גוטער לערער, אָבער נאָך דעם פאַן דאַנעק האָב איך דאָס געפיל אַז ער איז אויבער־פלעכלעך.

ער פירט זיך נישט אויף ווי עס באַדאַרף צו זיין. ביי זיין ערשטן לערנען אונדז האָב איך די אַלע זאַכן נישט באַמערקט.

ברײנע און פערל דערציילן אַז ער האָט שוין יעדע פון זיי צוגעדריקט צו זיך, געקושט זיי... אויך האָט מיר ברײנע געזאָגט אַז די פאַננאַ וואָס ליבט זיך מיטן לערער האָט איר דערציילט אַז בשעת ער האָט זי געקושט צום ערשטן מאָל איז זי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אים געפרעגט, ווי ער וואַגט צו קושן אַ צניעותדיקע בתולה. דערפאַר האָט ער זיך פאַרליבט אין איר.

און ווען ער האָט זי, ברײנען, געקושט — נישט ספּעציעל, נאָר בײ אַ געװוּעט האָט ער געווינען בײ איר אַ קוש — איז זי אויך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין — האָט זי דערציילט.

וואָס וויל זי, ברײנע, אַז אויך אין איר זאָל ער זיך פאַרליבן? קאָן מען דען האָבן צוויי כּלות? און ער, טערלעצקי, איז דאָך נישט קיין ייִד.

און ווי קאָן מען דען ווײנען ווען ס'איז נישטאָ פאַר וואָס?

כ'דערמאָן זיך: ווען די פּאַננאַ סאַלאַ איז געווען אין שלעשין, האָט ער שפּאַצירט מיט איר און נישט מיט דער כּלה מאַרצישאַ. די פּאַננאַ סאַלאַ איז אַ שײנע, עלעגאַנטע, די כּלה איז נישט קיין געלערנטע, אַ פּשוטע, נישט קיין שיינע, מיט אַ פּנים מיט לעכער פון פּאָקן.

דער לערער זיצט בײ איר אין די אָוונטן. אין אַן אָוונט האָב איך פאַרביי־שפּאַצירט מיט פערלען פאַר איר וווינונג. מיר האָבן געזען ווי עמעצער פאַרוויקלט אין אַ טוך, שטייט הינטערן פענצטער און קוקט אַריין אינעווייניק דורך אַ קליין שפּאַרעלע — ווײל די פענצטער זענען געווען פון אינעווייניק שטאַרק פאַרהאָנגען. פערל האָט זי אָנגעכאַפּט פון הינטן, ס'איז געווען מאַר־צישאַס מאַמע. זי האָט שטיל צו אונדז געשעפּטשעט: ששש...

מיר זענען אַוועק און געזען ווי מאַרצישאַס קליין מאַמעלע בלײבט שטיין הינטערן פענצטער.

כּמעט יעדן טאָג קומט אַריין צו אונדז מאַרצישאַ, דערלאַנגט מיר אַ צעטעלע פאַרן לערער. ווען כ'גיב אים דאָס צעטעלע לייענט ער עס מיט אַ געקנייטשטן שטערן.

כ'האָב דורכגעלייענט עטלעכע בלעטער אין פּאָרעלס בוך „די געשלעכטס־פראַגן". נאָך נישט געלייענט דאָס גאַנצע בוך און באַקומען חשק צו פרעגן דעם לערער וועגן עטלעכע ווערטער וועלכע כ'האָב כּלומרשט נישט פאַר־שטאַנען.

ער האָט מיך פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט, דערביי קרומלעך געשמייכלט. נישט שיין געשמייכלט. כ'האָב זיך געוווּנדערט. מען קאָן דאָך שמועסן וועגן אַלעם. דאָך... ווען ער האָט אָנגעהויבן פאַרטייטשן... האָב איך געשריגן: גענוג!

ער האָט מיך געהייסן קומען צו אים שבת נאָך מיטאָג, זיך דערוויסן

צי מאָנטיק וועט זיין אַ לעקציע, ווייל אפשר וועט ער מאָנטיק אָוועקפאָרן.

ווידער האָבן מיר ברײנע און פּערל דערציילט אַז ער קושט זיי. כ׳בין געוואָרן טשעקאַווע, צי מיט מיר וואָלט ער זיך אויך אַזוי אויפגעפירט. כ׳בין געגאַנגען פרעגן וועגן דער לעקציע אָבער כ׳האָב מיטגענומען פּערלען.

כ׳האָב אים ביי דער געלעגנהייט געבעטן מיר אויפשרייבן דעם טיטל פון אַ ביכל, פּראָצעסן פון אַפּלאַטאָן. כ׳וועל עס בעטן אין ביבליאָטעק.

ער האָט אויפגעשריבן דעם טיטל, דערביי צוגעשריבן, פרעגנדיק צי איך לייען אַ סך וועגן סעקסועלע פראַגן.

— יאָ, פאַר וואָס נישט? — האָב איך געענטפערט טראָציק.

ער האָט אויפגעשריבן אויף אַ פּאַפּירל, מיר עס דערלאַנגט, כ׳האָב געלייענט:

— ביסט נאָך אַ בתולה?

כ׳האָב געשטוינט, ווידער געענטפערט טראָציק:

— עס איז מיין זאַך.

פּערל האָט אונדז געשפּיזט מיט די אויגן, געוואָרן אומרויק. אייפערזוכט ביי איר. נאָך דער פראַגע בין איך שוין געווען פאַרשעמט און מאָדנע אויפ־גערעגט. מיר זענען אַוועק. כ׳האָב דערנאָך אַ סך געטראַכט וועגן מיין וויזיט ביים לערער מיט אַ מין עקזאַלטירטקייט.

ווען כ׳בין מאָנטיק געקומען צו דער לעקציע בין איך געווען פאַרשעמט, אים נישט געקוקט אין די אויגן. ער האָט אָבער יאָ געקוקט אויף מיר און ווידער מיך געהייסן קומען צו אים שבת נאָך מיטאָג.

כ׳בין געוואָרן נייגעריק ווי אַזוי ער וועט זיך אויפפירן. כ׳האָב געוואָלט גיין, בין געגאַנגען. ער האָט מיך פריינדלעך אויפגענומען, אָנגעקוקט מיט מאָדנע בליקן, מיר אָנגעהויבן מאַכן קאָמפּלימענטן אַז כ׳בין כּלומרשט קלוג. דערנאָך האָט ער מיך צוגעדריקט צו זיך. מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַ נייגונג צו מיר, אַפילו ליב. ער האָט מיך פעסט אַרומגענומען.

כ׳האָב זיך פּלוצים דערמאָנט אין זיין קושן פּערלען און ברײנען, מסתּמא אויך זיין כּלה קושט ער. כ׳האָב זיך פון אים אַרויסגעריסן, געשטאַמלט:

— ניין, ניין, כ׳וויל נישט אַזוי, כ׳וויל נישט...

ווען כ׳בין באַלד אַרויס האָב איך זיך דערפילט ווי כ׳וואָלט געוואָרן

עלטער. כ׳בין געווען צופרידן וואָס כ׳בין אַוועק. כ׳וויל נישט ער זאָל זיך שפּילן מיט מיר ווי ער שפּילט זיך מיט אַנדערע. כ׳האָב דעם אָוונט אַ סך געוויינט.

געווען אַן איבעררייס אין לערנען צוליבן יום־טוב פּסח. קיינער פון די מיידלעך וויל זיך נישט מער לערנען, בלויז איך וויל. כ׳האָב נישט מורא פאַרן לערנען זיך, אַבי לערנען. ווען כ׳וועל אָנהייבן זיך לערנען אַליין וועט ער מיך טשעפּען אויף די לעקציעס? איך וועל זיך אַקעגנשטעלן. — אַזוי האָב איך געטראַכט.

דער לערער האָט מיך געטראָפן אין גאַס, צוגעקומען צו מיר, אָנגעהויבן רעדן וועגן לערנען מיט מיר נאָך פּסח, און דערביי געזאָגט, אַז ער האָט אַ נייגונג צו מיר. עס איז מיר נישט געפעלן. דאָך בין איך געגאַנגען צו אים בעטן מיר באָרגן אַ בוך.

ער האָט זיך דערפרייט מיט מיר, באַלד אָנגעהויבן רעדן וועגן סעקס, מיך געפּרוווט אַרומנעמען. כ׳האָב אים לייכט אָפּגעשטויסן פון זיך, געקוקט אים גלייך אין די אויגן, געלאַכט.

און ווידער האָט ער מיך אַרומגענומען, מיר געזאָגט, אַז ער האָט מיך ליב. כ׳האָב זיך אַרויסגעריסן פון אים.

— פאַניע, איר פירט זיך שלעכט אויף!

— און דו ביסט נאַיִוו, — האָט ער געלאַכט, מיך געוואָלט אַרומנעמען.

כ׳בין צוגעלאָפן צו דער טיר, און אַרויס.

ער האָט ביי מיר אַרויסגערופן עפּעס נייע געפילן. כ׳בענק נאָך עפּעס, אָבער נישט נאָך זיין אויפפירונג. ער פירט זיך אַזוי אויף אויך מיט אַנדערע מיידלעך. ער האָט אויך אַ כּלה. און מיר זאָגט ער אַז ער האָט מיך ליב... מיט געמישטע געפילן האָב איך אויפגעהערט לערנען זיך ביי אים.

כ׳בין געוואָרן מער דערפאַרן. אים גלייב איך נישט מער, ווייל קאָן ער דען אַלע מיידלעך ליב האָבן? זיין מיידל, פערלען, ברײנען, מיך?... און ווי קאָן מען זיך אַזוי אויפפירן, קושן, גלעטן, דערקלערן זיך אין ליבע — נישט ליבנדיק?

כ׳בין שטאָלץ דערמיט וואָס כ׳האָב זיך נישט געלאָזט פון אים.

און וואָס וועט זיין מיטן לערנען?

פערל שפּאַצירט מיט שקצים. זי קלאַפּט אָן שפּעט אין אָוונט אין פענצ־טער, בעט כ׳זאָל זי אַריינלאָזן שלאָפן. זי האָט מורא פאַר אירע עלטערן אַהיימצוקומען אַזוי שפּעט.

איך שלאָף דאָך מיט חיהן. איך וועק זי אויף, און חיה, די תּמיד גוטע, גייט אַרויס פון בעט אַ פאַרשלאָפענע, נעמט אין די הענט אַריין אירע שיך — און גייט צו דער צווייטער זייט דירה צו דער מאַמען אין שלאָפצימער אַריין. זי זאָגט נישט דער מאַמען אַז ס׳איז צוליב פּערלען. די מאַמע, געוווינט דערצו, נעמט זי מיט האַרציקייט צו זיך אין בעט אַריין.

פערל האָט מיך באַקענט מיט צוויי אוניווערסיטעט־סטודענטן. זיי זענען געקומען אויף זייער יום־טוב פּסחא.

כ׳בין געגאַנגען מיט דעם מיט וועלכן פּערל גייט אין די אָוונטן: אַ דיקלעכער, אַ פעסטער. קוים געגאַנגען עטלעכע מינוט האָט ער אָנגעהויבן רעדן נישט שיין, צווייד־טייטיק, און מיך געוואָלט אַרומנעמען, קושן. כ׳בין אַנטלאָפן אַהיים. אַ גאַנצע נאַכט דערנאָך שלעכט געשלאָפן.

צו מאָרגנס האָט מיך פּערל גערופן צו גיין שפּאַצירן מיטן צווייטן סטו־דענט. מיר פאַרזיכערט, אַז ער איז ערנסטער, ער איז גאָר אַנדערש פון יענעם. איך האָב טאַקע געהערט וועגן אים. ער איז פון אַ יִחוסדיקער גויִשער פאַמיליע אין שטעטל. אַלע ברידער און שוועסטער אַקאַדעמיקער. און דעם סטודענט לויבט מען שטאַרק, מ׳זאָגט, אַז ער איז דער אינטעליגענטסטער פון שלעשין.

כ׳בין געגאַנגען מיט פערלען, כּדי זיך צו טרעפן מיטן צווייטן סטודענט און שפּאַצירן מיט אים. זיי זענען טאַקע צוגעקומען צו אונדז — און ווי פריִער באַשטעלט — מסתּמא דורך פערלען — איז שוין דער דיקער נישט צוגעקומען צו מיר.

יוזעף — אַזוי הייסט ער — האָט זיך עלעגאַנט פאַרנייגט פאַר מיר, זיך פאָרגעשטעלט; מסתּמא פאַרגעסן, אַז נעכטן האָבן מיר זיך שוין געהאַט באַקענט.

ער איז אַ הויכער, בלאָנדער, מיט העלע אויגן, זעט אויס עלעגאַנט און אַריסטאָקראַטיש.

מיר האָבן געשמועסט וועגן ביכער. ער רעציטירט שיין פון זיכּרון

„דזשיאַדי״ און אויך „פּאַן טאַדעוש״ פון מיצקעוויטשן. מיר שמועסן וועגן די פּוילישע און דייטשע קלאַסיקער, וועגן פילאָסאָפיע. מיר האָבן זיך גע־טראָפן יעדן טאָג, אינטערעסאַנט און באַלערנדיק צו פאַרברענגען מיט אים.

כ׳האָב געלייענט אַפּלאַטאָנס בוך, אויך די „דיאַלאָגן״ פון פּלאַטאָנען. כ׳בין געווען גליקלעך צו רעדן מיט אים וועגן געלייענטן, אויסהערן זיינע אַרויסזאָגונגען.

אין אַ טאָג האָט ער אָנגעהויבן רעדן גאָר אַנדערש, מיר פּראָווען קאָמ־פּלימענטן אַז כ׳בין דער סאַמע אויסדרוק פון פרילינג. אַ שאָד צו פאַרנעמען דעם קאָפּ מיט ערנסטע געשפּרעכן. מען דאַרף אויסנוצן דאָס לעבן, דעם פרילינג פון מיין עלטער, פון מיינע פופצן יאָר...

קעגן דער נאַטור דאַרף מען נישט קעמפן, מען טאָר נישט. מען דאַרף טאַקע נעמען אַ ביישפּיל פון דער נאַטור. אין דער נאַטור איז אַלץ פריי. פלאַנצן, באַשעפענישן פירן זיך פריי.

כ׳בין אַנטוישט פון זיין רעדן. איך פאַרשטיי אַנדערש. כ׳האָב אים דרייסט געזאָגט:

— איך וויל נישט דאָס חיהשע פון קעץ און הינט אין דער נאַטור, מיר זענען מענטשן. מיר זוכן זיך צו דערהייבן, זיין העכער פון חיות.

ער האָט מיך אויסגעלאַכט, געזאָגט מיר אַז דווקא דאָס פרייע אויפפירן זיך פון חיות און פלאַנצן איז דאָס ריכטיקע. דער מענטש דאַרף אויך ווערן פריי.

— לויט אייער פאַרשטיין פרייהייט — דאַרף דער מענטש צולאָזן צו זיך אַלע חיהשע אינסטינקטן. אַפילו פאַרברעכערישע אינסטינקטן — אויב ער פאַרמאָגט זיי — נישט דערהייבן זיך העכער, נאָר אויסגלייכן מיט חיות?

— ניין, ניין, איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איר האָט אַ טבע זיך צו גריבלען. נישט אין אַלע הינזיכטן דאַרפן מיר זיך אויסגלייכן... בלויז מיט סעקס, אָבער עסן מיט אַ גאָפּל.

כ׳האָב געלאַכט און עס האָט אים דענערווירט מיין לאַכן. אַוודאי, דער געלערנטער יחסן ווייסט בעסער פון דער קליינער זשידוווקאַ...

מיר זענען שוין געגאַנגען, שווייגנדיק. פּערל מיט איר באַגלייטער האָבן זיך דערנענטערט. ער האָט געזאָגט צום חבר:

— מיר וועלן ענדיקן די היינטיקע פּראָמענאַדע...

— כ׳בין גרייט דערצו — האָב איך זיך אויסגעדרייט אַהיימצוגיין.

אַנטוויינען זיך פון שפּאַצירן? ווידער פילן זיך איינזאַם, אַליין? ס׳האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ טראָציקייט. כ׳האָב נישט מורא פאַר אים!

כ׳האָב ווייטער שפּאַצירט מיט אים, געענטפערט אים אויף זיינע רייד וועגן סעקס. כ׳האָב דאָך געלייענט פאַרעלן. איך לאַך אַ סך, פלירטעווע מיט אים. איך שמועס מיט אים וועגן זאַכן וועגן וועלכע כ׳האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט צו רעדן.

ביז אין אַן אָוונט האָט ער מיך אַרומגענומען, אָנגעהויבן קושן, געזאָגט:

— פאַראַן אַ זאַך וואָס גיט צו סעקסועלן חשק, עס הייסט מאַריכאַונאַ...

ער האָט מיך געוואָלט שלעפּן אין וואַלד אַריין.

אַ דערשראָקענע און צעטומלטע בין איך אַנטלאָפן, איבערגעלאָזט ביי אים מיין טוך. נעבן טויער פון אונדזער הויז בין איך געבליבן שטיין, געוואַרט אויף אים ער זאָל מיר ברענגען מיין טוך. כ׳בין געווען אויפגערעגט און אַנטוישט פון זיין ברוטאַלער אויפפירונג.

ער האָט מיר געברענגט דעם טוך. כ׳האָב נישט געקוקט אויף אים. דאַכט זיך, אַז ער איז געווען צעטומלט. ס׳איז געווען פינצטער אין גאַס, קיינער האָט נישט געזען אַז דער שייגעץ דערלאַנגט מיר עפּעס.

אויס שפּאַצירן מיט אים.

בגניבה קוק איך דורכן פאַרהענגל ביים פענצטער. איך זע אים פאַרביי־גיין די גאַס אַנטקעגן. ער קוקט צו אונדזער פענצטער מיט פאַרגנבעטע בליקן. ביי מיר פאַרבליבן: אַנטוישונג, דערפאַרונג, אַ צופרידנקייט פון אַן איבערלעבונג און אַ געדאַנק געמישט מיט שטאָלץ — אַז אויך איך קאָן געפעלן מענער — און כ׳האָב באַוויזן אים זיך אָקעגנשטעלן.

*

אין סאָד פון אַנדזשען און די פאַני קלאַטשינסקיס עלטערן איז פאַראַן אַביידל. אַ סך מאָל שלאָפט דאָרט אַנדזשע. איך גיי אַ סך אין סאָד אַריין. אויך אַנדערע מיידלעך גייען אַהין, — נישט בלויז צו קויפן פרוכטן און גרינוואַרג — אויך צו הוידען זיך אויף דער „הושטאַווקע" (הוידלקע).

ווען כ׳בין אין אַ טאָג געקומען אין סאָד אַריין, האָב איך געהערט נעבן

ביידל שפּילן אויף אַ פידל שאָפּענס מוזיק. כ׳בין צוגעלאָפן צום ביידל. דערזען אַ פריילין זיצן אויפן גראָז און שפּילן אויף אַ פידל. אַנדזשע האָט זי מיר פאָרגעשטעלט. זי איז געקומען אַהער וווינען אין שלעשין צוזאַמען מיט איר שוועסטער און שוואָגער. זי הייסט סטאַשאַ. דאָס קריסטלעכע מיידל האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוטן איינדרוק, נישט בלויז צוליבן שפּילן.

זי איז שוין אַלט אַכצן יאָר, איז אינטעליגענט און סימפּאַטיש. זי שפּילט אָנע נאָטן, און אַזוי שיין! איך בין נישט קיין מבין אויף מוזיק, איך פיל זי בלויז און איר שפּילן מאַכט אויף מיר אַ רושם. די פּאַני קלאַטשינסקי קען זיך אויף מוזיק. זי זאָגט אַז סטאַשאַ שפּילט גוט, כאָטש זי האָט זיך ווייניק געלערנט. אויך מאָלט זי שיין. זי האָט מיר געשאָנקען עטלעכע בילדלעך.

ווען כ׳טרעף זי אין סאָד בעט איך זי שפּילן. זי לויפט אַהיים, ברענגט די פידל. אַנדזשע שפּילט אויף אַ גיטאַרע. זיי שפּילן — און איך לעב אין אַן אַנדערער וועלט, אַ שענערע...

די סטודענטן וועלכע פאַרברענגען די וואַקאַציעס אין זייערע היימען, אויך מיין געוועזענער באַקאַנטער... — אין שלעשין פאַראַן בלויז קריסטלעכע סטודענטן. די שטעטלדיקע יידן שיקן נישט זייערע קינדער אין אוניווער־סיטעטן, אַפילו נישט אין גימנאַזיעס, — זיי שפּאַצירן, דערהערן מוזיק, קומען זיי צו צום טויער פון סאָד, הערן זיך איין, ווילן אָנהייבן אַ געשפּרעך מיט סטאַשאַן. זי איז גאָר אַ שיינע, אַ הויכע, אַ שלאַנקע, טראָגט אַ געפּאַסט רעקל ווי אַ מאַנספּאַרשוין, טייל מאָל אַפילו הויזן. עס איז מאָדנע, הויזן...

זי געפעלט די סטודענטן, אָבער סטאַשאַ בלייבט גלייכגילטיק. זאָגט מיר, אַז זי האָט פיינט מענער. מיך וווּנדערט עס: „פיינט מענער? פאַראַן צווישן די סטודענטן אַזעלכע שיינע. אויך יוזעף”...

אינטערעסאַנט און אָנגענעם גייט די צייט אין סאָד. עטלעכע מיידלעך זענען צוגעשטאַנען צו אונדז. מיר האָבן הנאה פון הערן שפּילן און פאַר־ברענגען צוזאַמען.

נאָך אַ צייט איז סטאַשאַ אַוועקגעפאָרן, באַקומען אַרבעט אין אַ ביוראָ. אַנדזשע מיט די צוויי העלע צעפּלעך וועלכע זיצט תּמיד אין סאָד — איז אַרויס פון סאָד, געגאַנגען צום ערשטן מאָל אויף אַ פאַרוויילונג מיט טענץ וואָס איז פאָרגעקומען אין פייערלעשער־זאַל.

עס האָט זיך צו איר צוגעטשעפּעט — ווי זי זאָגט — אַ שייגעץ. זי געפעלט אים. און כאָטש אַנדזשע איז נאָך יונג קומט ער יעדן טאָג צו איר. זיי שמועסן, לאַכן און שפּאַצירן אַפילו. זי האָט וועגן אים געשריבן צו סטאַשאַן.

אין אַ שבת נאָך מיטאָג איז ביי אונדז אין שטוב דערשינען סטאַשאַ מיטן פידל. באַלד ביים אַריינקום האָב איך זיך פאַרוווּנדערט פון איר אויפגערעגטן אויסזען. זי איז גלייך אַרויס מיט אַ מין לשון.

נישט אַנדערש נאָר ווייל אַנדזשע האַלט פון מיר זאָל איך אויף איר ווירקן אַז זי זאָל איבעררייסן מיט איר פאַרערער. אויב אַנדזשע וועט פאַרזעצן גיין מיט אים, וועט זי, סטאַשאַ, באַגיין זעלבסטמאָרד. אַנדזשע טאָר זיך נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט אַ מאַנספּאַרשוין...

זי האָט אָנגעהויבן שפּילן אויפן פידל שאָפּענס טרויער־מאַרש, ווייסנדיק אַז כ׳האָב ליב מוזיק. זי האָט געשפּילט אַזוי, אַז עס איז אַרויס מיט מער געפיל ווי תּמיד. ווידער מיך אָנגעהויבן בעטן גיין צו אַנדזשען, זי מוז פאַרטרייבן פון זיך דעם יונגנמאַן. עס טאָר נישט געשען אַז אַנדזשע זאָל האָבן אַ חתן און מיט דער צייט חתונה האָבן. ניין! כ׳מוז איר העלפן אַז זי זאָל נישט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד. זי וועט דאָס טאָן ווען אַנדזשע וועט זיך פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט אַ מאַנספּאַרשוין!

אָן אויפגערעגטע האָב איך זי געפרעגט: פאַר וואָס? פאַר וואָס?

באַלד איז מיר געוואָרן פאַרשטענדלעך. כ׳האָב געוווּסט וועגן אַזעלכע באַציִונגען צווישן דעם זעלבן געשלעכט פון פאָרעלס בוך „די געשלעכט פראַגן״, זיך דערמאָנט געוויסע סצענעס פון קושן און צערטלעכקייטן צווישןביידן. עס האָט זיך מיר טאַקע אויסגעוויזן מאָדנע און איבערגעטריבן. זי פלעגט אויך נעכטיקן מיט אַנדזשען אין ביידל. כ׳האָב זיך אויך דערמאָנט אין אירע דערציילונגען ווי מיידלעך זענען פאַרליבט אין פרויען און האָבן פיינט מענער.

כ׳האָב דערפילט צו איר אַ ווידערווילן. איר געזאָגט, אַז כ׳קאָן איר גאָרנישט צוזאָגן. איבערצייגן אַנדזשען זי זאָל איבעררייסן מיטן יונגנמאַן? אוממעגלעך, ווייל... ווייל...

— ווילסט כ׳זאָל באַגיין זעלבסטמאָרד?!

כ׳בין געגאַנגען צו אַנדזשעס שוועסטערן, דערציילט זיי וועגן דעם גע־שפּרעך מיט סטאַשאַן. ביידע שוועסטער האָבן זיך אויפגערעגט פון כּעס. יאָ, זי איז דאָ געווען, מיר האָבן געהערט אַ שאַרפע קריגעריי צווישן איר מיט אַנדזשען.

זיי האָבן געפאָדערט פון אַנדזשען די בריוו פון סטאַשאַן וועלכע זי האָט באַקומען אין זייער בריוו־אויסטויש. לייענענדיק די בריוו האָבן זיך די שוועסטער געקניפּט אין די באַקן, אויסגערופן: יעזוס מאַריאַ! יעזוס מאַריאַ! מיר געדאַנקט פאַרן דערציילן. מיט כּעס האָבן זיי צעריסן די בריוו אויף פּיצלעך.

עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז אַנדזשע איז אָגעשטעקט פון סטאַשאַן. זי האָט מיר געזאָגט אַז זי איז גלייכגילטיק צו איר חבר. זי גייט מיט אים צו ווייזן אַז זי האָט אַ פאַרערער.

## קאַפּיטל זעכצן

אַוועק אַ פרילינג מיט ריחות פון בעז. די צעגרינטע שיינקייט פון אַרום איז פאַרבליבן. איך שפּאַציר מיט רוטקען צווישן וועלדער אויף ביידע זייטן וועג — דאַמאָלט וויל איך נישט שמועסן. דער וואַלד, די צעגרינטקייט אַרום, כ׳קאָן מיינע אויגן דערפון נישט אָפּרייסן! דער וואַלד רופט מיך, איך ענטפער אים אַז כ׳וועל קומען, קומען אַליין, וואַרפן זיך אויף דער שמעקעוודיקער ערד, זאָגן דעם וואַלד, דער גרינקייט: כ׳האָב איך ליב! אַזוי פיל געפילן און פרייד מיטן איינזאַפּן די שיינקייט — אַז אויסדריקן קאָן איך עס בלויז מיט געוויין.

דער אַרום נישט געענדערט, אויך איך האָב זיך נישט געענדערט. די זעלבע בענקשאַפט, די זעלבע דאגות. כ׳פיל זיך שוין אַלט. מען זאָגט אויף מיר אין דער היים: אַ פופצניאַריקע מויד. שוין אַ פופצניאַריקע מויד!

כ׳בין געווען עטלעכע וואָכן אין קאַלאָ ביי פלעמלען, געווען אין סאַמ־פּאַלנע ביי מאַנעסן. ער האָט חתונה געהאַט.

כ׳האָב באַקענט מיידלעך. מיר זענען געוואָרן חברטעס, באַקענט יונגע־

לייט וועלכע האָבן מיר זיך אויסגעוויזן אידעאַלע, זיך אַנטוישט אין חברטעס און אין יינגלעך.

כ'האָב אַ סך שפּאַצירט, אַפילו געפלירטעועט מיט יונגע־לייט. אָבער תמיד בין איך די זעלבע, בענק נאָך עפּעס, כ'זוך נייעס, נייע איינדרוקן, וואָס איך זוך, ווייס איך נישט. כ'וויל זיך לערנען, כ'זוך ביי וועמען זיך לערנען — גלייכצייטיק וויל איך נישט פאַרשאַפן דער מאַמען קיין פאַרדראָס, ווייל זי האָט צרות צוליב פויזשען. פויזשע האָט נישט קיין קינדער. איר מאַן מענדל מאַכט איר פאָרווורפן דערפאַר. זי קומט אָפט אַהיים וויינען פאַר דער מאַמען. זי איז דורך אַ שווערע אָפּעראַציע אין דער שטאָט פויזן. די מאַמע איז געפאָרן קיין פויזן רעדן מיטן פּראָפעסאָר וועלכער האָט זי אָפּערירט. ווען די מאַמע איז צוריקגעקומען האָט זי זיך געלייגט אין בעט אַריין אַ קראַנקע.

ווען כ'בין צו צום בעט האָט די מאַמע מיט געוויין זיך פאַרטרויט פאַר מיר: דער פּראָפעסאָר אין פויזן האָט געזאָגט אַז פויזשע וועט נישט קאָנען געבוירן קיין קינדער. זי דאַרף עס אָבער נישט וויסן.

פויזשע ווייסט נישט דערוועגן, זי פאָרט כסדר צו דאָקטוירים און פּראָ־פעסאָרן, לאָזט זיך קורירן פון זיי. די מאַמע שווייגט, פאַרפּרעסט די ליפּן, קוקט מיך אָן, וויינט אין דער שטיל, ווען פויזשע דערציילט איר וועגן דער היילונג וואָס זי דאַרף דורכמאַכן זאָגט די מאַמע:

— מיטן אייבערשטנס הילף.

די מאַמע קוקט מיך אָן מיט איינגעהאַלטענעם געוויין, שאָקלט מיטן קאָפּ. פויזשע פּטרט געלט אויף דאָקטוירים בחינם. מיר שווייגן. זאָל זי לעבן מיט האָפענונג. איר מאַן טאָר עס דאָך במילא נישט וויסן. ווען ער ווייסט עס וואָלט ער זיך געגט מיט איר.

איין מאָל האָב איך בייגעוווינט אַזאַ סצענע:

ס'איז דורכגעפאָרן שלעשין אַ פרוי פון פּיאָטרקווו, מיין מאַמעס געבוירן־שטאָט. זי איז צו אונדז אַריינגעקומען. פויזשע איז געווען אין שטוב. זי האָט אָנגעהויבן שמועסן מיט דער פרוי. שמועסנדיק איז זי געוווירער געוואָרן אַז אויך די פרוי האָט נישט קיין קינדער.

צו אונדז האָט זיך פון דערנעבנדיקן צימער דערטראָגן זייער געשפּרעך,

וועגן „אָקטוירים״ פּראָפעסאָרן, אָפּעראַציעס, רעצעפּטן.ביידע האָבן גערעדט היציק מיט וויינענדיקע שטימען. פּויזשע האָט געזאָגט:

— ווען איך וויס, אַז עס וועט העלפן וואָלט איך זיך געלאָזט אַ סך מאָל אָפּערירן, שניידן און פּייניקן, אַבי גאָט זאָל מיר געבן אַ קינד. מיט וואָס בין איך ערגער פון אונדזערע קאָזעס אין שטאָל? זיי געבוירן ציגעלעך. פאַר וואָס קומט מיר אַזאַ שטראָף?

די פרוי האָט איר פּאַטאַקעוועט:

— געבוירן אַ קינד, אַפילו האָבן צרות דערפון, אַ גנב, אַ, אַ... כ׳וויס אַליין נישט וואָס, אַבי אַ קינד.

— יאָ, יאָ, איך טראַכט אויך אַזוי — האָט געזאָגט פּויזשע.

די מאַמע האָט פאַרבראָכן די הענט, געשעפּטשעט:

— רבונו של עולם, זיי זיי מוחל און דערבאַרעם זיך איבער זיי.

איך בין געווען שטאַרק איבערגענומען פון דעם געהערטן געשפּרעך וואָס איז נאָך ווייטער אַזוי אָנגעגאַנגען. דאָך האָב איך זיך דערלויבט צו זאָגן וויציק צו דער מאַמען:

— מאַמע, הערנדיק זייער געשפּרעך ווילט זיך מיר אויך האָבן אַ קינד, אָבער כ׳בין דאָך אַ מיידל...

די מאַמע האָט צונויפגעצויגן די ברעמען, מיך גוטמוטיק אָנגעקוקט, געשוויגן.

איך לערן זיך נישט, איך „לויף נישט אַרום״ אין די לעצטע טעג — איז שלום צווישן אונדז.

*

און פּויזשע האָט געמוזט נאָך אַ מאָל דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע ביי אַ באַרימטן פּראָפעסאָר אין פּויזן (פּאָזנאַן). מענדל איז נישט געפאָרן זי מבקר חולה זיין, געהאַט אַרבעט אין זיין שניידעריי־וואַרשטאַט. און אפשר דאַרף זיך נישט אַ פרומער מאַן פאַרנעמען מיט אַ פרוי נאָך אַן אָפּעראַציע.

די מאַמע האָט זיך נישט געפילט גוט מיטן געזונט, נישט געווען בכּוח צו פאָרן קיין פּויזן. זי האָט אויסגעזעצן שוואַך און פאַראומערט צוליב פּויזשען, — האָט זיך די מאַמע געוואָנדן צו מיר, געזאָגט מיר, אַז כ׳בין שוין קיין עין הרע אַ גרויסע מויד, קאָן איך פאָרן אַהיימברענגען פּויזשען פון קליניק.

כ׳בין געפאָרן נאָך איר. זיך דערפרייט זען זי זיצנדיק אין בעט אַ בלאַסע, אַן אָפּגעצערטע, אָבער תּיכּף האָט זי מיר דערציילט אַז דער פּראָפעסאָר האָט איר געגעבן האָפענונג צו האָבן קינדער. כ׳האָב פאַרשטאַנען אַז ער האָט זי גענאַרט צוליב רחמנות אויף איר.

עס האָט זיך מיר פאַרקלעמט ביים האַרצן. כ׳האָב געהאַט חשק צו וויינען. כ׳בין אַרויס אין דרויסן, איר געקויפט אַ פּעקל שאָקאָלאַד.

אַ פּרעכטיקע שטאָט פּויזן. צוויי טעג געווען דאָרטן. די צייט וואָס כ׳האָב נישט געקאָנט זיין מיט פּויזשען בין איך אַרומגעפאָרן אין טראַמווייען, באַקוקט די שטאָט, געגעכטיקט אין אַ פּענסיאָן, באַקענט מענטשן. ווידער אַרומגעפאָרן.

כ׳בין אַריין אין אַ רעסטאָראַן טרינקען אַ טיי. קעגנאיבער מיין טישל זיצט אַ יונגער מאַן. ער קוקט די גאַנצע צייט אויף מיר. איך קוק סתּם אויך אויף אים. ער זעט אויס גאָר פיין. עפּעס האָב איך יאָ געוואָלט שמועסן מיט אים און מורא געהאַט. אַ פרעמדער.

פּלוצעם: דער יונגער מאַן שטייט נעבן מיר, ער פרעגט מיך העפלעך צי מיר קאָנען מאַכן צוזאַמען אַ שפּאַציר.

— יאָ, אָבער נישט איצטער. מאָרגן אין דער צייט.

ער קוקט אויף זיין האַנט־זייגער.

— מאָרגן האַלב צוועלף?

— יאָ, פּונקט אין דער צייט. היינט בין איך שטאַרק פאַרנומען.

ער וויל נאָך שמועסן. איך איַיל זיך. האַלב צוועלף דאַרף איך אויך נעמען פּויזשען פון דער קליניק אַהיימצופאָרן.

ער זאָגט מיר זיין נאָמען, איך זאָג אים סתּם אַ נאָמען. כ׳באַקום אַ האַנט־קוש פון אים און: — דאָ ווידזעניאַ.

גענומען פּויזשען. מיר פאָרן מיט דער באַן ביז קאָנין. אין אָוונט דאַרף מען נעמען די קאָלעיקע. איך עפן מיין בייטל, פאַראַן בלויז געלט אויף אַ האַלבן בילעט. כ׳האָב דאָס געלט צעטרענצלט אין פּויזן. וואָס טוט מען?...

כ׳לאָז איבער פּויזשען און לויף גיך אַריין אין צווייטן צימער פון דער סטאַציע. פאַראַן דאָרט אַ סך מענטשן. פּויזשע שרייט מיר נאָך אַן איבערגע־שראָקענע:

— וואָהין לויפסטו? וואָס איז געשען?!

אין צימער זיצן מענטשן אויף בענק. כ'האָב אויסגערופן:

— ווער קאָן מיר באָרגן געלט אויף אַ בילעט?

אַ מיטליעריקער מאַנספּאַרשוין האָט באַלד געעפנט זיין בייטל, געפרעגט מיך, וויפל געלט איך וויל. איך, אַ צעמישטע, האָב געזאָגט: אויף אַ בילעט.

ער האָט מיר געגעבן געלט. כ'האָב זיך באַדאַנקט, געבעטן זיין אַדרעס אים אָפּצושיקן דאָס געלט.

כ'גיי קויפן בילעטן. עס סטייעט נישט אויף צוויי בילעטן. כ'קויף בלויז אַ בילעט פאַר פויזשען, טראָג איר אים אַריין, כ'זאָג איר אַז כ'וועל האָבן אַ וואָגן אַהיימצופאָרן. איך וועל פאָרן מיטן וואָגן. פויזשע קוקט מיך אָן מיט אַ וויינענדיק פּנים. זי פּראָטעסטירט, זעט אויס קראַנק און שוואַך.

נישטאָ קיין צייט. די קאָלעיקע האַלט ביים אָפּפאָרן. איך לויף אַרויס, פויזשע קוקט מיר נאָך אָן אויפגערעגטע.

עס ווערט טונקל, און גיין נאָך שלעשין? איין און צוואַנציק קילאָ־מעטער?...

כ'הייב אָן גיין. אָפּגעגאַנגען ביי צוויי קילאָמעטער טרעף איך אַ פויער פאָרן אויף אַ פור. דערזעענדיק מיך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

— איך דאַרף דעם וועג קיין שלעשין. איר פאָרט אַ גלייכן וועג?

— איך פאָר טאַקע דעם וועג וואָס פירט קיין שלעשין, פאָר גלייך ביז... קריך אַרויף אויפן וואָגן.

איך האַלט ביים אַרויפקריכן אויפן וואָגן, זאָגט ער מיר:

— גיב דיין בייטל וועט דיר זיין לייכטער אַרויף אויפן וואָגן.

קורץ ווי אַ בליץ האָב איך אַ קוק געטאָן אויפן פויער, עפּעס האָט מיך פון אים אָפּגעשטויסן. כ'האָב זיך צוריקגעצויגן.

— כ'וועל נישט פאָרן!

דער פויער האָט זיך שעלמיש צעלאַכט.

— קום, קליינע זשידוווקאַ...

אייליק בין איך אַוועק פון וואָגן. דער פויער האָט געשמיסן די פערד, מיר נאָכגעקוקט, גערופן שפּאָטיש:

— קום, קום, מיט מיר וועסטו נישט זיין אַליין.

אויף די זייטיקע רעלסן זענען פאַרבייגעפאָרן אין אַ באַן־וואַגאָנדל אַרבעטער. דער פויער האָט זיך פאַרקערעוועט אויף אַ זייטיקן וועג, פאַר־שווינדן דאָרטן צווישן וואַלד.

כ׳בין געגאַנגען. אויף דער לינקער זייט פאַראַן אַ וואַלד. מיר ווייזט זיך אויס, אַז אין וואַלד זיצן מענטשן. כ׳הער שעפּטשען. אפשר זענען עס באַנדיטן?

באַלד טראַכט איך אַז עס ווייזט זיך מיר אויס. כ׳דאַרף זיך אָבער איבער־צייגן דעריין, אַז עס זיצן נישט דאָרטן קיין מענטשן. כ׳גיי אַריין אין וואַלד, ריר אָן די מכלומרשטע מענטשן. עס זענען אָפּגעשניטענעביימער. כ׳גיי אַרויס אַ באַרויִקטע.

שוין אָפּגעגאַנגען אפשר צען קילאָמעטער, פון אַ דאָרפיש הויז גייט אַרויס אַ יונגער מאַנספּאַרשוין. ער גייט גלייך מיטן שאָסיי. איך גיי פּאַמע־לעכער. עס העלפט נישט, ער דרייט זיך אויס, זעט מיך, איך לויף צו צו אים.

— דער פּאַן האָט נישט געזען דאָ אין דער נאָענט, אין דער געגנט שטייין אַ וואָגן? מיינע ברידער וואַרטן דאָ ערגעץ אויף מיר, מסתמא דאָ נישט ווייט פון דאַנען.

כ׳האָב אים אָנגעקוקט — אַן אינטעליגענט־אויסזעעגדיקער מאַנסביל.

— כ׳וועל די פּאַננאַ באַגלייטן צום וואָגן, — האָט ער מיר געזאָגט.

כ׳האָב אים געדאַנקט, אים דערביי געמאַכט אַ קאָמפּלימענט אַז ער זעט אויס אַן איידעלער און פיינער מענטש. אָבער ער דאַרף זיך נישט מטריח זיין. גיין וווהין ער דאַרף גיין. ווייל אָט, אָט באַלד, באַווייזן זיך מיינע ברידער.

ער גייט אַ גלייייכן וועג אַהיים צו דער צוקער־פאַבריק. דאָרטן האָט ער אַ פּאָסטן אַלס בוכהאַלטער. דאַרף מאָרגן זיין ביי דער אַרבעט. ער האָט אין דעם דאָרף פאַרבראַכט ביי קרובים — האָט ער מיר געזאָגט.

נישטאָ קיין ברירה. כ׳מוז גיין דעם זעלבן וועג, צוזאַמען מיט אים... אַן אומרויִקע הייב איך אָן שמועסן מיט אים, זאָג אים, אַז כ׳האָב באַלד דערקענט אין אים אַן אינטעליגענט.

מסתמא זענען אים געפעלן מיינע קאָמפּלימענטן. ער איז געוועזן פריינד־לעך. מיר זענען געגאַנגען, געשמועסט. ער האָט מיר דערציילט אַז ער האָט

געענדיקט עקאָנאָמיע אין אוניווערסיטעט אין וואַרשע. דערווייל אַרבעט ער אַלס בוכאַלטער אָבער ער האָט אַנדערע פּלענער.

מיר האָבן געשמועסט וועגן ביכער. געווען אינטערעסאַנט צו שמועסן מיט אים. פון צייט צו צייט האָב איך דערמאָנט מיינע „וואַרטנדיקע" אויף מיר ברידער, זיך אַרומגעקוקט, געזוכט זיי מיט די אויגן. דערזעענדיק אין זיין שמייכל אַז ער גלייבט מיר נישט — האָב איך אויפגעהערט דערמאָנען די ברידער.

ווען מיר זענען אָנגעקומען צו דער צוקער־פאַבריק ווו ער וווינט, האָט ער מיר געזאָגט אַז ס'איז נאָך זיבן קילאָמעטער קיין שלעשין. ער קאָן מיר נישט דערלויבן אין דער שפּעטער נאַכט גיין אַליין. געווען צוויי אַ זייגער.

מיר זענען אָנגעקומען צום דאָרף מיקאָרזין. כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט, אים האַרציק געדאַנקט, אים געזאָגט, אַז די דריי קילאָמעטער וועל איך שוין אַליין גיין. דער פאַן דאַרף מאָרגן אַרבעטן. ער איז נישט באַשטאַנען דערויף. כ'בין געווען צודרינגלעך, נישט געוואָלט צו פיל אויסנוצן זיין איידלקייט.

— ווען די פּאַני וויל דורכויס זאָל זי גיין, — האָט ער געזאָגט, דערביי אַרויסגענומען פון טאַש אַ רעוואָלווער, מיר געוויזן. ער וועט שטיין אויפן וועג, דאָ אויפן בערגל, טאָמער וועט מיך עמעצער פאַרטשעפּען זאָל איך שרייען, וועט ער אויסשיסן, אַ סימן, אַז ער וועט הענדום־פּענדום קומען צו לויפן.

— שטיין דאָ?... דריי קילאָמעטער נאָך צו גיין, איר וועט קומען צו לויפן?... — כ'האָב זיך אַ צעטומלטע צעלאַכט.

— אַ ביסעלע שטיין, נישט לאַנג. — האָט ער זיך אויך צעלאַכט.

— גוט. זאָל זיין אַזוי, כ'האָב נישט קיין מורא.

מיר האָבן זיך פריינדלעך געזעגנט. נאָך אַ מאָל אים באַדאַנקט פאַרן באַגלייטן מיך. אויף די דריי קילאָמעטער זענען מיר דורך בשלום.

אין דער היים געדאַרפט אַריבערקריכן דאָס טויער. ס'איז נישט שווער, כ'טו עס אָפט. דער הונט האָט זיך מיט מיר דערפרייט. כ'בין אַריין דורכן האַלב־אָפענעם פענצטער, זיך געלייגט שלאָפן.

אין דער פרי האָט מיך די מאַמע דערזען, געפרעגט מיך ווי אַזוי כ'בין געקומען צו פאָרן מיט אַ פור ביי נאַכט? ווי אַזוי? פון וואַנען אַ פור?

פאַר וואָס האָב איך איבערגעלאָזט די קראַנקע פּויזשען אַליין? זי האָט קוים געקענט אַהיימגיין, אַ שוואַכע...

כ׳האָב די מאַמע באַרויִקט, פאַררעדט, אַבי כ׳בין דאָ, גערעדט וועגן פּויזשען, אַלע זענען סיי ווי געוועזן פאַרנומען מיט פּויזשען, געפרייט זיך אַז זי איז בשלום דורך די אָפּעראַציע. איך בין נישט וויכטיק.

✶

געוועזן אַ פרייטיק נאָך מיטאָג.

דאָס שיקסעלע מאַרישאַ האָט מיך גערופן כ׳זאָל גיין מיט איר שפּאַצירן צו דער בריק. ס׳איז פרייטיק שפּעט נאָך מיטאָג, גיין שפּאַצירן?... אָבער אין שטוב איז שוין אַלץ פאַרטיק, צוגעגרייט צום שבת. אַ ביסעלע וועלן מיר גיין, עטלעכע מינוט.

מיר גייען צו דער בריק. כ׳קוק זיך אַלע ווײַלע אום אויף צוריק, אפשר גייט מען שוין אין שול אַריין, כ׳דאַרף אַהיימלויפן.

עס קומען צו צו אונדז צוויי סטודענטן. איינער האָט מיך דורכדרינגלעך אָנגעקוקט, באַמיט זיך צו גיין מיט מיר באַזונדער. מיר געזאָגט, אַז ער שטודירט אין אוניווערסיטעט אין פּויזן. ער דערקענט מיך, מיר זענען צוזאַמען געפאָרן אין דער באַן, אין דעם זעלבן וואַגאָן. ביידע זענען פון דער צוקראָווניע גוסלאָוויצע. טאַקע געווען סטודענטן אין באַן.

און מערקווירדיק: עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ברודער פון דעם וועלכער האָט מיך באַגלייט ביי נאַכט. דער ברודער האָט עס אים דערציילט. עס האָט מיך דערפרייט עס צו הערן. ער שטודירט פילאָזאָפיע. ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן פילאָזאָפיע — האָב איך אים ממש געוואָלט קושן. פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב עס נישט געטאָן...

ער האָט מיך געבעטן כ׳זאָל עפּעס אָנשרייבן. אין צוויי טעג אַרום וועט ער קומען עס לייענען. מיר זאָגן אַ מיינונג דערוועגן.

באַלד זענען מיר אַריבער אויף פּאָליטיק. איך ווייס גאָר ווייניק דערוועגן. כ׳לייען אַ צייטונג אָבער וועגן פּאָליטיק נישט. ער האָט גערעדט וועגן נייעם קאָמוניסטישן רעזשים אין רוסלאַנד, וויפל וווּנדערלעכע זאַכן ווערן דאָרט געשאַפן. עס בויט זיך אין דעם לאַנד אַ שיינע, גערעכטע און מוסטערהאַפטע אָרדענונג. אַ שיינע וועלט וואָלט געווען ווען אַלע וואָלטן עס געטאָן —

אַלע רעגירונגען פון דער וועלט. עס וועט קומען דערצו! עס וועט קומען!
— האָט ער צוגעגעבן מיט פּאַטאָס און מיר אָנגעהויבן דערציילן וועגן די ווונדערלעכע אויפטוען אין יענעם לאַנד.

איך בין געבליבן גלייכגילטיק, ווייל כ׳האָב געהערט און אפשר אויך געלייענט אַז די נייע רעגירונג האָט אויסגעהרגעט גבירים און פּאָליטישע קעגנער. עס איז מיר נישט געווען געפעלן. כ׳האָב אים געזאָגט אַז נישט אַלע דאַרפן האָבן די זעלבע אידעען. יעדער האָט רעכט צו האָבן אַן אייגענע מיינונג. און קאָמוניזם דאַרף זיין הומאַניש, נישט הרגענען מענטשן וועלכע טראַכטן אַנדערש.

ער האָט געהאַט זיינע אַרגומענטן. געוואָלט מיך איבערצייגן אין דער נויטווענדיקייט צו ליקווידירן קעגנער. ער האָט אַ רייכע שפּראַך און אַ סך וויסן. און איך האָב מער וועגן דעם נישט געוווּסט ווי איבערחזרן די זעלבע ווערטער ווידער און ווידער:

— נישט באַדאַרפט הרגענען, נישט באַדאַרפט הרגענען.

ער האָט מיך נישט איבערצייגט טראָץ זיינע רייכע ידיעות אין פּאָליטיק. כ׳האָב געוואָלט צוריק שמועסן וועגן ביכער, ער האָט אָבער דווקא גערעדט וועגן קאָמוניזם. ווי אַ פּאַפּוגע האָב איך ווידער געענטפערט: נישט געדאַרפט הרגענען.

טראָץ אַלעם געווען אינטערעסאַנט צו הערן זיינע רייד, דערוויסן זיך וועגן זיינע אידעען. כ׳וועל טאַקע אָנהייבן לייענען וועגן פּאָליטיק אין צייטונגען. איך ווייס גאָר ווייניק דערוועגן. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט ווידער צו טרעפן.

כ׳האָב זיך פּלוצעם דערמאָנט: היינט, פרייטיק, שוין נאָך ליכט צינדן!
דער שפּאַציר איז געווען אַזוי אינטערעסאַנט, אַז כ׳האָב פאַרגעסן אַז מען דאַרף זיין צום קידוש אין דער היים און אויך צו דער וועטשערע. ס׳איז אומדערהערט נישט צו זיין איצטער אין דער היים! ווי האָב איך עס געקאָנט פאַרגעסן?! כ׳בין געלאָפן אַהיים. שוין געווען מיט מיר סקאַנדאַלן, אָבער אַזעלכע — נאָך נישט!

ווען כ׳האָב זיך באַוויזן אין טיר האָבן דער טאַטע און די ברידער שוין געהאַלטן ביים זינגען זמירות. אַלע האָבן אויסגעדרייט זייערע קעפּ צו מיר.

דעם טאַטנס אויגן האָבן געזאָטן פון כּעס. די מאַמע — געווען פאַרווײנט.

דער טאַטע האָט נישט אײַנגעהאַלטן זײַן כּעס, מפסיק געווען די זמירות, געפרעגט מיך ווי כ׳האָב געוואַגט אַזעלכעס אָפּטאָן. פרײַטיק צו נאַכט נישט זײַן אין שטוב צו קידוש ?!

אויך בײַניש האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאָרוואורף. נחום ווי תּמיד אַ שטי־לער האָט געהאַלטן די אויגן אויפן טיש. אברהם און יצחק האָבן געקוקט צו מיר, יצחק איבערגענומען. חיה האָט מיך אָנגעקוקט מיט געפיל און זאָרג פאַר מיר. די כּעסדיקע רייד האָבן אָנגעהאַלטן.

כ׳בין אַרויס, אַרײַן אין צימער אויף דער צווייטער זייט דירה. געטראַכט: ווען זיי וואָלטן געוווּסט אַז כ׳האָב שפּאַצירט מיט אַ שייגעץ...

כ׳בין דעם אָוונט נישט אַרויס פון צימער.

צו מאָרגנס, שבת, האָב איך זיך אײַנגעהערט ווי דער טאַטע איז מעביר־סדרה, דערנאָך איז ער אַוועק אין שול־אַרײַן. די מאַמע האָט אויך געהאַלטן בײַם גיין אין שול־אַרײַן. כ׳בין אַרויס פון צימער, אַרײַן אין דער צווייטער זייט. ווען די מאַמע האָט מיך דערזען האָט זי מיך אָנגעקוקט שאַרף, אָנגע־זאָגט מיר, אַז כ׳זאָל זיך נישט צורירן צום רוימען די שטוב. זי ברויך מיך נישט, כ׳קאָן פאַרלאָזן די היים. זי לײַדט פון מיר קאַלטס און וואַרעמס.

די מאַמעס ווערטער האָבן נישט געווירקט אויף מיר צום שלעכטן. כ׳האָב געוווּסט פון דערפאַרונג אַז זי מיינט עס נישט אויף אַן אמת. און כ׳בין געווען אין אַ גוטן געמיט־צושטאַנד צוליבן נעכטיקן אינטערעסאַנטן געשפּרעך. עפּעס האָט געזונגען אין מיר.

כ׳בין צוריק אַרײַן אין שטוב ווו כ׳האָב פאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט, און אַ גאַנצן טאָג בין איך געלעגן אויפן דיוואַן, נישט געגעסן קיין מאָלצייטן. חיה האָט מיר געבראַכט חלה.

אויף דער נאַכט, נאָכן טאַטנס מאַכן הבדלה בין איך אַרײַן ווו אַלע זענען געווען. די מאַמע האָט אָנגעשטעלט אַז זי זעט מיך נישט. דער טאַטע האָט זיך געוואָנדן צו מיר:

— גיי נאָך שלומען, זאָל ער קומען...

באַלד נאָכן אַרויסזאָגן די ווערטער האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ ווי צעמישט, מסתּמא פאַרגעסן אַז ער איז מיט מיר ברוגז. און אפשר האָט ער

געמיינט אַז כ׳בין חיה ווייל ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון מיר, אָנגע־הויבן רופן חיהן.

כ׳בין אַרויס אין דרויסן געגאַנגען רופן שלומען דעם מעל־סוחר.

כ׳האָב ליב צו גיין צו זיי, ליב צו זען ווי די משפחה בלייך פּירט אַ שיין לעבן צווישן זיך. די ברידער מיט די שוועסטער ווייזן זיך אַרויס ליבשאַפט. אויך סאַלטשע, אַ הויכע, שיינע פרוי, מיט מילדע, גוטע אויגן, זי רעדט אידל, אַן אויסגעפּוצטע, צעשמייכלטע, גייט זי שפּאַצירן מיטן מאַן — שלומען. אַן אויסנאַם געוואָן אין שלעשין.

ווען שלום איז אַריינגעקומען בין איך שוין פריי אַריין אין שטוב. מען האָט שוין געקוקט אויף אים, גערעדט מיט אים.

אויפן קרעדענס שטייט פאַר מיר אַ טעלער מיט אַ פּאָרציע פיש, חלה, קוכן. חיה, אַ צעשטראַלטע, מיט גוטע בליקן ווייזט מיר דאָס עסן. איך קוק אויף דער מאַמע. כ׳מעג מיר נעמען דאָס עסן? אָבער די מאַמע קוקט נישט אויף מיר. זי מאַכט דעם אָנשטעל אַז זי זעט מיך נישט. דער טאַטע, פאַרטאָן מיטן שמועסן מיט שלומען קוקט נישט אויף מיר. אויף אַ בענקל ליגט אַ פעלעכל פון אַ טכויער וואָס דער טאַטע האָט געקויפט אין דאָרף.

שלום, אַ הויכער, אַ בלאָנדער, פאַרמרוזשעט האַלב די אויגן, פרעגט דעם טאַטן מיט אַ שמייכל:

— בענעמונעס רייוועך? (בנאמנות ריווח)

— יאָ בענעמונעס רייוועך — זאָגט דער טאַטע וויפל דאָס פעלעכל האָט אים געקאָסט און וויפל ער וויל דערביי פאַרדינען. זיי דינגען זיך וועגן פאַרדינסט און קומען דורך.

די שטימונג אין שטוב איז אַ רויִקע און אָנגענעמע. די מאַמע, דער טאַטע פאַרטאָן אין שמועס מיטן קלוגן שלום. פאַראַן אַ מענטש אין שטוב, ס׳איז היימלעכער.

איך כאַפּ אַראָפּ פון טעלער די חלה מיטן קוכן, קיי שטייענדיק. חיה קוקט צו מיר צעשמייכלט. כ׳האָב אויפגעכאַפּט די מאַמעס פאַרגנבעטע בליקן אויף מיר. זי זעט אויס צופרידן פון מיין כאַפּנדיקן פרעסן.

זונטיק האָט אויך דער טאַטע געמאַכט זיך אַז ער זעט מיך נישט און די מאַמע האָט נישט געקוקט ווי איך רוים און וואַש דאָס געשיר.

שוין אַוועק עטלעכע וואָכן זינט יענעם פרייטיק און שבת.

כ׳האָב געטראָפן מאַרישאַן שפּאַצירן אין וואַלד מיט אַ שיינעם שייגעץ. אין אָנהייב האָב איך געמיינט אַז ס׳איז דער זעלבער פון פרייטיק אָוונט. כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט, אפשר איז דער מיט וועלכן איך האָב שפּאַצירט אויך דאָ? ניין, נישט דער איז עס פון פרייטיק. און מאַרישאַ גייט איצטער געאָרעמט מיט דעם פרישן, ווייל ס׳איז אין וואַלד, מען זעט נישט. פאַראַן איצטער ווייניק שפּאַצירער.

צו מאָרגנס האָב איך מאַרישאַן געטראָפן אין גאַס. זי האָט מיך קוים אָנגעקוקט, אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. פון געוווינהייט וועגן האָב איך זי אָפּגע־שטעלט, איר געזאָגט, אַז זי האָט אַ פיינעם געשמאַק. דער קאַוואַליער מיט וועלכן זי האָט שפּאַצירט איז אַ שיינער.

זי האָט מיך אָנגעקוקט ברוגזלעך, געזאָגט מיר:

— דו דאַרפסט דאָך שפּאַצירן מיט סטודענטן, דו ביסט אַ געלערנטע... אויף מיין חתונה וועל איך דיך סיי ווי נישט פאַרבעטן, ווייל... ווייל... דו ביסט אַ זשידוווקאַ!

זי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט און אַוועק.

כ׳בין שטיין־געבליבן פאַרחידושט, נישט באַוויזן איר ענטפערן. אויס חברשאַפט.

## קאַפּיטל זיבעצן

ראש חודש אלול.

די טעג זענען קורצע, די פרימאָרגנס און אָוונטן קילע.

ביי טאָג שיינט און וואַרעמט די זון, נאָך די קילע פרימאָרגנס קוויקט מען זיך מיט איר וואַרעמקייט.

עס גלוסט זיך איינזאַפּן די וואַרעמקייט און די ליכטיקייט פון דער זון, באַלד וועט קומען די צייט פון אָסיען ווען דער ווינט און רעגן וועלן מיט רוגזה שמייסן אין פּנים. אין די קאַלטע ווינטער־טעג וועט מען זיך טוליען צום וואַרעמען אויוון — זוכן ביי אים וואַרעמקייט און שוץ פון דער קעלט.

אַוועק די פאַרשיכּורנדיקע ריחות פון די וועלדער, גערטנער און סעדער. שוין ווייניקער לעבהאַפטע שמועסן און געלעכטערס פון די שפּאַצירנדיקע. אין די וועלדער קלייבן קריסטלעכע פּרויען שוואָמען.

דער עכאָ ברענגט שוין נישט אַזוי אָפט דעם אָפּקלאַנג פון די שטיפע־רייען און קוויטשען פון די זיך באָדנדיקע אין יעזיאָר, די אויסרופן: יעזוס מאַריאַ! פון די וועלכע וואַרפן זיך אין וואַסער אַריין מיט אַן איבערצלמען זיך.

אין דער לופטן דינע שפּינוועבס־פעדים — „באַביע־לאַטאָ" — דער אָנזאָג פון אַוועקגייענדיקן זומער.

עס הערט זיך שופר־בלאָזן. דאָס איבט זיך דער בעל־תּקיעה אין שופר־בלאָזן צו די אָנקומענדיקע ימים־נוראים.

— ווי די צייט לויפט. אַוועק דער זומער — באַדויערט מען. מען האָט אָנגעהויבן לעזנגער דאַווענען און מיט כּוונה. אין קליינשטעטל... עס דערנענטערט זיך די צייט פון פּחד און רחמים. די פיש אין וואַסער ציטערן אין דעם חודש — זאָגט מען.

אין די טעג צווישן ראש־השנה און יום־כּיפּור, עשׂרת ימי־תּשובה — אַ באַזונדערע פרומע שטימונג אין די ייִדישע שטובן.

נישט תּמיד דאַווענען אַלע ייִדן מנחה־מעריב אין שול. מען דאַוונט אַ סך מאָל אין שטוב.

איצטער לאָזט מען איבער אַלע געשעפטן און מען גייט אין שול אַריין דאַווענען מנחה־מעריב.

נאָך מנחה דאַרף מען וואַרטן מיטן דאַווענען מעריב ביז עס באַווייזן זיך שטערן אויפן הימל — שמועסט מען דערווייל צווישן זיך. מען שמועסט וועגן פּאָליטיק, וועגן שטעטלשע נייעס. מען באַקלאָגט זיך אויף דער יוגנט פון שטעטל וועלכע איז נישט אָפּגעהיטן אין פרומקייט.

נישטאָ קיין עירוב אין שטעטל, מען טאָר נישט שבת טראָגן. פון דעסט־וועגן זעט מען ווי מאַנכע נעמען אַרויס פון די קעשענעס נאָז־טיכלעך, טראָגן אַ בוך איבער דער גאַס, אוי, די ביכער!... מיידן גייען מיט דעקאָלטן, אַזאַ הפקרות!...

מען האָט אַפילו געטראָפן אַ יונגנמאַן שבת רויכערן אַ פּאַפּיראָס!

בפרהסיא וועט ער דאָס נישט טאָן, אָבער עמעצער האָט עס געזען. מען זאָגט אויפן תּכשיט אַז ער עסט אויך קאָלבאַס ביים גוייִשן שענקער... אַזוי ווייט האַלט עס שוין...

די טאַטעס וועלכע ווייסן אַז זיי האָבן נישט קיין אָפּגעהיטענע אין פרומ־קייט קינדער — קומען אַהיים פון בית המדרש, צי פון שול אויפגעזאָטענע פון כעס, מיט פאַרפרעסטע ליפּן. דעם כּעס לאָזן זיי באַלד אויס צו די קינדער. פאַר יעדער קלייניקייט טשעפּעט מען זיך מיט רוגזה צו זיי. אָפּט אויך צום ווייב — ווייל אין אַלעם איז זי שולדיק. זי גיט די קינדער נאָך די שְמָד, זי איז ווייך צו זיי, ווען זיי גייען אויף פאַלשע וועגן.

אַוודאי האָט מען נישט אויסגעזאָגט דעם נאָמען פון „תכשיט" וועלכער טוט די קרומע אַפּיקורסישע שטיק, ווייל ווי קאָן מען עס דערציילן אַ טאַטן אַז זיין זון איז אַ שְמָדניק ? ער קאָן נאָך חלילה אַוועקפאַלן ! די טאַטעס פון פרומע, אָפּגעהיטענע קינדער, האָט מען אַנטפּלעקט דעם סוד אויפן אויער.

די ווייבער ווייסן אויך אַ סך און האָבן וואָס צו דערציילן. עס געפינען זיך אין שלעשין יינגע ווייבלעך וועלכע גייען נישט אין מקווה, אַז אָך און ווי !... נישט בחינם קרענקען קינדער און דערוואַקסענע און די גויים דער־הייבן זייערע קעפּ קעגן יידן. נישט בחינם איז דער ייד אין גלות.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט זיך געקאָכט אין שטעטל צווישן די ווייבער. געקומען אַ פרעמד פאַרפאַלק אַהער וווינען, ער אַ זייגערמאַכער. דאָס יינגע ווייבל גייט נישט אין מקווה.

מען וואָלט געמאַכט צווישן זיך אַן אָפּמאַך נישט צו געבן זיי זייגערס צו פאַרריכטן, אָבער די גויים גיבן זיי פּרנסה. קאָן מען גיין צו גויים זאָגן נישט צו געבן זיי קיין אַרבעט ? נישט קויפן ביי זיי, ווייל זיי זענען נישט אָפּגעהיטן אין פרומקייט ? גיי שפּיל זיך מיט גויים... זיי וועט עס דווקא געפעלן אַז פאַראַן יידן וועלכע זענען נישט פרום.

עס האָט זיך געפינען עמעצער וואָס האָט געזאָגט דעם שיינעם בלאָנדן ווייבעלע — וואָס זיצט נאָר ביי די ביכלעך — אַז זי קאָן מיט איר פירונג חלילה ברענגען אַן אומגליק אויף די יידן פון שטעטל.

אָבער רעדט צו דער וואַנט ! זי האָט זיך אַפילו געבייזערט, אַ חוצפּה !

צום סוף זענען עטלעכע ווייבער געגאַנגען איבער די שטיבער, געזאַמלט געלט, מיטן געלט אַריין צום זייגערמאַכערס ווייבעלע, איר צוגעוואָרפן דאָס געלט, געזאָגט איר:

— דאָ האָט איר געלט צו באַצאָלן אין מקווה, אָפּהיטן דעם דין פון טבילה, געדענקט עס! איר וועט זיין שולדיק ווען עס וועט חלילה עפּעס געשען מיט אַ קימפּעטאָרין צי מיט אַ קינד, באַהיט און באַשירעמט זאָל מען ווערן: אַ חוצפּה, געקומען אַ פרעמדע אַהער וווינען און פירט זיך וויאַ חצופה!

דאָס פאַרפאַלק איז מיט חרפּה אַוועק פון שטעטל.

עס וואָלט שוין גוט געווען, אָבער... מען שמועסט, אַז נאָך פאַראַן יונגע ווייבלעך וועלכע גייען לפנים אין מקווה — און זענען נישט שטאַרק אָפּגעהיטן אין די דינים...

דאָס אַלץ דערטראָגט זיך צו מיין געהער.

אָבער מיט מיר געשעט אַ טשעקאַווע זאַך:

ווען כ׳דערצייל אַ פליאָטקע, זאָג אַ ליגן, ווען כ׳זע ביי עמעצן אַ מיאוסע זאַך — לויפט מיר דורך אַ געדאַנק אין קאָפּ: כ׳דאַרף גיין אין מקווה, זיך אָפּרייניקן, זיך אָפּוואַשן פון שמוץ. עס ווילט זיך מיר טובל זיין ווי די ווייבער אין מקווה. כ׳בין דאָך אָבער נישט פרום, גיי איך נישט אין מקווה — רייניק איך זיך אָפּ אויף אַן אַנדערן אופן: כ׳גיי אַרויף אויפן בוידעם, לייען, שרייב, און דאָס רייניקט אָפּ ווי אַ מקווה. כ׳פלעג עס טאָן ווען כ׳בין געווען יונגער און טו עס אויך איצטער ווען כ׳דאַרף באַלד אַלט ווערן זעכצן יאָר.

*

ביי אונדז אין דער היים פילן זיך גאָר שטאַרק די אָנקומענדיקע ימים־נוראים. און בכלל די ימים־טובים. איך באַטראַכט די מאַמע, זי איז אַ מיטל־וווקסיקע, אַ גלייכע, מיט צוויי גרויסע ברוינע אויגן ווי אויסגעוואַשענע אין טרערן. פול מיט פרומקייט זענען אירע אויגן, און איצטער מער ווי תמיד. זי קוקט אויף מענטשן מיט וואַרעמקייט.

יעדן טאָג נאָכן אויפשטיין זאָגט די מאַמע בלויז קריעת־שמע — מחמת איילעניש. זי איז שטאַרק פאַרנומען מיט דער שטוב־אַרבעט, מיטן גרייטן אָנבייסן פאַרן גאַנצן הויזגעזינד. אָבער דעם גאַנצן חודש אלול דאַוונט זי יעדן טאָג מיט גרויס כוונה גאַנץ שחרית.

דער טאַטע, אַ נידעריקער, אַ פעסטער, מיט גרויע אויגן וועלכע זענען להוט לייכט אויסצודריקן בייזקייט אָדער אומצופרידנקייט — און אויך פאַר־קערט, — ווען ער איז צופרידן שיינען די אויגן ביי אים פייכטע פון טרערן פון גערירטקייט.

אויך דער טאַטע איז איצטער דורכגענומען מיט גאָטספאַרכטיקייט מער ווי אַ גאַנץ יאָר. דעם חודש אלול און די גאַנצע צייט פון די יום־טובים איז ביי אונדז אין שטוב אַ פרומע שטימונג. אַלץ אין שטוב דרייט זיך אַרום די צוגרייטונגען צום יום־טוב.

מיינע ברידער, כאָטש אָפּגעהיטענע אין פרומקייט — דאָך טראָגן זיי נישט קיין לאַנגע קאַפּאָטעס, ס׳הייסט — זיי זענען וועלטלעך.

ווען זיי שטעלן זיך אין שטוב דאַווענען מנחה־מעריב — זאָגט די מאַמע נאָך די ווערטער וועלכע זי קען אויסנווייניק. צו דאַווענען פון סידור איז שוין טונקל פאַר איר. אָנצינדן דעם נאָפט־לאָמפּ איז צו פרי. און די תפילות זענען דאָך פאַר מאַנסבילן. דער טאַטע דאַוונט אין שול.

איך ווייס, אַז די מאַמע טראָגט אין דער צייט אַ שווער האַרץ אויף מיר מער ווי אַ גאַנץ יאָר. און איך פיל זיך שולדיק אין דער מאַמעס עגמת נפש איבער מיין נישט וועלן ברכה זאָגן אין דער פרי, נישט וועלן מאַכן אַ ברכה צום עסן. און צוליב מיין לייענען ביכער. כ׳בין שוין גרויס און זי קוקט מיר נאָך ווי כ׳וואָלט נאָך געווען אַ קינד.

מיינע ברידער זענען נישט קיין צו גרויסע לומדים, אָבער זיי קוקט זי נישט נאָך און ווי זי זאָגט — האָט זי זיך נישט צו שעמען מיט זיי. זיי דאַווענען יעדן טאָג. ווען זיי האָבן צייט זעצן זיי זיך אַוועק מיט אַ מחזור — און צעזינגען זיך מיט האַרציקייט. זינגען די יום־טובדיקע תפילות, ווי אַ חזן וואָלט געזונגען. שיין צו הערן — די מאַמע שעפּט נחת דערפון. אירע אויגן שיינען מיט טרערן פון התלהבות.

אויך דעם טאַטנס אויגן שיינען מיט פרייד ווען ער הערט עס, ווען ר׳איז נישט פאַרנומען אין שפּייכלער.

און איך: ביי מיין גאַנצער ווידערשפּעניקייט צו דער שטוביקער פרומ־קייט — ווער איך שטאַרק באַווירקט פון דער האַרציקער נגינה. זי שאַפט ביי מיר אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט און אַ דערהויבענע שטימונג.

אויך מיט דער אויפפירונג פון מיינע ברידער זענען אונדזערע עלטערן שטאָלץ. זיי זענען תּבואה־סוחרים, ברענגען פּרנסה אין שטוב אַריין. מיט זייער ערלעכן האַלטן בכּבוד טאַטע־מאַמע געפינען זיי חן אין לייטנס אויגן — אַזוי הער איך רעדן.

באָר מיר, די צוויי ייִנגערע טעכטער, חיה און איך, מיט אונדזער אַפּי־קורסות פאַרשאַפן מיר טאַטע־מאַמע צער. מיר ביידע „שלעפּן" זיך אַרום מיט ביכער. אין די אָוונטן גיי איך אין ביבליאָטעק אַריין. וויפל צער האָט דערפון די מאַמע!

אַלע אירע טענות און געבעטן אַז כ׳זאָל גיין אויף אַן „אַנדערן וועג" העלפן נישט. אירע טענות איבערצייגן מיך נישט. מיד ווערנדיק פון טענהן, שווייגט זי שוין, אָבער אירע שטומע בליקן זענען פול מיט פאָרוווּרף און געבעט.

ימים־נוראים־צייט זענען שוין אירע בליקן נישט פול מיט געבעט. ס׳איז שוין צאָרן. זי קוקט אויף מיר מיט פאַרפרעסטע ליפּן און פאַר יעדער קלייניקייט טשעפּעט זי זיך צו מיר. צו חיהן נישט אַזוי פיל. זי האַלט מיך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר חיהס אויפפירונג. מיין שולד וואָס חיה לייענט אויך ביכער, איז נישט פרום, איך האָב זי באַווירקט דערצו — ס׳איז טאַקע אמת. די מאַמע זאָגט טייל מאָל:

— מיר ברויך מען נישט אויסלייגן אַלץ אויפן טעלער, איך ווייס, איך פאַרשטיי.

און טאַקע, די מאַמע ווייסט וועגן זאַכן אַפילו, אָן צו הערן און זען זיי. זי פילט עס אויס.

אויך פריידע־מירל, אונדזער פרומע שכנה קוקט אויף מיר קרומלעך. אירע בליקן זענען פול מיט פאָרוווּרף און רוגז. קעגן איר פיל איך זיך אויך שולדיק.

אַוודאי געדענק איך עס גוט:

ווען כ׳בין נאָך געווען אַ קינד פלעגט מיך פריידע־מירל זעצן אויף איר שויס, לערנען מיך לייענען רש״י־טייטש. אַלט־זייענדיק זעקס יאָר האָב איך פאַר איר פאָרגעלייענט פון חומש, פון סידור.

זי האָט מיך צוגעדריקט צום האַרצן, געזאָגט מיר אַז כ׳בין געבוירן

געוואָרן צו זיין אַ חכמה, אַ צדיקת, כ׳וועל זיין אַ רביצין. זי האָט עס מיר בסדר געזאָגט. געזאָגט עס ביי אונדז אין שטוב. דערפאַר האָט מען מיך גערופן אין שטוב: רביצין.

און פונקט ווי מיינע עלטערן האָב איך אויך אַנטוישט פריידע־מירלען. זי ווייסט דאָך ווי אַזוי איך פיר זיך איצטער, און אַז כ׳בין נישט פרום. שוין אַ לאַנגע צייט ווי פריידע־מירל קוקט אַזוי אויף מיר — כ׳דריי אַוועק מיינע אויגן פון איר.

צוליב איר קוקן מיט רוגז אויף מיר האָב איך זיך אַ מאָל נוקם געווען אין איר. געווען איז עס ערב תשעה באָב, ווען זי איז געזעסן אין די זאָקן, געזאָגט קינות און געוויינט, האָב איך — אין דערנעבנדיקן צימער וואָס זי האָט פאַרדינגען צו אונדזער פלעמל, און וואָס איז אָפּגעטיילט פון איר צימער מיט אַ דינער וואַנט, ס׳איז אַפילו פאַראַן אַ טיר צו איר אין שטוב אַריין — הויך געזונגען און געליאַרעמט.

וועלכעס ייִדיש קינד זינגט עס עפּעס אין ערב תשעה באָב?...

צו להכעיס האָב איך עס איר דאַמאָלט אָפּגעטאָן. קוקסט אויף מיר קרום, מיט טענות, נאַ דיר!

כ׳בין דעמאָלט אַלט געווען דרייצן יאָר. היינט וואָלט איך עס נישט געטאָן — און איך דערמאָן עס מיט געפילן פון שולד.

פריידע־מירל האָט געשוויגן, עס מיר פאַרשוויגן. זייט דעמאָלט קוקט זי אויף מיר מאָדנע. נעמט מיך דורך מיט אירע אויגן, שווייגט. איך דריי אַוועק פון איר דעם קאָפּ — און דאָך פיל אויף זיך אירע בליקן.

כ׳טראַכט אַז מיט איר שווייגן דריקט זי אויס שטאַרקער איר אַנטוישונג און פּראָטעסט קעגן מיר. זי האָט נישט דערציילט דערוועגן מיין מאַמען און זי קומט אָפּט אַריין צו אונדז.

זי גייט תמיד איינגעוויקלט אין טוך מיט דער לינקער זייט פון אויבן. ווען מען גייט פאַרביי פאַר איר פענצטער זעט מען ווי אויפן טיש איז תמיד אָנגעשטעלט מיט ברויט, פּוטער, טעלער, גלעזער, נישט צוגערוימט.

פון אירע שמועסן מיט דער מאַמע פאַרשטיי איך, אַז מיט איר אויפפירונג דריקט זי אויס ביטול צו דער וועלט. זי וויל נישט געניסן פון „דער" וועלט — אַלץ לייגט זי אָפּ אויף „יענער" וועלט.

ווי תּמיד קומט זי אַריין שמועסן תּורה מיט דער מאַמע. ביים שמועס זענען ביידנס אויגן אָנגעצינדן מיט אַ מאָדנע פייערל, ווי אַ ליכט וואָלט געברענט אין זייערע בליקן.

די מאַמע פרעגט זיך אַלערליי שאלות. מען זאָגט, אַז פריידע־מירל קען תּורה ווי אַ מאַנספּאַרשוין. זי פאַרענטפערט דער מאַמען אַ סך קשיות.

כ׳האָב געוואַשן אין אַ שיסל דאָס מילכיקע געשיר. אָנגעשטעלט, אַז כ׳בין פאַרטאָן און זיך צוגעהערט צו דער מאַמעס פראַגן און אירע ענטפערס.

וואָס עס וועט זיין אַז משיח וועט קומען. ווי אַזוי די ייִדן וועלן זיך קוי־לערן קיין ארץ־ישׂראל. ווי די טויטע וועלן אויפשטיין תּחית המתים.

געענדיקט וואַשן דאָס געשיר, איך זעץ זיך אויף אַ בענקל, הער זיך ווייטער איין.

די מאַמע קוקט מיך אָן שאַרף, לאָזט אַראָפּ אירע אויגן צו מיינע פיס, קנייטשט דעם שטערן.

איך פאַרשטיי. כ׳דאַרף אַראָפּציִען דאָס קלייד איבער די קני, צוזאַמענ־רוקן די פיס, זיצן גלייך. דאָס באַפעלט מיר די מאַמע תּמיד ווען פאַראַן עמעצער, אַ פרעמדער אין שטוב. זי באַפעלט עס מיר אָן ווערטער.

אין טיר באַוויזט זיך ביניש. ער קוקט צו פריידע־מירלען, זאָגט איר: גוט מאָרגן, קוקט צו דער מאַמען, דערנאָך אויף מיר. ווינקט צו מיר מיט אָן אויג. די אויגן שמייכלען ביי אים.

— יאָ, יאָ, ייִדן זענען ווי אַ קופּע ניס, ווען מען רירט איינע, פאַלן אַנדערע מיט — זעצט די מאַמע פאָר דעם שמועס.

קוקנדיק אויף בינישן האָב איך פאַרהערט דעם אָנהייב וועגן די ניס. אָבער פריידע־מירל האָט ווייטער גערעדט:

— ווען איין ייִד זינדיקט איז ער ערוב פאַר אַנדערע ייִדן. אַפילו להבדיל ביי גויִים, אַז איין ייִד טוט, חלילה, עפּעס שלעכטס, באַשולדיקן זיי אין דעם אַלע ייִדן. אַלע ייִדן זענען שלעכט.

זיי שמועסן וועגן מרים־הנביאה ווי זי האָט געזונגען שירה ווען די ייִדן זענען דורך דעם ים־סוף, און ווי גאָט האָט נישט געוואָלט זי זאָל זינגען, ווייל די דערטרונקענע מצרים זענען אויך זיינע באַשעפענישן, זיינע קינדער.

אָט דאָס איז מיר אינטערעסאַנט צו הערן. אָבער ביניש מיט זיין

מרוזשען די אויגן און מאַכן אַלערליי העוויות שטערט מיר זיך גוט איינ־צוהערן.

זיי האַלטן שוין ביי חיבוט הקבר נאָכן טויט. ביינישעס אויגן זענען איצטער קלוג צעשמייכלט. עס קומט אַריין אַ שיקסל, ראַשקעס טאָכטער. זי פרעגט ווען זי זאָל קומען שייערן די פּאָדלאָגעס. זאָגט ביניש שטיל צו דער מאַמע:

— מאַמע, דער צימעס איז אָנגעברענט...

דאָס זאָגט ער איר תּמיד ווען ער הערט אַז זי לאָזט זיך אַריין אין אַ לאַנגן שמועס מיט פריידע־מירלען.

פריידע־מירל מיט אירע פרומע, גאָטספאָרכטיקע אויגן, מיט איר ערנסט פּנים — איז טאַקע אַ גרויסע צדיקת. אַפילו איר איידעם, ר׳ דוד, דער גרויסער למדן און בן־תּורה — האָט דרך־ארץ פאַר איר, שטעלט זיך אויף — זאָגט מען — ווען זי קומט אַריין אין זיין שטוב אַריין.

זייט איך געדענק קומט זי צו אונדז אין שטוב אַריין. כ׳האָב נאָך נישט געהערט פון איר אַ וואָרט רכילות און קיין שלעכט וואָרט וועגן עמעצן — ווי עס איז דער שטייגער ביי אַנדערע ווייבער. ווען זי הערט רעדן שלעכטס וועגן עמעצן, ווערט זי ערנסט, שווייגט.

אַפילו ווען מען רעדט וועגן גוייִשן שכן עגערט אַז ער איז אַ שׂונא ישׂראל, לויבט זי זיין קענטעניש אין תּנ״ך.

טראָץ מיין ווידערשפּעניקייט צו זייער פרומקייט האָב איך ליב זיך צוצוהערן צו די שמועסן. עס געפעלן מיר די פרומע רייד, די תּמימות אין זייערע אויגן ביים שמועסן. איך זע ריינקייט אין זייערע בליקן.

איין מאָל האָב איך געהערט ווי פריידע־מירל האָט געזאָגט אַז אַלע באַשעפענישן אויף דער וועלט זינגען שירה צו גאָט. אויך פלאַנצן און וואַסערן, אַפילו שטיינער.

און... כ׳מוז זיך מודה זיין אַז כ׳האָב עס געהערט. ס׳איז אמת. כ׳האָב געהערט זינגען שירה.

נאָכן הערן רעדן דערוועגן בין איך שבת נאָך מיטאָג געגאַנגען צום וואַלד וואָס נאָכן בית העלמין, זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז ביים ברעג פון יעזיאָר. געלייענט סלאָוואַצקיס בוך פּאָעזיע.

דאָס בוך האָט טיף געווירקט אויף מיר. די פּאָעזיע, דורכגענומען מיט בענקשאַפט און טרויער, דרינגט טיף אַריין אין דער נשמה. און דאָ איז אַזוי שיין!

די אַזיערע פליסטערט שטיל. די אָלכע־ביימער ביים ברעג באַוועגן לייכט מיט די צווייגן, וויגן זיך, בוקן זיך, שאָרכן שטיל אַ תּפילה. די פייגל שפּרינגען פון צווייג צו צווייג, טשוויטשערן. די זון גלעט לייכט, וואַרעמט, דער שאָטן קילט און אַלץ אַרום איז פייערלעך צעזונגען אין אַ תּפילה — שירה.

אַ פרייד האָט מיך באַהערשט. געוואָלט זיך מיטבוקן מיטן אַרום, מיט־זינגען די שירה.

אין דער היים:

נעבן טירל פון טויער איז געשטאַנען די מאַמע, געוואַרט אויף מיר. זיך געזעגנדן צו מיר — און מיט געבעט אין קול מיך געבעטן כ׳זאָל איר פאַרלייענען פון טייטש־חומש ווייל שוין אַ וואָך צייט ווי די אויגן טוען איר וויי און ס׳איז איר שווער צו לייענען. כ׳דאַרף זיך איילן ווייל ס׳ווערט שפּעט.

— יאָ, מאַמע, כ׳וועל דיר פאַרלייענען.

די מאַמע האָט מיר געהייסן וואַשן די הענט. זי איז צו צום קרעדענץ, גענומען די וואַלעריאַן טראָפּנס, אַרויסגעשיט אַ ביסעלע צוקער אויף אַ לעפעלע, געמאַכט אַ ברכה. ווידער טיף אָפּגעטעמט, דערלאַנגט מיר די צאינה וראינה.

כ׳האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטול, די מאַמע נעבן מיר. כ׳האָב אָנגעהויבן לייענען. די מאַמע הערט זיך איין מיט אַ צעשיינט פּנים, שאָקלט צו מיטן קאָפּ. איך לייען מיט פאַרגעניגן.

עס קומט אַריין מיין קוזין פראַ‏ים, שטעלט זיך אַנידער דערנעבן, קוקט אויף מיר מיט זיינע שמאָלע העלע אויגן. ער קוקט אָפּלאַכעריש. די מאַמע ווערט אומרויק. איר פּנים לעשט זיך אויס. איך הייב אָן לייענען העכער, דווקא, אויף להכעיס אים! קוק אים אָן קרומלעך. ער שטייט ביז עס ווערט אים נמאס, גייט ער אַוועק אונטערזינגענדיק שפּאָטיש און מיט חוצפּה. די מאַמע זיפצט אָפּ אַ דערלייכטערטע.

איך האָב איר פאַרגעלייענט די גאַנצע פּרשה מיטן נחלת צבי.



אַ וואָך פאַר ראש השנה.

מען גרייט עופות לכּבוד יום־טוב און כּפּרות צו שלאָגן.

פיר אַ זייגער פאַרטאָגס וועקט דער שמש אויף צו סליחות מיט אַ קלאַפּן אין די לאָדנס:

— צו סליחות! צו סליחות!

מען שטייט אויף פון שלאָף. האַלב פאַרשלאָפן גרייט מען זיך גיין אין שול אַריין. אין דער היים בלייבן איבער בלויז די טעכטער, מיידלעך.

שוין קיל אין דרויסן. מען כאַפּט אַ ציטער. מען ציט אַרויף צום ערשטן מאָל נאָכן זומער אַ וואַרעמען בגד. די ווייבער וויקלען זיך איין אין וואָלענע טיכער — און מען לאָזט זיך אין שול אַריין צו סליחות.

טייל פון די ווייבער, אַרויסגייענדיק פון שול, שוין אין דער פרי, אויפגעהייטערטע פון דער פרישער מחיהדיקער לופט, לאָזן זיך אַוועק צום פישער־הייזל ביים ברעג וואַלד, פרעגן דעם גוייִשן פישער ווי עס האַלט מיט פיש לכּבוד יום־טוב, באַשטעלן פיש נישט צו בלייבן, חלילה, יום־טוב אָן פיש.

די ווייבער נעמען מיט אַ שטיקל קוכן און חלה וואָס איז געבליבן פון שבת כּדי נושׂא־חן צו זיין ביים פישערס משפחה. זיי באַהאַלטן עס איינע פאַר דער אַנדערער, דערלאַנגען עס דעם פישערס ווייב באַהאַלטענערהייט אַז די צווייטע זאָל עס נישט באַמערקן.

די פישערקע מיט איר גאַנץ בני־בית האָבן ליב דאָס ייִדישע געבעקס. עס שמעקט זיי גוט. זיי וויסן פון דעם מנהג אַז איינע היט זיך פאַר דער צווייטער. גיט טאָקע די פישערקע יעדער פון די ווייבער אַ געלעגנהייט צו דערלאַנגען איר דאָס געבעקס אַז די צווייטע זאָל נישט זען.

די ווייבער חנפענען זיך צו איר. פרעגן אויף איר געזונט, אויף די קינדער און נאָענטע. די גויע איז קנאַפּ אין ווערטער, ענטפערט ווי אָן חשק, איז פאַרטאָן אין גרייטן פרישטיק. זי פאַררייִשט מיט ציבעלעס די קרויט־זופּ, לייגט אַרויף אַ טונקל ברויט אויפן טיש. זי ווייסט אַז די ייִדישקעס דאַרפן איר טובה, נישט זי זייער טובה, טוט זי זיך אירס, סיי ווי וועלן זיי ברענגען צו איר געבעקס.

ווען דאָס פרישטיק איז גרייט וועקט זי אויף די קינדער. די קינדער, דערזעענדיק די ווייבער, שפרינגען זיי אַראָפּ פון די געלעגערס, באַלעקן זיך פון דערוואַרטונג. זיי ווייסן אַז זיי וועלן היינט באַקומען שטיקער געבעקס וואָס שמעקט זיי שטאַרק. זיי שטעלן זיך נעבן די ווייבער, זייער מאַמע ווינקט צו זיי זיי זאָלן וואַרטן, הייסט זיי זיך אָנטאָן, און עסן קודם דאָס אָנבייסן.

זיי שפּרינגען צו צום אָנטועכץ און קוקן צו די ווייבער.

די פישערקע קוקט צום פענצטער — ער איז שוין פאַרפאָרן מיט דער לודקע — זאָגט זי צו די ווייבער.

די ווייבער לויפן אַרויס. דער פישער איז שוין צוריק פון פיש־פאַנג, מען דאַרף מיט אים שמועסן.

## קאַפּיטל אַכצן

ערב ראש השנה.

מען פאָרעט זיך אין שטוב מיטן צורוימען, אין קיך, מיטן קאָכן. דאָס געבעקס איז שוין ביים בעקער אין אויוון. פּלוצעם שטעלט זיך די מאַמע אָפּ, און ווענדט זיך צו מיר:

— גיי זען וואָס עס טוט דער טאַטע אין שפּייכלער, רוף אים נישט אַריין. כ׳פאַרשטיי וואָס די מאַמע וויל, כ׳גיי אַריין אין שפּייכלער, קוק וואָס עס טוט דער טאַטע און לויף גיך אַריין זאָגן דער מאַמען:

— דער טאַטע איז שטאַרק פאַרנומען. פאַראַן פּויערים אין שפּייכלער. ער וועגט די זעק תבואה וואָס זיי האָבן געבראַכט.

די מאַמע הייבט זיך אָן איילן. גיך, גיך שיט זי אָן פּאַפּירענע בייטלען פול מיט צוקער, מעל, רייז, גרויפּן. גיט מיר אַ גילדן אין דער האַנט אַריין און הייסט מיך גיך, אַז דער טאַטע זאָל נישט זען, עס אַוועקטראָגן צו אַן אָרעמאַן אין שטוב אַריין.

איך טו אַזוי ווי די מאַמע הייסט. כ׳ווייס, אַז כ׳וועל עס היינט עטלעכע מאָל איבערחזרן. מיר געפעלט עס. כ׳קוק אָן די מאַמע — גאָר אַנדערש זעט זי איצטער אויס. זי זעט אויס אַזוי ווי ווען זי דאַוונט און ווען זי איז גוט.

ווען דער טאַטע קומט שפּעטער אַריין פון שפּייכלער ווענדט זיך די

מאַמע צו אים: — דוד, אין די אָרעמעלייט דאַרף מען נישט פאַרגעסן און כּיבוד יום־טוב געלט צו די כּלי־קודש מוז מען שיקן.

— אָ, יאָ. — דערמאָנט זיך דער טאַטע. ער טוט אַריין גלייכצייטיק ביידע הענט אין די קעשענעס פון זיינע אויבער־בגדים, ביז ער טרעפט אָן אויפן ריכטיקן פּלאַץ, נעמט אַרויס געלט, ציילט עס.

— דאָס איז פאַרן רב, דאָס פאַרן חזן, דאָס פאַרן שמש און דאָס...

— ווייניק, — זאָגט די מאַמע.

דער טאַטע קנייטשט דעם שטערן, קרומט זיך — און לייגט צו נאָך עפּעס, אָן חשק.

ווען דער טאַטע גייט אַרויס הייבט די מאַמע אָן זוכן אין קרעדענץ. פון אַ באַהאַלטן אָרט נעמט זי אַרויס אַ פאַרקניפּט טיכעלע, נעמט דערפון אַרויס געלט, לייגט צו. און ווידער, גיך שיט זי אָן בייטעלעך מיט שפּייז־פּראָדוקטן — און שיקט זיי צו די כּלי־קודש.

עס עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך שמואל וואַסערטרעגער. ער פאַרשטייט נישט אָנצוקלאַפּן אין טיר ווי עס האָט מיך אַ מאָל געלערנט די פּאַננאַ סאָלאַ. ער בלייבט שטיין אין דער אָפענער טיר און מורמלט שטיל. מען הערט נישט וואָס ער זאָגט. שמואל ווייסט, אַז היינט איז זיין טאָג. אַז נישט בלויז פון מיין מאַמען וועט ער היינט באַקומען אַ גרעסערע נדבה — אויך אין אַנדערע שטובן וועט מען אים היינט גוט באַהאַנדלען. ער וועט באַקומען נדבות און אויך אַלטע, אָפּגעניצטע בגדים. ווער וועט זיך עס היינט אָפּזאָגן טאָן אַ מצווה?

און אויך שמואל מיט זיין הויזגעזינד זענען היינט דורכגענומען מיט פּחד און ציטער פאַרן רבונו של עולם.

*

ערב יום כּיפּור.

אַ פרומער פּחד הענגט איבער די יידן אין שטעטל. מענער גייען איילִיק אין מקווה. מען גייט צו קרובים און פריינד ווינטשן אַ חתימה טובה. ווייבער כליפּען ביי די ווינטשענישן. ברוגזע איבערבעטן זיך.

דער טאַטע איז היינט גאָר אַן אַנדערער; די אויגן ווי פאַרטרערט זעען אויס מילד, דורכגענומען מיט פרומקייט.

אויסער די ברענענדיקע ליכט אין די פיר לייכטער אויפן טיש איז אויך אָנגעצינדן אַ גרויס ליכט וואָס וועט ברענען אַ מעת־לעת. און צען ליכטלעך פאַר די צען קינדער — איבערן איינגעמויערטן שענקל.

פאַרן גיין אין שול אַריין האַלדזט מען זיך און מען קושט זיך, באַגלייט מיט ווונטשן און געוויינען. פאַרן גיין צו כל נדרי זאָגט די מאַמע אַ האַרץ־רייסנדיקע תפילה, לייענט די תחינה מיט גרויס כוונה און געוויין. מיט פאַר־וויינטע אויגן, אַ פאַררויטלטע, דורכגענומען מיט אַן אינערלעכן ציטער — גייט די מאַמע אין שול אַריין.

אויפן דיל אין שול איז אויסגעשפרייט היי, ווייל מען טוט אויס די שיך און מען זיצט אין די זאָקן.

צו כל נדרי גיי איך אַרויף אין דער ווייבער־שול. די ליכט פאַרשפרייטן אַ הייליקע פייערלעכקייט. די תפילות זענען האַרציקע. אַ גרויס געוויין צווישן די ווייבער. צום וויינען פון די ווייבער ווירקט אויך יאָסקעס האַרציקע נגינה, זיין דאַוונען פאַרן עמוד.

כ׳קוק זיך צו וועלכע פון די ווייבער וויינט אַמשטאַרקסטן. כ׳ווייס, פאַר וואָס יעדע פון זיי וויינט.

אָט דער איז געשטאָרבן אַ קינד. די וויינט, ווייל איר לעבן איז נישט לייכט, האָט זי אַ געלעגנהייט זיך אויסצווויינען. פאַראַן גענוג אָנגעזאַמלטע שווערקייט אויפן געמיט, ביי דער, ביי יענער.

די נישט פרומע יונגע־לייט שטייען אין פאָליש, שמועסן, שפּאַצירן אויך אין דרויסן. ס׳פילט זיך אַ נישט־ניחאָדיקייט. עפּעס אַזאַ טרויעריקע שטימונג הענגט אין די ליידיקע, העל־באַלויכטענע שטובן. דורך די שול־פענצטער שימערירן אין דרויסן אַרויס די פיל־געצינדענע ליכט.

מיר זעט עס אויס נישט ווי קיין יום־טוב, נאָר ווי עפּעס אַ פייערלעכער טרויער. די האַרציקע תפילות פון שול הילכן אַרויס אין גאַס, דרינגען אַריין טיף מיט אַ בענקשאַפט צו עפּעס העכערס און שענערס. כ׳פיל די שיינקייט פון די תפילות און ווייס אַז כ׳געהער נישט־אַהין נישט־אַהער...

אָבער די תפילות וואָס הילכן פון שול אַרויס ווערן פאַרשריגן דורך קולות פון שענק אַרויס. יונגוואַרג לאָזט זיך לויפן אַהין נייגעריקע. איך גיי אויך, ווייל ס׳איז דאָך בשכנות מיט אונדזער הויז. און אפשר האָבן זיך די

גויים אָנגעשטעקט מיט דער ייִדישער שטימונג? פֿאַרמאַכטע קראָמען, די ליכטער ווירקן אויף זיי, גייען זיי דאָס פֿאַרטרינקען אין שענק. כאָטש ווען טרינקען זיי נישט און שיכּורן נישט אין די שענקען?

ביי די טישלעך אין שענק זיצן די גויים, טרינקען בראָנפֿן און מען עסט צו קאָלבאַס מיט ברויט. די חזירים־הענדלער און גענדז־הענדלער זענען אַהיימגעקומען פֿון אַ ווייטער נסיעה, נאָך עטלעכע וואָכן אָדער חדשים זיין אָפּוועזנדיק פֿון דער היים. זיי זענען שוין שיכּור לאָזן זיי זיך הערן מיט זייער געוואַלדעווען.

די ווייבער זייערע, פֿאַרוויקלטע אין גרויסע טיכער, אַז מען זאָל זיי נישט דערקענען, שטייען הינטער די פֿענצטער און טיר פֿון שענק און קוקן אַריין באַהאַלטענערהייט צו זייערע מענער, זיי זענען פֿול מיט פֿאַרדראָס און פֿאַר־שעמונג. כ'הער ווי איינע זאָגט צו דער צווייטער:

— צוויי חדשים איז דער סוואָלאָטש נישט געווען אין דער היים. אָנשטאָט זיך צו פֿרייען מיטן ווייב, מיט די קינדער, איז ער גלייך אַוועק אין שענק אַריין. דערנאָך, אין דער היים, וועט ער מיך שלאָגן.

די צווייטע האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל, אָוועקגערוקט דאָס טוך פֿון פּנים.

— מיאוס צו רעדן אויף אַן אייגענעם מאַן, אָבער אויך מיינער, קוים געקומען אַהיים און שוין געלאָפֿן פֿאַרשיכּורן די פֿאַרדינטע זלאָטעס! וואָס איך האָב זיך דאָ אָנגעליטן! נישט דערעסן, געבאַרגט. דאָס וויל ער נישט וויסן. אָבער איך וועל אים היינט פּראַווען אַן אמתע חתונה!

— לאָזט אים אָפּ היינט, ער איז שיכּור, ער קאָן היינט דערלאַנגען מיט דער פֿויסט צי מיט אַ שטעקן... זאָל ער זיך אויסשלאָפֿן — עצהט די צווייטע — מיינעם וועל איך אויך לאָזן לויפֿן היינט. אָבער ווען ער וועט זיך אויס־ניכטערן!...

— זיי דאַרפֿן נישט די ווייבער. נאָך אַזאַ לאַנגער צייט... מענער ווי די הינט, ווער ווייסט וואָס זיי טוען אויף אין דער פֿרעמד? עס פֿעלט זיי זונהס? גיי גלייב זיי...

אינעווייניק אין שענק האַלדזן זיך און קושן זיך זייערע מענער.

— פּשיאַצ'יעלו, בראַצ'יע, דו ביסט מיר טייער ווי אַן אמתער בראָט. אין פֿייער וועל איך שפּרינגען פֿאַר דיר. איך וועל פֿאַר דיר היינט אַלץ

באַצאָלן. עס און טרינק, איך צאָל! — האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ בייטל מיט געלט, צוגעלאָפן צום בופעט, צום שענקער, געבּרענגט אַ פלאַש בראָנפן. זיי טרינקען, דערנאָך נעמען זיי זיך אַרום, קושן זיך אין די מיילער.

די ווייבער פון די צוויי שיכּורים האָבן זיך פריינדלעך צוגערוקט איינע צו דער צווייטער, זיך אָנגעשטויסן מיט די עלנבויגנס און זיך צעלאַכט.

— וואָס זאָגט איר צו דעם שיכּור מיינעם? משוגע, כאַ־כאַ־כאַ. אונדזערע שיכּורים, די סוואָלאַטשעס, כאַ־כאַ.

— אין דער פּאַרטיע געגנדז פון לוקאַשעקן האָב איך פּאַרדינט גאַנצע צוויי הונדערט זלאָטעס. איך קאָן באַצאָלן! — האָט מען ווייטער געהערט פון שענק.

— אַהאַ, אַזוי? דאָס האָסטו, דו סוואָלאָטש, דו סוקין־סין, אויסגעקויפּט מיר די פּאַרטיע געגנדז?! דער פויער האָט איבער דיר מיר צוריקגעגעבן דאָס האַנטגעלט! וואַרט, איך וועל דיך דערפּאַר דערהרגענען, דו הורן־זון!

די צוויי שיכּורים וועלכע האָבן זיך אָקערשט געקושט און געהאַלדזט האָבן זיך פאַרקנוילט אין אַ געשלעג.

די ווייבער אין דרויסן האָבן דערשראָקענע זיך געצלמט מיט אַן אַרויס־רוף: יעזוס מאַריאַ! זיך געשטעלט איינע קעגן דער צווייטער ווי צוויי העגער צום קאַמף.

אין שענק אַ בהלה. מען פּרוווט צעשיידן די צוויי שיכּורים. בענקלעך פליִען, טישלעך פאַלן, אַ געבראַזג פון גלאָזוואַרג.

עטלעכע יינגלעך זענען געלאָפן צו דער שול זאָגן די יידן, אַז זיי זאָלן זיך נישט שרעקן, אַז דאָס שלאָגן זיך שיכּורים אין שענק צווישן זיך.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָבן זיך געהערט טרויעריקע און מתיקותדיקע ניגונים פון שול אַרויס — און זידלערייען און געשרייען פון שיכּורים.

צו מאָרגנס, גאָר פרי נאָך, מען איילט אין שול אַריין. דער שלאָף און די אויסגערוטקייט האָט באַרויִקט די געמיטער פון די צעווייַנטע ווייבער.

עס קומען שוין אָקעגן פון וואַלד אָרעמע גויעס מיט גרויסע בינטלעך האָלץ און צווייגן אויף די פּלייצעס. די אָרעמע איינוווינערס פון דער געגנט אושינעס גרייטן אָן דורכן גאַנצן זומער צווייגן אויף צו הייצן און קאָכן אין

ווינטער. אַזוי גייען זיי אַ גאַנצן זומער, אַלט און יונג. זיי שטייען אויף פּאַר טאָג ווען עס גרויט קוים אויף טאָג, נעמען מיט שטריק צו פאַרבינדן די צווייגן, גייען אין די וועלדער, טייל מאָל עטלעכע קילאָמעטער ווייט.

מען קלייבט די צווייגן פון דער ערד, ווען דער וואַלד־וועכטער זעט נישט רייסט מען אויך צווייגן פון דיביימער. זיי זאַמלען זיי אָן אין גרויסע בינטן, בינדן זיי אַרום מיט שטריק צו דער פּלייצע. אַזוי עטלעכע מאָל אין טאָג. ווען נישט די צווייגן וואָלט נישט געווען מיט וואָס צו קאָכן און הייצן אין די קאַלטע ווינטער־טעג.

זיי באַגריסן די ייִדן און קוקן מיט קנאה־שׂנאה אויף זיי און אויף די אויסגעפּוצטע ייִדענעס וואָס גייען אין שול אַריין. אין אַלעם זענען שולדיק די ייִדן, אַפילו אין זייער אָרעמקייט און ביטערן גורל.

מען קאָן הערן ווי זיי רעדן צווישן זיך. איך האָב די רייד געהערט אַ סך מאָל.

— אַ ווילטאָג אויף זיי. זיי פרעסן חלות און קוכנס יעדע וואָך. און איצט וואָס זיי האָבן אָנגעבאַקן אויף זייערע נאַרישע שוויענטעס! אַ נאַרישע רעליגיע און אַזוי גלויביק...

— יענע וואָך האָבן זיי אויסגעשאָקלט אין וואַסער אַריין די טאַשן מיט זייערע גזשעכעס (זינד). איצט קאָנען זיי פון ס'ניי גנבענען.

— פאַרפּעסטעט אונדזער יעזיאַר. זיי פירן זיך אַזוי ווי עס וואָלט געווען זייערס.

און אין שול.

שחרית ווערט געדאַווענט רויִק. אָט זיצט דאָבריש אין דער ווייבער־שול. זי האָט אַ פרום, לייטזעליק פּנים. קוקט מיט מאַמעשער ליבשאַפט צו דער טאָכטער, שעפּט נחת פון איר שוואַנגערשאַפט, קוקט ווי זי וואָלט געהאַט אַ חלק אין דעם... שוין צוויי יאָר ווי זי האָט חתונה געהאַט און אָקערשט איז זי מעוברת.

ווייבער האָבן דערציילט, כ'האָב עס געהערט פויזשען איבערדערציילן:

זי האָט יעדן חודש דורכגענומען איר יונגע טאָכטער מיט איר בליק און דערנאָך אָנגעהויבן ציילן די טעג. אָפּגעציילט די טעג איז די מאַמע צוגע־גאַנגען צו איר, געפרעגט שטיל: הייגט?

די טאָכטער, אַ פֿאַררויטלטע, אַ פֿאַרשעמטע, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום דיל, שטיל געענטפֿערט: יאָ.

דעמאָלט איז די מאַמע אירע געגאַנגען צום בעדער געוויער ווערן צי עס וועט דעם טאָג זיין אַן אָנגעהייצטע מקווה. ווען עס איז אין דעם טאָג נישט געווען קיין באָד, האָט די מאַמע דאָבריש באַצאָלט פֿאַרן האָלץ, אַליין געהייצט דעם אויוון. געמאַכט פֿאַר דער טאָכטער דאָס באָד אַז זי זאָל נישט דאַרפֿן וואַרטן מיט טבילה.

און די טאָכטער, אַ פֿאַררויטלטע, האָט געטאָן דער מאַמעס רצון.

איצטער וועט שוין די מאַמע אין דעם זכות האָבן נחת פֿון איר. זי האָט זיך געשראָקן אַז די טאָכטער זאָל חלילה נישט בלייבן קינדערלאָז. זי האָט געבעטן צו גאָט ער זאָל טאָן חסד צו איר.

גאָט האָט אויסגעהערט איר געבעט. און איצטער מיט יעדן וואָרט פֿון די תּפֿילות זינגט זי שירה און לויבט גאָט דערפֿאַר.

נעבן חנה־גיטלען זיצן די ווייבער וואָס קענען נישט דאַווענען. זי איז זייער „זאָגערין”. די חנה־גיטל איז אַ קענערין, כאָטש זי זיצט נישט ביי דער מזרח־וואַנט. יעדעס וואָרט פֿון די תּפֿילות זאָגט זי אַרויס שאַרף און דייטלעך אַז די ווייבער זאָלן קאָנען נאָכזאָגן. די ווייבער שאָקלען פֿרום מיט די קעפּ, באַוועגן מיט די ליפּן, קלאַפּן זיך אין האַרצן.

אַממייסטן סטאַרעט זיך נאָכזאָגן גליקע־לאה. עס געלינגט איר נישט. זי צעדרייט די ווערטער. קלאַפּט זיך מיט די פֿויסטן אין האַרצן. זי זעט אויס שטאַרק אויסגעמוטשעט פֿונעם פֿאַסטן. דער יום־טובדיקער קאַפּטאַן אויפֿגעקנעפּלט. זי וויינט און רעדט צו גאָט און שלעפּט אַרויס אַ דאַרע אויסגעצויגענע ברוסט, זייגט אַן דאָס קינד וואָס שטייט דערנעבן שוין אויף זיינע פֿיסלעך. דאָס קינד זייגט, זי האַלדזט עס און קושט עס פֿון צייט צו צייט.

— טאַטעלע, צוציקל מיינס. ביסט זיס ווי האָניק! ווי ס'איז היינט דער הייליקער יום־כּיפּור אויף דער וועלט, ווי דיך ווען מיר געבן אין חדר אַריין צו לערנען דאַווענען. ווי דערלעב איך שוין זאָלסט רעדן צו מיר. מיר זאָל זיין פֿאַר דיר!

ביי „אשמנו” רוקט זיך גליקע־לאה צו צו חנה־גיטלען, באַוועגט מיט די

ליפּן, פאַרגלייזט די אויגן, קלאַפּט אין האַרצן, עס קלינגט אַזש אַפּ, האַ, האַ.

— אמנו, גרנו, הינו, אוי ווי איז צו מיר. אַ מענטש איז דאָך נישט קאַ בהיימע, מע דאַרף מורא האָבן פאַר אים. ווער ביסטו? און ווער בין איך? כ׳קום נישט צו דיינע סטאַפּעס. אָבער דו ביסט דאָך אַ גוטער, כ׳בעט דען פאַר מיר? כ׳בעט פאַר די קינדער.

אויף די טויבע הינדע זיצט נעבן דער „זאָגערין". זי דערהערט נישט די ווערטער פון דאַוונען — שאָקלט זי צו פרום מיטן קאָפּ, באַוועגט די ליפּן. די ווערטער אירע הערט מען נישט.

און הינדע, דעם קצבס ווייב, זיצט נעבן חנה־גיטלען. איך קוק אַ סך אויף איר; זי זעט אויס שיין אין די יומטובדיקע בגדים, זאָגט דייטלעך נאָך יעדעס וואָרט פון דער זאָגערין, איר פּנים דריקט אויס רויִקייט, די אויגן קוקן שטיל און גוט. זי ליאַרעמט נישט, שרייט נישט, אַלץ ביי איר איז שטיל, בכּבודיק.

איך טראַכט, אַז איר אויסזען ווייזט נישט אויף דעם אַז זי קען נישט לייענען, און קען בכלל נישט קיין צורת אות. פאַראַן אַנדערע אויף וועלכע סע וווּנדערט מיך אַז זיי קענען נישט דאַווענען — און אין שטעטל זענען זיי גאַנצע חכמות. הייסט עס, אַז מען קאָן זיין אַ חכם און נישט קענען לייענען און שרייבן?

בשעת די הפסקות אין שול גייען די ווייבער אַהיים געבן אַ קוק, ווער אויף קינדער, ווער אויף עופות און צו דער ציג.

מען קוקט אַריבער צו די טרעפּלעך ווו עס וווינען די קאָופמאַנס. דאָרטן זיצן יונגע־לייט און מיידלעך, שמועסן, שטיפן ווי עס וואָלט קיין יום־כּיפּור אויף דער וועלט נישט געווען...

די ווייבער קרעכצן, זיפצן: זינט די קאָופמאַנס האָבן זיך אַהערגעקליבן וווינען איז די פרומקייט ביי די קינדער געוואָרן אָפּגעשוואַכט. ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַפּיקורסות. עס ווערן געלייענט ביכער, צוליב זיי האָט זיך עס אָנגעהויבן די ביכער־מגיפה. נאָר די ביבליאָטעק, דאָרטן זיצט מען. מען דאַוונט נישט. און ווער ווייסט צי עס ווערט נישט געגעסן קיין טרפות?...

און די חנה־גיטל, זי איז אַ קענעריק, אַ „זאָגערין" פאַר די ווייבער אין שול. איר מאַן טראָגט אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אַ גאַנצער חסיד, אָבער זייערע

קינדער... שאַרפע קעפ, אין דער מאַמעס בויך זענען זיי שוין חכמים. קליי־נערהייט ווייזן זיי שוין אַרויס חכמה. אַוודאי, חכמים צו אַפּיקורסות, צוזאַמען מיט די קאָופּמאַנס.

מיין מאַמע הערט דאָס זיפצן פון די ווייבער, זייערע טענות. זי פאַרבייסט די ליפּן, שווייגט. עס איז אמת וואָס די ווייבער זאָגן — וואָס וועט זי שוין זאָגן?... אירע צוויי טעכטער, חיה און איך חברן זיך מיט די קאָופּמאַנס. וואָס וועט זי לייקענען, די מאַמע? אָבער זי האָט דווקא ליב ווען די קינדער פון די קאָופּמאַנס קומען אַריין אין שטוב צו איר. זיי זענען קלוג און פיין דערצויגן. איידעלע זענען אויך די עלטערן זייערע. די יוגנט האָט ליב צו גיין צו זיי אין שטוב אַריין.

די מאַמע ווייסט וויל אַז די עלטערן זענען נישט שולדיק דערין וואָס די קינדער זענען נישט פרום. הלמאי אירע טעכטער?

צו נעילה גיי איך אויך אין שול אַריין. כ'האָב ליב צו הערן יאָסקעס דאַווענען און זינגען. כ'ווער שטאַרק באַאיינדרוקט דערפון.

עס האָט זיך געענדיקט דער הייליקער טאָג.

בשעת דעם קושן זיך און די ווינטשעניש, זע איך ביי די ווייבער לייט־זעליקע און געלייטערטע בליקן. זיי זעען אויס גאָר אַנדערש, געמיטלעכער, ווי זיי וואָלטן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ שווערע משא. זיי זענען דאָך געוואָרן ריין פון זינד. ביז... אַוודאי, ווי מיין מאַמע זאָגט: — מיר זענען דאָך בלויז בשר ודמס...

כ'האָב זיך צעקושט מיט דער מאַמען, מיט פויזשען, געווינטשן אויך אַנדערע.

אין דרויסן, אין דער האַלב־פינצטערער גאַס הער איך באַקאַנטע שטי־מען. עטלעכע יונגע־לייט שטייען אין גאַס, רעדן הויך, מיט אויפרעגונג, ווייזן מיט די הענט אויף יידישע הייזער. איך גיי צו, זע שוואַרצע פרישע אויפ־שריפטן אויף די הייזער: „שלאָג, הרגע דעם ייד, דער ייד איז דיין שונא, קויף נישט ביי יידן".

— שוין באַוויזן אָנשרייבן? אַזוי פרי? זיי זענען אויפגערייצט צוליבן יידישן יום־טוב.

— מיר מעקן זיי אָפּ, און זיי פּאַטשקען ווידער. אַוועק פון דאַנען, אַוועק קיין ארץ־ישׂראל דאַרף מען!

— איך טראַכט אויך וועגן ארץ־ישׂראל — האָב איך צוגעגעבן.

די בחורים האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו גיין ביי נאַכט אָפּמעקן די אויפֿ־שריפֿטן פון די ייִדישע הייזער און קראָמען. מיר האָבן נאָך געשמועסט.

כ׳האָב זיך דערמאָנט מען דאַרף איילן אַהיים, איבערבייסן נאָכן „תענית״. יאָ, נאָכן כּלומרשטן תענית. כ׳פלעג פאַסטן, אָבער זייט פאַראַיאָרן... ס׳איז אַ האַלבער תענית. עפּעס געגעסן בגניבה.

ווען כ׳בין אַריין אין שטוב איז שוין געווען דער טיש געגרייט, אַלעמענס בליקן אויף מיר, אַלע מיט ערנסטע פּנימער.

— ווו ביסטו? ביסט גאָרנישט הונגעריק? — האָט מיך די מאַמע אָנ־געקוקט.

— אַוודאי בין איך הונגעריק, — האָב איך אַראָפּגעכאַפּט אַ שטיק קוכן פון טעלער.

— און אַ ברכה?

— ביז צום קוויטל היט זיך. — האָט בייניש מיר געזאָגט שטיל מיט אַ שמייכל.

אַ רויִקע און פייערלעכע שטימונג אין שטוב. טאַטע־מאַמעס פּנימער אויסגעלייטערט. כ׳קוק אויף זיי, אויף מיינע ברידער, אויף חיהן.

אין גאַס האָב איך גערעדט וועגן אַוועק, אַלעמען איבערלאָזן. יאָ, עס איז מיין הייסער באַגער תּמיד, כ׳וויל אַוועק פון דאַנען, אין אַ גרויסער שטאָט אַריין. דאָך האָב איך איצטער דערפילט אַז עס בינדן מיך מיט טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער האַרציקע געפילן. פאַראַן אויך געפילן צו דער שטוב.

כ׳בין געוווינט צו הערן יעדן טאָג די מאַמעס זיפצן, זען די טיכלעך אויף קעפּ פון ייִדישע פרויען און גויעס.

אין קאָנין, ווו קיינער קען מיך נישט, עטעם איך פריי, כ׳פיל זיך פריי, כ׳פיל זיך גוט. דערנאָך וויל איך צוריקפאָרן אַהיים. כ׳מוז צוריקפאָרן. עס איז נישט מיינס, כ׳בין דאָרטן אַ פרעמדע פאַר יעדן.

אַוועק. יאָ, אָבער קיין ארץ־ישׂראל. טראָץ אַלעם — איז דאָרטן אונדזער היים.

מיט די טראַכטעניש האָט זיך ביי מיר אויסגעוועפּט די שטימונג פון שול.

*

פאַר שׂמחת תורה קאָכט זיך ביי אונדז אין שטוב.

דער טאַטע איז דער גבאי פון דער חברה־קדישא און שׂמחת־תורה איז זייער יום־טוב, וועלכער ווערט געפּראַוועט ביי אונדז אין שטוב. אין סאַלע ווערט אַרויסגערוקט דער גרויסער טיש, צוגעשטעלט נאָך אַ טיש. די מאַמע באַקט גרויסע פאַנען האָניק־לעקעך, חלות. דער טאַטע קויפט עפּל, הערינג, וועלשענע ניס, ביר.

ווי שוואַך די מאַמע פילט זיך — גרייט זי אַלץ צו צום יום־טוב באהבה. איר האָניק־לעקעך האָט אַ שם אין גאַנצן שטעטל. בכלל האָט די מאַמעס קאָכן און באַקן אַ גוטן שם.

שׂמחת־תורה איז פריילעך ביי אונדז. ס'איז ששׂון ושׂמחה!

דער עולם קומט אַריין צום קידוש פון שול, און אויך פאַר נאַכט. אין שלאָפצימער שטייט אַ פעסל ביר מיט אַ קראַן. דער טיש באַשטעלט מיט כיבוד. דער טאַטע דערלאַנגט ביר און דערלייגט כסדר צום כיבוד אין די טעלער.

מען עסט הערינג מיט די הענט, כאַטש פאַראַן שפּיזלעך דערצו אויפן טיש. די הענט ווערן אָפּגעווישט אין טישטעך פון טיש. מען קנאַקט ניס.

ווען דער רב האַלט אַ דרשה פאַרן עולם שטעלט זיך די מאַמע הינטער דער טיר אין שלאָפצימער. דורכן פאַרהענגל אויף די שויבן זעט זי אַלץ אין סאַלע. מיט אַן אָנגעשטרענגט פּנים און אויפגעריסענע אויגן האָרכט זי זיך איין אין דער דרשה.

פון טרינקען אַ סך ביר ווערט מען אויך אַ ביסעלע שיכור. אַממיינסטן לאָזט זיך הערן מאיר־לייב. ער טרינקט אַ סך ביר, טרינקט מיט אַ קרעכץ, דערנאָך טאַנצט ער, זינגט, שפּרינגט, כאַפּט אַנדערע צום טאַנצן, רופט אויס מיט לויב־ווערטער און ווינטשעניש פאַר דער מאַמע. ער רופט:

רחל בת מאיר הכהן זאָל לעבן און געזונט זיין! די צדיקת רחל בת מאיר הכהן, צו איר לעקעך נישטאָ קיין גלייכן. געזונט זאָל זי זיין! רחל! ווו איז רחל די צדיקת? די טייערע, טייערע רחל!

די מאַמע שמייכלט גוטמוטיק. דאָס פּנים פלאַמט ביי איר. די אויגן

זענען פּיכט. יעדעס מאָל ווען מאיר־לייב רופט אויס איר נאָמען מיט שבחים, צעפּינקלען זיך ביי איר די אויגן.

זי דערזעט מיך שטיין דערנעבן און קוקן פּונקט ווי זי דורכן פֿאַרהענגל אַריין אין סאַלע. זי מאַכט אַ באַוועגונג מיטן קאָפּ כ׳זאָל אַוועקגיין. מיט איר קאָפּ־באַוועג און קנייטשן מיטן שטערן זאָגט זי מיר: דו קוקסט אויך אַריין, דו אַפּיקורסטע ?...

מאיר־לייב כאַפּט אַרום אברהם קליין, שלעפּט אים טאַנצן. זיי האָפּקען. דער רב קוקט זיך צו גוטמוטיק, מיט האַלב־פֿאַרזשמורעטע אויגן. שאָקלט זיך פֿרום.

נאָך סוכּות.

מען גרייט זיך אין שטוב צום אָנקומענדיקן ווינטער מיטן אַוועקהענגען אין אַ זייט פֿון שאַנק די זומערדיקע מלבושים און אַרויסנעמען די ווינ־טערדיקע.

ווידער אַן אָשיען, מיט אַן אָשיענדיקע שטימונג.

יעדעס יאָר אין דער צייט ווער איך עלטער מיט אַ יאָר. דאָס מאָל פֿיל איך זיך אַ סך עלטער, און ווי די צייט וואָלט ביי מיר געוואָרן צעטרענצלט מיט בלויז קליניקייטן. אַ קליינלעכע איבערלעבונג, אויך אַ „מציאה״ ביי מיר.

דעם פֿרייטיק צו־נאַכט נאָכן עסן בין איך אַרויס אין דרויסן, געשטאַנען נעבן דער פֿורטקע פֿון טויער. עס זענען צוגעקומען עטלעכע יינגלעך מיט פּערלען מיך פֿאַרבעטן אַריינגיין צום שכן אין שענק טרינקען אַ לימאָנאַד.

נישט דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר טרינקען צוזאַמען לימאָנאַד ביים שענקער. ס׳איז שוין קאַלט אין דרויסן, אָבער אַ לימאָנאַד, מילא, מען קאָן טרינקען.

יעדער פֿון אונדז האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז לימאָנאַד. מיר זענען געבליבן זיצן ביים טישל, געשמועסט לעבהאַפֿט, געלאַכט.

ראַפּטשע האָט מיך געפֿרעגט צי כ׳וויל נאָך טרינקען. כ׳האָב געזאָגט: ניין.

— טרינק, טרינק, כ׳וועל דיר אַהערברענגען.

ער איז צוגעלאָפֿן צום שענקער ביים בופֿעט, געבעטן נאָך לימאָנאַד. כ׳האָב באַמערקט ווי ער שושקעט עפּעס צום שענקער. באַלד האָב איך געזען

ווי דער שענקער נעמט אַראָפּ אַ פלאַש קאָניאַק פון דער פּאָליצע, גיסט אַריין עטלעכע גלעזלעך אין גלאָז און מישט צו לימאָנאַד.

ווען ראַפּטשע האָט מיר געברענגט די „לימאָנאַדע" האָב איך זיך געוואָנדן צו אים:

— ווילסט מיך זען אַ שיכּורע? גוט. אָבער נישט אַזוי. ברענג אַהער אַ פלאַש קאָניאַק, אָבער נישט בגניבה.

ער האָט מיך טאַקע געפאָלגט. אַ פלאַש קאָניאַק מיט עטלעכע גלעזלעך. נאָכן אויסטרינקען עטלעכע גלעזלעך, געפרעגט:

— ווי אַזוי פילט מען זיך? שיכּור? דאַכט זיך, נאָך נישט. — כ'האָב ווייטער געטרונקען. כ'האָב אָפּגעציילט, שוין געטרונקען צוועלף גלעזלעך. כ'האָב טאַקע געפילט עפּעס, דערפילט אַז כ'מוז שוין זיין שיכּור. כ'האָב זיך אויפגעשטעלט, געזאָגט צו ראַפּטשען:

— דו האָסט מיך געוואָלט זען שיכּור. כ'בין שוין שיכּור. קוק מיך אָן. אַ גוטע נאַכט אייך אַלעמען. אַ דאַנק!

כ'בין גיך אַרויס. אַריין אין טויער, פאַרקלאַפּט דאָס טירל, אַריין אין שלאָפצימער. חיה איז שוין געשלאָפן. כ'האָב זיך געלייגט אין בעט אַריין, אויפגעוועקט חיהן און מיט אַ הילכיק געלעכטער איר דערציילט וואָס כ'האָב אָפּגעטאָן. כ'האָב אַ סך געלאַכט, מסתּמא פון שיכּרות. חיה, אַ פאַרשלאָפענע, האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. איך בין אויך טיף איינגעשלאָפן.

צו מאָרגנס, שבת, כ'האָב זיך געפילט מאָדנע מיד און דורשטיק. מסתּמא אַזאַ געפיל נאָכן אָנשיכּורן זיך. כ'האָב זיך באַמיט צו באַהערשן, צוגערוימט די וווינונג — ווי תּמיד נאָכן אַוועקגיין פון טאַטע־מאַמע און ברידער אין שול אַריין.

ביינייש איז אַהיימגעקומען פון שול, צו צו מיר, מיך שאַרף אָנגעקוקט.

— אין פּאָליש היינט געווען לוסטיק און פריילעך. אַ גאַנצע אויפרודערונג. מ'האָט געשמועסט, אַז אַ מיידל דריי מאָל „פּשש" האָט זיך נעכטן ביי נאַכט אָנגעשיכּורט מיט יונגען.

כ'האָב זיך דערשראָקן. די עלטערן קאָנען עס געוויער ווערן. ביינייש וועט זיי נישט דערציילן? כ'האָב זיך באַהערשט, אים געענטפערט:

— ווייל כ'בין דיין שוועסטער מיינסטו אַז איך מוז עס זיין די דריי מאָל פּשש. פאַראַן אַנדערע מיידלעך וועלכע זענען פּשש...

ער האָט אַן אָנגעכמורעטער געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— מען ווייסט שוין... איך קען דיך...

ער האָט אין דער היים נישט דערציילט.

ווען כ'בין אַרויס אין גאַס שפּאַצירן האָבן די פאַרבייגייענדיקע יינגלעך און מיידלעך געקוקט אויף מיר מיט פאַרגנבעטע בליקן, זיך געשושקעט. איינער פון די יונגע־לייט איז צוגעקומען צו מיר, איבערגעטריבן העפלעך מיך באַגריסט, מיר געזאָגט דערביי איראָניש:

— דו זעסט היינט אויס ווי צומאָרגנס...

געוועז קנאה אין זיין אויפפירונג, ווייל אָט דאָס יינגל זוכט שטאַרק מיין געזעלשאַפט.

פערל האָט מיר דערציילט, אַז נאָך מיין אַרויסגיין פון שענק זענען די איבעריקע אויך אַרויס שיכּורע, געשריגן אין גאַס, מיך גערופן.

און עס איז דורך בשלום. מיינע עלטערן ווייסן נישט דערפון.

## קאַפּיטל נײַנצן

אַוועק אַ צייט פון נישט־שרייבן און פון שרייבן און דאָס געשריבענע צערייסן.

פאַראַן שטימונגען, פאַראַן זאַכן וועלכע עס ווילט זיך זיי נישט פאַר־שרייבן.

און ווידער וועקט זיך דער חשק צו פאַרשרייבן געוויסע זאַכן. — און אָט איז עס:

אין אַ טאָג האָבן צוויי יונגע־לייט אַריינגעבראַכט צו אונדז אַ פּושקע פון קרן קיימת. די ברידער, חיה און איך האָבן דערין אַריינגעלייגט געלט. נאָך אַ צייט זענען זיי געקומען צו אונדז צוזאַמען מיט אַ פרעמדן יונגנמאַן אויס־ליידיקן די פּושקע.

ווען זיי האָבן זי אויסגעליידיקט און געציילט דאָס געלט האָט דער טאַטע געקוקט אויף זיי קרום, אַפילו מיט כעס.

די יונגע־לייט האָבן עס באַמערקט. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אַ ווונק... דער טאַטע האָט נישט אויסגעהאַלטן, געזאָגט:

— די ציצעליסטן מיט די ציוניסטן, זיי וועלן ברענגען משיחן...

— נישט די סאָציאַליסטן, די ציוניסטן ווילן ארץ־ישראל — האָט אים די מאַמע אויסגעבעסערט.

— אָפּצוטאָן שמד־שטיק אין הייליקן לאַנד...

— שמד־שטיק... מ׳זאָגט... און דאָך, הלוואי וואָלט איך נאָך דערלעבט זען מיט מיינע אויגן ארץ־ישראל, טרעטן אויף דער הייליקער ערד, — האָט די מאַמע געזיפצט.

די בחורים האָבן פּאַטאַקעוועט מיט די קעפּ, געשמייכלט און אַרויס.

דער טאַטע האָט זיי נאָכגעקוקט אַנגעברוגזט.

— זיי קערן זיך אָפּ פון ייִדישקייט. גיב זיי נאָר געלט... כ׳וועל דאַרפן געלט, צוויי מיידן אין שטוב... — און צו מיר האָט ער זיך געוואָנדן:

— זיך אויסגעשטראָנצלט, וואָס, גייסט שוין אין בוולטעק אַריין? זיך אויסגעפּוצט ווי צו גיין אין שול אַריין, ניין, להבדיל! ווי להבדיל אין קירך אַריין.

די מאַמע האָט מיך אָנגעקוקט, מיך באַטראַכט, געזיפצט.

און איך האָב זיך טאַקע אַ ביסעלע „אויסגעפּוצט" אין אַן אַנדער קלייד. ווען כ׳האָב געהערט אַז ס׳איז געקומען אַ פרעמדער יונגער מאַן אויסליידיקן די פּושקעס — האָב איך געהאַט בדעה אים פרעגן ווי אַזוי זיך אָנהייבן באַמיִען צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע. ביי אונדז אין שטוב נישט געוואָלט פרעגן. כ׳בין אייליק אַרויס, גערופן דעם בחור.

כ׳האָב באַוויזן עס געוויער ווערן און זיך פאַרנעמען דערמיט.

צו דער בקשה צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט דאַרף מען אויספילן אַ פרעג־בויגן וועלכער דאַרף האָבן אַן אונטערשריפט פון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין שלעשין איז נישט פאַראַן אַזאַ אָרגאַניזאַציע. אין קליינעם שטעטעלע באַביאַק — יאָ.

איך באָרג אויס ביכער פון דער ביבליאָטעק אין באַביאַק. זיי שיקן מיר צו די ביכער. און אויף מיין בקשה האָב איך באַקומען פון דאָרטן אַ פרעג־בויגן. נאָכן אויספילן אים האָב איך באַקומען די אונטערשריפט פון דער

אָרגאַניזאַציע. כ׳האָב עס אַוועקגעשיקט צום עליה־אַמט אין וואַרשע.

נאָך אַ צייט וואַרטן אויף אַ תשובה האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג אָפּצוגעבן עקזאַמען אין וואַרשע.

די רייזע קיין וואַרשע איז אַ לאַנגע. כ׳האָב געגעכטיקט אין לענטשיץ ביי מיין קוזין מולעס כּלה — מאַניע. מיר האָבן זיך באַפריינדעט ווען זי איז געווען צו גאַסט ביים חתן אין שלעשין.

פאַרברענגענדיק אַן אָוונט מיט מאַניען און מיט איר משפחה — האָט מיר ווי געטאָן מיין האַרץ, באַקומען רחמנות אויף מאַניען אַז זי איז די כּלה פון מולען. מולע — פאַרצויגן פון שמואל־יוסף.

אַ געלערנטע; אַן אינטעליגענט און איידל מיידל — מולעס כּלה... מולע ווי אַ פויער אַ פשוטער, אפשר קאָן ער זיך אונטערשרייבן אויסער זיין קענען דאַוונען. דאַוונען מוזן דאָך אַלע קענען. אַלע יִדישע קינדער לערנען אין חדר.

אַזאַ מאָדע, אומוויסנדיקע יונגע־לייט זוכן זיך דווקא געלערנטע כּלות, און אויך מיט נדן. דער בחור דאַרף בלויז האָבן אַ שם אַלס סוחר — גענוגט עס. און אפשר איז שוין מאַניע אַלט ביי אַכט און צוואַנציק יאָר. דאָס קאָן אויך זיין אַ סיבה צו ווערן אַ כּלה פאַר מולען.

ער איז שוין געווען אַ חתן, מולע, אָבער ער האָט אָפּגעלאָזט דעם שידוך, ווייל דער פעטער מענדל איז געוויר געוואָרן אַז די כּלהס אַ ווייטע קוזינע האָט זיך געשמדט. דער פעטער איז שטאַרק מקפיד אויף יִחוס. ביי די שידוכים מיט זיינע קינדער פרעגט ער צו ערשט דעם שדכן וועגן יִחוס.

פון דעסטוועגן... איז זיין איידעם נח, רחלס מאַן — נישט קיין יִחוס.

דעם עקזאַמען אין עליה־אַמט געדענק איך ווי אין אַ חלום, פאַרנעפּלט. געווען בין איך דורכגענומען מיט אַ נישט־זיכערקייט. מען האָט מיר פריִער געהאַט געזאָגט אַז עס איז נישט לייכט. אָבער מאָדנע... בשעתן עקזאַמען זענען מיינע תשובות אַרויס מיט אַ מין זיכערקייט — כ׳וויל, כ׳מוז עס דער־גרייכן! פאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

אַרום טיש זענען געזעסן מענער און פרויען. מען האָט מיר געשטעלט פראַגן וועגן קיבוצים, קבוצות, מושבים. כ׳האָב געוווּסט צו ענטפערן דערויף, געלייענט פריִער דערוועגן. אַ פרוי האָט מיך געפרעגט, פאַר וואָס כ׳וויל

פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. דערויף האָב איך פּשוט געענטפערט, אַזוי ווי כ׳האָב געפילט:

— כ׳וויל נישט זיין אין גלות ביי די גויים, נאָר אין מיין לאַנד, אין ארץ־ישׂראל. דאָרט איז דאָס יידישע היימלאַנד, עס געהערט אונדז. איך וועל פאָרן מיט געפילן פון ליבשאַפט צו דער ערד.

מיינע ענטפערס זענען זיי געפעלן. איינע פון די פרויען האָט אויסגערופן:

— דאָס איז אַ מיידל!

מען האָט מיך געפרעגט ביי וואָס כ׳וויל אַרבעטן. כ׳האָב געענטפערט אַז אויב מען וועט מיך אָננעמען אין אַ קיבוץ וועל איך אַהין אַריין, אויב נישט — אַוודאי, וועל איך אַרבעטן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך באַקומען אַ בריוו מיט אַ באַשטע־טיקונג אויף אַ סערטיפיקאַט. כ׳האָב באַקומען אַ סערטיפיקאַט!

כ׳בין געפאָרן קיין קאָבנע אין אַ ספּעציעלן אַמט וועגן אַ פּאַספּאָרט. דאָרט האָב איך באַקומען אַ תשובה אַז כ׳דאַרף דערויף אַ דערלויבעניש פון מיינע עלטערן, מיט זייער אונטערשריפט — באַשטעטיקט דורך דעם מאַגיסטראַט פון מיין שטעטל. אָן דעם קאָן איך קיין פּאַספּאָרט נישט באַקומען ווייל כ׳בין מינדעריעריק.

ווען כ׳האָב עס דערציילט אין דער היים האָבן זיי זיך געפּאַטשט אין בויך פאַר פרייד. אָפּגעזאָגט מיר געבן אַ דערלויבעניש.

נאָך עטלעכע טעג האָט מיר בייניש צוגעשטעלט אַ בריוו פון באַקאַנטע אין וועלכן זיי שרייבן פון ארץ־ישׂראל אַז אויב איך וויל נישט ווערן אַ זונה זאָל איך נישט פאָרן, ווייל נישט האָבנדיק קיין מיטלען צו לעבן ווערן פרויען פּראָסטיטוטקעס.

וואָס ס׳האָט מיר צו מערסטן וויי געטאָן איז דער פּאַסוס אין יענעם בריוו: „פּאַלעסטינע איז די אַראַבערס און די ענגלענדערס, מיר זענען דאָרט בלויז שקלאַפן!״

ווי וואַגט מען אַזעלכעס צו שרייבן?! ארץ־ישׂראל געהערט נישט צו יידן? ווי אַזוי? זייט איך געדענק הער איך ביי אונדז אין שטוב רעדן מיט בענקשאַפט וועגן ארץ־ישׂראל און אַז עס איז אונדזער לאַנד! און אויך אין די הייליקע ספרים איז עס באַשריבן.

אַפילו די גויִים ווייסן עס און שיקן אונדז כּסדר אַהין — נאָך פּאַ־לעסטינע.

ווען בייניש האָט געלייענט דעם בריוו האָבן אַלע אין שטוב געוויינט.

אויסער מיין כּעס און ווייטיק אויפן בריוו — בין איך געוואָרן דער־שיטערט.

בייניש איז צוגעשפּרינגען צו מיר, אויסגערופן מיט כּעס:

— אויב נאָך דעם בריוו ווילסטו פאָרן איז פאַר אונדז קלאָר אַז דו ווילסט ווערן אַ פּראָסטיטוטקע. בעסער שפּרינג אַריין אין יעזיאָר, מיר זאָלן פון דיר נישט האָבן די בושה!

געוועזן צו פיל פאַר מיר. עס האָט זיך ביי מיר פאַרדרייט דער קאָפּ. כ׳האָב געפילט, אַז כ׳וועל עס איבערקרענקען. פאָרן! עס קאָן נישט זיין אַנדערש! כ׳וויל נישט לעבן אין אַזאַ צושטאַנד, בעסער שטאַרבן!

מיין שטימונג איז געווען אַ פאַרצווייפלטע.

ווי תּמיד אין אַזאַ צושטאַנד ווענד איך די אויגן צום הימל, כ׳ווייס נישט פאַר וואָס, אַזאַ געוווינהייט ביי מיר.

דורכן פענצטער האָב איך אַרויסגעקוקט צום הימל. די זון האָט מיר אַ בלענד געטאָן אין די אויגן — די זון! דערפילט אַ דערלייכטערונג. די זון, נאָכן באַהאַלטן זיך צווישן די כמאַרעס האָט זי מיר אַריינגעשיינט אין די אויגן מיט ליכט און וואַרעמקייט.

עס איז מיר אָנגעקומען אַ געוויין. ווען כ׳האָב אויפגעהערט וויינען, אַרויס אין גאַס, איז מיר ווידער אָנגעקומען אַ געוויין. מ׳האָט געקוקט אויף מיר אין גאַס. צוויי טעג האָט אָנגעהאַלטן דאָס וויינען.

ביי נאַכט האָט זיך מיר געחלומט אַז איך דעקלאַמיר אַדאַם אַסניקס אַפאָריזמען. כ׳בין אויפגעקומען פון שלאָף מיט זיי. פאַראַן טעג ווי די ווערטער לעבן אין מיר, חזרן זיך כּסדר איבער, בעיקר די פאָלגנדיקע:

„טו אַזוי אַז צו יעדער צייט
זאָלסטו קאָנען זאָגן
כ׳האָב געטאָן דאָס מייניקע״.

„שווימט דאָס וואַסער איבער שטיינער
אין דער טיף פליסט עס שטיל
אורטייל נישט מענטשן לויט זייערע פאַרלאַנגען
נאָר דעם אמת דערקען אין טוונגען".

דאָס ערשטע קומט מיר תּמיד אין געדאַנק ווען מען באַשולדיקט מיך אומזיסט אין אַן אומרעכט.

גלייכצייטיק מיט אַסניקס אַפּאַריזמען איז ביי מיר געבוירן געוואָרן אַ באַשלוס:

אַזוי ווי מען סטראַשעט מיך אַז עס דערוואַרט מיך אַ שרעקלעכער מצב, כ'וועל האָבן שוועריקייטן אין ארץ־ישׂראל, כ'וועל מיר מוזן זוכן אַרבעט זיך אויסצוהאַלטן, האָב איך באַשלאָסן זיך אויספּרווון.

כ'וועל אַוועק פון דער היים, זיך זוכן אַרבעט, ווערן אַ דינסטמיידל — אין דער היים זאָגט מען מיר אַז אין ארץ־ישׂראל וועל איך עס זיין.

זאָל זיין אַ דינסט. כ'וועל זיך באַמיִען אויספילן באַפעלן פון באַלעבאַטים. כ'וועל דערביי באַקומען אַ באַגריף ווי ווייט כ'קאָן זיין אויסגעהאַלטן אין מיין באַשלוס. צי כ'קאָן באמת אויספילן מיינע „פאַרזוועלעכצן". עס וועט זיין אַ לערע פאַר מיר, דערביי פילן וואָס עס פילט אַ דינסטמיידל.

און אפשר וועט זיך דערפון איינברעכן מיין עקשנות, כ'וועל ווערן גע־האָרכזאַם צו מיינע עלטערן, אויספירן באַפעלן — וואָס ס'איז מיר שווער צו טאָן. איך לייד נישט ווען מען באַפעלט מיר. אויסער דעם לאָקט די „אַוואַנ־טורקע".

כ'האָב מיין באַשלוס דערציילט חיהן. זי האָט מיך אויסגעלאַכט, עס אָנגערופן אַ גרויסע פאַנטאַזיע, אָבער כ'וועל עס טאָן, כ'וועל ביי קיינעם קיין דערלויבעניש אויף דעם נישט בעטן!

אַ דערלויבעניש פון די עלטערן צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע וועל איך נישט באַקומען סיי ווי. צו ווערן פּוליעריק דאַרף איך וואַרטן. האָב איך צייט זיך אויסצופּרווון.

מען זאָגט מיר, אַז בלויז אין דער היים פיל איך זיך שטאַרק און מיין אַז כ'וועל מיר אַן עצה געבן. איך לייקן עס. אָבער בעסער קאָנען פאַרשווייגן

זייערע רייד מיט אינערלעכער זיכערקייט און רו, מיט דערפאַרונג אַז כ׳בין שטאַרק. דאַמאָלס וועל איך ווייניקער ליידן. עס וועט זיין אַ פאַנצער קעגן די שווער־יקייטן וואָס דערוואַרטן מיך.

זיך אַליין דאַרף איך איבערצייגן מער ווי אַנדערע און דערמיט זיך באַרויקן. כ׳וועל אַוועק פון שטוב שוין די קומענדיקע וואָך, אַוועק ערגעץ ווו קיינער קען מיך נישט. כ׳וועל פאָרן אין אַ שטאָט איבער דער ווייסל. דאָס „שמעקט״ מיט עפּעס וואָס עס געפעלט מיר.

## קאַפּיטל צוואַנציק

פאַרפאַקט אַ ביסעלע וועש, אַ פּשוט קליידל, באַהאַלטן עס אין הויף הינטער אַ קאַסטן.

ווען דער אויטאָבוס וואָס פאָרט קיין סאָמפּאָלנאַ איז אָנגעקומען — דער איינציקער אויטאָבוס אין שלעשין וועלכער נעמט פּאַסאַזשירן פון סאָמפּאָלנאַ ביז קאָנין און צוריק — האָב איך דורכן פענצטער אַריינגעשריִען צו דער מאַמע:

— מאַמע, בלייב געזונט. איך פאָר אַוועק! — און בין אַוועקגעפאָרן.

וווּהין? זאָל זיין קיין פּלאַצק. כ׳בין דאָרט קיין מאָל נישט געווען. קיינער קען מיך נישט דאָרט.

די רייזע מיטן סטאַטיק אויף דער ווייסל איז פּרעכטיק. די נאַטור ביי די ווייסל־ברעגן איז שיין און מאָלעריש. כ׳האָב זיך געקוויקט מיט דער שיינקייט און גלייכצייטיק געווען אומגעדולדיק. אויף דעם סטאַטיק אין וולאָצלאַוועק איז אַריין אַן אָרעם געקליידעטע מיטליעריקע פרוי מיט אַ ליידיקן קאָרב פון פּוטער וואָס זי האָט פאַרקויפט אין שטאָט. ווען זי איז אַרויף אויפן סטאַטיק האָט זי געווישט דעם שוויס פון פּנים און האַלדז, געקרעכצט און געזיפצט פון דער היץ, געסאָפּעט.

כ׳האָב זי אָנגעקוקט. אַ פּשוט מיד פּנים. זעט נישט אויס צו זיין אַ גבירטע. כ׳האָב געטראַכט אפשר איז זי פון פּלאָצק און ווייסט וועגן אַ „פּאָסטן״ פאַר אַ דינסט?

ווען זי האָט נישט אויפגעהערט זיך ווישן כסדר דעם שווייס — האָב איך זי צוגערופן זי זאָל זיך זעצן נעבן מיר. דאָ נעבן מיר איז קילער, עס קומען נישט צו די זון־שטראַלן. זי האָט מיך געפאָלגט. כ׳האָב אָנגעבונדן אַ שמועס מיט איר, זיך דערוווסט, אַז זי איז פון דאָבזשין. כ׳האָב איר געזאָגט אַז כ׳בין פון קאַליש. אַז כ׳זוך אַרבעט. אפשר וואָלט איך אין איר שטעטל באַקומען. כ׳בין גרייט אָננעמען אַרבעט אַלס דינסט.

זי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרשנדיק, מיר געזאָגט, אַז כ׳וואָלט אויך געקאָנט זיין אַ פאַרקויפערין. אין וולאָצלאַוועק ווייסט זי וועגן אַזאַ פּלאַץ אין אַ בעקעריי. די בעקערין איז אַן איידעלע פרוי און ביי איר וואָלט מיר גוט געווען.

— ניין, האָב איך געטראַכט — עס איז נישט לויט מיין פּלאַן. צו לייכט און צו גלאַטיק. אויסער דעם האָב איך קרובים אין וולאָצלאַוועק. כ׳האָב איר אָפּגעזאָגט.

די פרוי האָט באַדויערט פאַר וואָס כ׳האָב נישט אויסגעקויפט אַ בילעט ביז איר שטעטל דאָבזשין. דאָרט וואָלט זי מיר געשאַפן אַ גוטן פּלאַץ צו אַרבעטן.

כ׳האָב געקוקט אויף דער פרוי, אויף איר צעקנייטשט פּנים. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעשיינט אויפריכטיקייט. כ׳האָב געטראַכט: וואָס באַשליסן? מיר איז געווען אַ שאָד די אַנדערהאַלבן זלאָטעס וואָס דער רייזע־בילעט קיין פּלאָצק קאָסט טייערער. אָבער מיך האָבן די פרויס ווערטער באַווירקט צו פאָרן ווייטער. פּלאָצק איז אַ גרויסע שטאָט, דאָרט וועט זיין לייכט צו באַקומען אַרבעט.

זי האָט מיך געפרעגט וואָס עס האָט מיך באַוויגן צו קומען פון קאַליש זוכן אַרבעט אַזש קיין פּלאָצק.

און טאַקע איז עס געווען נאַריש צו זאָגן אַז כ׳בין פון קאַליש. ס׳איז דאָך אַ גרויסע שטאָט, מסתמא איז דאָרט פאַראַן אַרבעט...

האָב איך דערציילט איר מיין „היסטאָריע״ פאַרטראַכט בליצאַרטיק:

כ׳בין דערצויגן ביי אַ באָבען וועלכע איז געשטאָרבן מיט צוויי וואָכן צוריק. כ׳פיל זיך אַ יתומה נאָך איר טויט. מיינע עלטערן זענען מיר פרעמד, מיין טאַטע איז אַן אָרעמער בלעכער, פאַראַן פינף עלטערע פון מיר שוועס־

טער. ווען כ׳בין נאָך דער באָבעס טויט אַהיים צו די עלטערן, האָבן זיי מיך אויפגענומען נישט גערן. די מאַמע, אַ פאַרביטערטע פון אָרעמקייט און פון קריגערייען צווישן די שוועסטער — האָט מיך אויפגענומען מיט אַ מאָדנע קאַלטקייט. כ׳בין אָפּגעפרעמדט פון זיי. כ׳האָב זיך דערפילט ווי אַ פינפט־ראָד אין וואָגן. דערפאַר האָב איך באַשלאָסן אַוועק ווייט, זוכן אַרבעט, נישט זיין אין קאַליש.

בשעת מיין דערציילן האָט די פרוי געזיפצט מיט מיטגעפיל. מיך געפרעגט, צי מיין משפחה איז אַ פראָסטע און צי איך קען לייענען.

— יאָ, יאָ. מיין משפחה איז אַ פראָסטע, גאָר אַ פראָסטע און קוים אַ ביסעלע קאָן איך לייענען.

די פרוי האָט מיר געזאָגט, אַז אויב כ׳וועל נישט באַקומען קיין אַרבעט אין פּלאַצק ווי עס וועט מיר געפעלן, — כאָטש זי גלייבט אַז כ׳וועל יאָ באַקומען, ס׳איז אַ גרויסע שטאָט — זאָל איך קומען צו איר. מיר געזאָגט איר נאָמען און אַדרעס.

אין פּלאָצק בין איך אַראָפּ פון סטאַטיק דורך אַ סך טרעפּ. נישט געוווסט וווהין גיין. כ׳בין געגאַנגען, סתם. אין אַ סקווער אויף אַ באַנק זענען געזעסן צוויי עלטערע פרויען. אָרעם אָנגעטאָן. געהאַלטן ביי פאַרבייגיין, דאָך האָב איך זיך פאַר זיי אָפּגעשטעלט, געפרעגט, צי זיי ווייסן נישט אַן אַרבעטס־פּלאַץ פאַר אַ דינסטמיידל.

איינע פון זיי האָט מיך געפרעגט, צי כ׳קאָן וואַשן וועש. כ׳האָב זיך נישט אונטערגענומען, נישט געוווינט דערצו. ביי אונדז אין דער היים וואַשט תמיד אַ וועשין.

ביים אַוועקגיין האָט מיך די פרוי צוריקגערופן. זי וועט מיך פירן אויף אַ פּלאַץ ווו מען דאַרף אַ דינסט. כ׳בין געגאַנגען, געגאַנגען ווי אין חלום. געהערט, ווי אָפּשטעלנדיק זיך אויפן וועג מיט אַ פרוי האָט זי געוויזן אויף מיר, געזאָגט שטיל, אַז די ערלעכקייט קוקט מיר פון די אויגן. און ווייל כ׳בין אַ פרעמדע וועל איך נישט זיין קיין אַרומלויפערקע. צו מיר האָט אויך די פרוי גערעדט, געלויבט דעם אַרבעטס־פּלאַץ וואָהין זי פירט מיך.

דורך אַ סך טרעפּן, אויפן דריטן שטאָק — בין איך מיט דער פרוי אַריין אין אַ וווינונג.

די באַלעבאָסטע איז אַרויס פון קיך, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול. אויף איר דיקלעך קיילעכדיק פּנים אַ מינע פון אַ הערשערין. זי האָט מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, איין מאָל, נאָך אַ מאָל. מיך געפרעגט:

— פון וואַנען ביסטו?

עס איז מיר נישט געפעלן דער אופן פון פרעגן. כ׳האָב זיך באַהערשט. כ׳דאַרף איר איידל ענטפערן, מיט דרך־ארץ צו איר. זי דאַרף ווערן מיין באַלעבאָסטע. און עס הייבט זיך ריכטיק אָן. כ׳דאַרף אויספילן באַפעלן.

זאָגן דעם אמת פון וואַנען כ׳בין? אפשר וועט זי פאָדערן אַ דאָקומענט... ניין, כ׳דאַרף נישט זאָגן דעם אמת. כ׳האָב איר געזאָגט אַז כ׳בין פון קאָבין.

— וואָס קענסטו אַרבעטן?

— כ׳וועל טוען אַלץ וואָס איר וועט פון מיר פאַרלאַנגען, כ׳בעט מיר נאָר פריַער ווייזן וואָס צו טאָן.

— און וואַשן וועש קענסטו?

— כ׳האָב נאָך נישט געוואַשן.

— צו ביסלעך וועסטו וואַשן, — האָט זי געזאָגט. איך בין מסכּים געווען.

די פרוי וועלכע האָט מיך אַהערגעפירט האָט מיך אָנגעלויבט אַז כ׳זע אויס אָרנטלעך.

עס האָט מיך געוווּנדערט, ווייל ווען כ׳קוק מיך אָן אין שפּיגל זע איך עס נישט. און וויפל ליגנס האָב איך שוין געזאָגט אין דעם טאָג...

כ׳האָב באַדאַנקט דער פרוי. זי איז אַוועק.

די באַלעבאָסטע האָט מיך געפרעגט אַ פּרייז. כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן דערויף. האָט זי געזאָגט, אַז נאָכן זיין ביי איר עטלעכע טעג וועט זי אָפּשאַצן וויפל מיר צו צאָלן. כ׳בין באַשטאַנען דערויף.

זי האָט אַנידערגעשטעלט אויפן טיש אַ טעלער מיט קאַרטאָפל און שטיקלעך פליייש. מיר געזאָגט, אַז ס׳איז נישט קיין איבערבלייבעכץ פון די טעלער, קיינער האָט עס נישט אָנגערירט. איין מיטאָג בלייבט תּמיד איבער.

געהייסן אָפּוואַשן דעם טעלער, דערנאָך אַנידערגעלייגט אויפן פּאָל אַ קופּע שיך, מסתּמא פון גאַנצן בני־בית, מיר געהייסן זיי אָפּפּוצן.

פאַראַן פיר קינדער אין שטוב, צוויי מיידלעך און צוויי ייִנגלעך. דאָס עלטערע מיידל איז אַלט אַכצן יאָר. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי לערנט אין

זעקסטן קלאַס גימנאַזיע. זי זעט אויס גאָר פּשוט. אַלץ און אַלע אין שטוב זעען אויס פּשוט, אַפילו דאָס מעבל איז גאָר איינפאַך.

כ׳וואָלט געוואָלט אַרבעטן ביי אַן אינטעליגענטערער פאַמיליע...

כ׳בין געשטאַנען אין דער טיר צווישן קיך און צימער, וויסנדיק אַז אַ דינסט דאַרף זיין אין קיך. און דאָ איז די קיך אַ קליינע, אָן פענצטער, מיט טונקעלע ווענט. כ׳בין געשטאַנען, נישט געוווּסט ווו זיך אַהינצוטאָן, האָט מיר די באַלעבאָסטע געהייסן אַריינקומען אין צימער און זיך אַוועקזעצן.

— צי מעג איך זיצן אין צימער? אַ דינסט זיצט דאָך אין קיך — האָב איך געפרעגט.

— ביי מיר איז עס נישט. ביי מיר זיצט די דינסט מיט אונדז אין צימער

— און די טאָכטער האָט צוגעגעבן:

— צי איז אַ דינסט נישט קיין מענטש?

כ׳האָב זי אָנגעקוקט. זיי זאָגן נאָר אַזוי — האָב איך געטראַכט — אָבער מיינען עס נישט ערנסט.

די באַלעבאָסטע, אַ דיקלעכע, אַ הויכע, אַ בלאָנדע מיט גרויע אויגן און אַ רונד פּנים, ווען זי קוקט אויף מיר ווייזן זיך אירע אויגן מיר אויס שטרענגע. אָבער ווען זי טראָגט איבער אירע אויגן אויף איר פינפיעריק מיידעלע מאַכט דער שמייכל זי אויסזען שענער. און אַפילו אַ גוטסקייט איז קענטיק אויף איר פּנים.

כ׳האָב באַשלאָסן צו באַמיִען זיך אַרבעטן דאָ צוויי צי דריי חדשים. אין דער היים וועל איך זאָגן אַז כ׳האָב געאַרבעט אין אַ געוועלב צי אין אַ בעקעריי. דאָס וועט נישט ווירקן אַזוי שלעכט אויף זיי.

איך רוים, טו אַלץ וואָס מען הייסט מיר טאָן. כ׳זע מ׳איז צופרידן פון מיר. איך גיי מיטן קליינעם מיידעלע אויף דער פּלאַזשע. זי איז אַ שלעכט־דערצויגענע און קאַפּריזנע.

*

די באַלעבאָסטע האָט מיר געזאָגט אין אַ פריינדלעכן טאָן אַז אין דער פרייער צייט וועל איך קאָנען לייענען אַ בוך, אויך גיין צו איר אין געשעפט אַריין.

כ׳האָב נישט געהאַט קיין חשק אַרויסצוגיין, נאָר שרייבן אַ בריוו צו חיהן,

דערנאָך שרייבן אין מיין העפט, פאַרשרייבן מיינע איצטיקע איינדרוקן.

כ׳האָב געבעטן די טאָכטער אַ בוך צו לייענען, אַ מעשהלע פאַר קינדער. כ׳האָב געמאַכט דעם אָנשטעל אַז כ׳קען קוים לייענען און כ׳לייען בלויז קינדער־מעשהלעך.

באַקוקט די ביכער אירע, געזען, אַז די ביכער האָב איך שוין פון לאַנג געלייענט, האָב איך איר געזאָגט אַז כ׳נעם זיך נישט אונטער צו לייענען אַזעלכע ביכער. דערביי געטראַכט: בין איך אַ ליגנעריך, צי שפּיל איך טעאַטער ?...

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

מיטן באַרייכערן מיין דערפאַרונג דערקען איך מיין אומוויסן און איך לייד דערפון. מיין חלום איז זיך צעשוווּמען ווי אין אַ נעפּל. דער ציל פון מיין „אַוואַנגטורע״ האָט מיר אויסגעזען ריכטיק — לויט מיין געוויסן, פאַר־שטאַנד. איצטער ווען מען באַפעלט מיר צו אַרבעטן, מען האַלט מיך פאַר מינדערוויכטיק, בונטעוועט זיך מיין גאַנץ אינגעווייד — מיין האַרץ, מיין נשמה פּראָטעסטירן.

כ׳האָב דאָך באַשלאָסן זיין דאָ עטלעכע חדשים — און שוין אין די ערשטע טעג זיך בונטעווען ? כ׳שריי אָן אויף זיך, כ׳זאָג זיך, אַז אַפילו אין אַ געפענקעניש מוז מען אויסהאַלטן. עס העלפט נישט. מיינע איצטיקע געפילן זענען ביי מיר אַ נייע דערקענטעניש.

כ׳האָב נישט געוווּסט אַז צווישן פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט איז אַזאַ ווייטער מהלך. יאָ, כ׳באַקום דערפאַרונג — און זע אַז כ׳האָב געבלאָנדזשעט, נישט געקענט זיך. איצטער זעט מיין אויפטו מיר אויס נאַריש. איך פרעג זיך: אַזוי דאַרף איך לעבן, טאָן יעדן טאָג דאָס זעלבע: וואַשן, רוימען, שייערן פּאָלן, שייערן טעפּ, גיין גענג, נייטן זיך עס טאָן ?

איצט ביים שרייבן וויין איך, און איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ שטאַרקע. וואָסערע גבורה איז עס ?

ווען עס וואָלט מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו טרינקען זיך אין ווייסל,

וואָלט איך עס טאָן, כאָטש כ׳וואָלט געוואָלט לעבן, אַלץ וואָלט געשריגן אין מיר: לעבן! — נאָר איך וואָלט זיך דערטרינקען כּדי אויסצופּילן דעם ערשטן באַשלוס. איך צווינג זיך אויסצוהאַלטן אין מיין פּרווו כאָטש עס וועט מיר אויסקומען מער ליידן, כ׳מוז! כ׳וועל אויסהאַלטן!

איך אַנאַליזיר מיין געמיט: פאַראַן ביי מיר אַ בענקשאַפט נאָך שלעשין... כ׳ווייס אַז פּלאָצק איז נישט פּאַלעסטינע. דאָרט וועט זיין אַנדערש, אַפילו אַז כ׳וועל בענקען.

כ׳האָב ביי זיך באַמערקט אַ מיאוסע זאַך. כ׳האָב געטראַכט: צו וואָס לעבן און ליידן? אָבער ווען כ׳האָב באַלד דערנאָך געהערט אַז פאַראַן אַן עפּידעמיע פון כאָלערע, פאַראַן אַ סך קראַנקע — האָב איך זיך דערשראָקן, מורא באַקומען כ׳זאָל נישט ווערן קראַנק... און די נעכט ביי מיר דאָ: כ׳וויל עס זאָל ווערן נאַכט, ענדיקן דאָס שייערן און רוימען — און באַגעגענען די נעכט אומצופרידן. באַלד פון אָנהייב האָב איך דערזען אין קיך ווי עס שטייט מיין בעט, אַז די ווענט זענען באַדעקט מיט ווערעם. די גאַנצע וואַנט איבער מיין בעט זעט אויס ווי אַ דיוואַן פון ווערעם. כ׳האָב זיך געעקלט, נישט געקאָנט איינשלאָפן. ווען כ׳בין גאָר שפּעט איינגעשלאָפן פון מידקייט האָט זיך מיר געחלומט:

איך גיי ערגעץ אַ פּאַרזאָרגטע, וויל ערגעץ דערגיין און דאָ שפּרייט זיך פאַר מיר אַ וועג פון טיפע בלאָטיקע גריבער אויסגעפּילט מיט ווערעם.

כ׳בין געגאַנגען באָרוועס, געפילט אַן עקל פון גיין אויף ווערעם. כ׳האָב זיך פאַרהאַלטן, געצווייפלט, גיין? — אָבער צוריק נישט געגאַנגען.

פלוצעם באַווייזט זיך מיר אַן עלטערער מאַנספּאַרשוין מיט אַן אויס־געצויגענער האַנט אין דער ווייט אַריין. איך קוק נישט מער אַראָפּ צו דער ערד, כ׳ווער שטאַרק, ס׳פאַרשווינדט דער עקל, כ׳הייב אָן גיין איבער די בלאָטיקע גריבער אָן מורא...

ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף איז מיין גאַנצער קערפּער געווען צעשטאָכן. כ׳בין אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. דאָס בעט איז פול מיט וואַנצן.

כ׳בין אַריין אין עסצימער. די באַלעבאָסטע האָט עס דערהערט. דורך דער אָפענער טיר פון שלאָפצימער האָט זי מיך דערזען. כ׳האָב איר שטיל,

נישט אויפצוּוועקן דעם מאַן, געזאָגט, אַז דאָס בעט איז פול מיט וואַנצן, כ׳קאָן נישט שלאָפן. כ׳האָב זיך געוואָלט לייגן אויפן פאָל. די פרוי איז אַרויס פון בעט, מיר געגעבן אַ קישן, געלייגט עס אויף דער סאָפע אין עסצימער, מיר געגעבן אַ קאָלדרע צוצודעקן, געהייסן זיך לייגן שלאָפן. זי האָט מיך איינגעדעקט מיט האַרציקייט, געזאָגט, אַז מאָרגן דאַרף איך רייניקן דאָס בעט אין קיך.

אויך פון דער סאָפע האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אַ צעביסענע, אַ צעשטאָכענע פון וואַנצן. כ׳האָב זיך שטילערהייט געלייגט אויפן פאָל. כ׳האָב לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן... שטיל, קיינעם נישט אויפצוּוועקן, האָב איך זיך געלייגט אויפן טיש און איינגעשלאָפן. פיר אַ זייגער פאַר טאָג בין איך אַראָפּ פון טיש מען זאָל נישט וויסן אַז כ׳בין אויף אים געשלאָפן. כ׳האָב באַשלאָסן בסדר צו שלאָפן אויפן טיש און אָנשטעלן אַז כ׳שלאָף אויף דער סאָפע.

דערהערנדיק מיך אַרומדרייען אין שטוב, האָט די מאַדאַם מיך געפרעגט, צו וואָס כ׳בין אַזוי פרי אויפגעשטאַנען, כ׳זאָל זיך צוריקלייגן שלאָפן און אויפשטיין צוגלייך מיט אַלעמען. — די זון שיינט שוין, ס׳איז ליכטיק אין שטוב, די וואַנצן טשעפּען נישט מער...

כ׳האָב זי געהאָרכט, געלייגט זיך אויף דער סאָפע און איינגעשלאָפן. כ׳בין אויפגעקומען צוזאַמען מיטן בני־בית.

כאָטש איך שלאָף ווייניק, פיל איך זיך נישט מיד. כ׳בין אויפגערודערט פון מיין נייעם אַרט לעבן... כ׳בין פאַרנומען מיט דער אַרבעט, מיטן „גנבע־נען" ביי נאַכט דעם טיש צום שלאָפן, מיטן געדענקען אויפשטיין פאַר טאָג און לייגן זיך אויף דער סאָפע. אַלץ איז פאַר מיר ניי, מיט נייע איינדרוקן. אַ ניי לעבן.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

כ׳האָב געהאַלטן אין שרייבן און דערהערט עפּענען די טיר. שנעל האָב איך אַרונטערגערוקט דאָס פּאַפּירל הינטער די וועש. מסתמא האָט די באַלעבאָסטע באַמערקט אַז כ׳באַהאַלט עפּעס. זי האָט מיך געשיקט קויפן ברויט, דערנאָך

— שפּאַצירן מיטן קינד. פאַר איר שלאָפן גייך איז זי אַרויס מיט טענות:

— וואָס טוט זיך מיט דיר? ווי קאָן אַן אינטעליגענט מיידל אָפּטאָן אַזעלכעס? זייך אַ דינסט. דאָס איז דאָך לעצטע. דו ווייסט ווי אַזוי מען באַהאַנדלט אַ דינסט? דו מיינסט אַזוי ווי איך באַהאַנדל דיך? דו זיצסט צוזאַמען מיט אונדז אין צימער, דו עסט צוזאַמען מיט אונדז ביים טיש. דו ווייסט, אַז ווען אַ דינסט גייט אַליין אין גאַס טשעפּען זיך צו צו איר יונגען. און זיי האָבן רעכט, אַ דינסט! וואָס מיינסטו, איך האָב זיך נישט דערקענט אויף דיר גלייך ווען דו ביסט אַריינגעקומען?

— ווי אַזוי האָט איר עס געקאָנט טאָן?! — האָט צוגעגעבן די טאָכטער, מיך אויפגעהערט דוצן. — מיין חברטע, ווען זי האָט בלויז עטלעכע ווערטער גערעדט מיט אייך — האָט זיך גלייך דערקענט אויף אייך.

צו שטוינען. אָנגעשטעלט אַן אומוויסנדיקע, „כ׳קען קוים אַ ביסל לייענען".

— כ׳וועל שרייבן צו דיינע עלטערן. דו דאַרפסט באַקומען אַ לעקציע! כ׳וועל דיך מיטן עטאַפּ, מיט דער פּאָליציי אַהיימשיקן! אַז דו וועסט מיר געבן דיין וואָרט אַז דו וועסט שוין נישט אַנטלויפן פון דער היים און ווערן אַ דינסט — וועל איך דיר מוחל זיין, אויב נישט... פון דיינע באַשרייבונגען זעט מען, אַז דיינע עלטערן ליידן פון דיר, נישט דו ליידסט!... ווי כ׳בין אַ יידישע טאָכטער ווי כ׳וועל שרייבן צו דיינע עלטערן. כ׳בין אויך אַ מאַמע. איך פיל מיט דעם ווייטיק פון דיין מאַמע! וויפל ליידן ביז מען האָדעוועט אויף אַ קינד, און אַזוי באַצאָלט מען דערפאַר...

ווי צעמישט כ׳זאָל נישט האָבן געוואָרן פון אירע רייד, האָב איך איר געענוג אָפּגעענטפערט. כ׳האָב איר געזאָגט, אַז כ׳בין נישט באַגאַנגען קיין פאַרברעך מיט ווערן אַ דינסטמיידל. עס קומט מיר נישט דערפאַר צו רופן פּאָליציי. איר מיינונג וועגן אַ דינסט איז נישט באַרעכטיקט. אַ דינסט איז אויך אַ מענטש. פאַר די ליידן פון אַ מאַמע ביז זי האָדעוועט אויס אַ קינד — דאַרף מען נישט באַצאָלן, אַ מוטער־אינסטינקט איז פאַראַן אויך ביי חיות. די מאַמעס דאַרפן נישט פאַרלאַנגען אַז די קינדער זאָלן זיין אַזוי ווי זיי פאַרשטייען עס. פאַראַן עגאָיזם אין דעם. קינדער ליידן פונעם אונטערדריקן ביי זיי די נאַטירלעכע אימפּולסן.

די עלטערן פאַרשטייען נישט, זיי ווילן אַז די קינדער זאָלן זיין גליקלעך לויט זייער באַנעם. זיי ווייסן נישט, אַז זייער באַגריף וועגן דעם איז נישט קיין ריכטיקער. אויך קלוגע עלטערן רעכענען זיך נישט מיט דער אַנדערש־קייט פון קינדס כאַראַקטער.

כ׳האָב זי געבעטן זי זאָל נישט שרייבן צו מיינע עלטערן.

— יאָ, זאָל די מאַמע שרייבן, אויב זי האָט עס געקאָנט טאָן. עפּעס אַ מאָדנע דזשיוואַטשקע — האָט די טאָכטער געזאָגט.

— אויב איך וואָלט זיך נישט דערקענט אויף דיר, וואָלט איך אויפגעע־שטאַנען ביי נאַכט דיר געבן אַ קישן פון מיין בעט?... איך וואָלט דיך גאָר אַנדערש באַהאַנדלט... כ׳וועל דיך נישט אויסגעבן, נאָר מיטן באַדינג זאָלסט מער נישט זיין קיין עקשנטע.

בלייב איבער שבת. אַז כ׳קוק אויף דיר טוט מיר וויי דאָס האַרץ. אומ־גליקלעך זענען דיינע עלטערן... — האָט זי געזיפצט.

אַ פאַרצווייפלטע האָב איך זי געבעטן מיר דערלויבן אַרבעטן ביי איר כאָטש נאָך אַ חודש צייט, ווייל כ׳געפין זיך אין מיטן פון מיין אויספרווון זיך. עס האָט נישט געהאָלפן. זי האָט כסדר איבערגעחזרט אַז „כ׳מוז" אַהיימפאָרן. אַז נישט וועט זי מעלדן אין דער פּאָליציי אַז כ׳בין אַנטלאָפן פון דער היים.

נישט אַזוינס האָב איך דערוואַרט. ס׳איז ווייט פון מיינע פּלענער. אין דער היים דערוואַרט מיך סיי ווי אַ „פּסק". ווען כ׳וואָלט דערגרייכט דאָס וואָס כ׳האָב מיר פאָרגענומען, וואָלט מיך דער סקאַנדאַל אין שטוב נישט אַזוי געאַרט.

און ווו בין איך געוועזן אַריבער צוויי וואָכן? וואָס זאָגן אין דער היים?

ביי נאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפן האָב איך זיך געזעצט אויפן פאַ־ראַפּעט פון אָפענעם פענצטער, מסתמא זיך געשאָקלט איינשלאָפנדיק ביים פענצטער. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ האַלבן קערפּער אין דרויסן. געקאָנט אַרונטערפאַלן פון דריטן שטאָק. האָב איך זיך אויפגעהויבן און ווידער „גע־גנבעט" דעם טיש צו שלאָפן.

זייער באַנעמונג צו מיר איז איבערגעטריבן פריינדלעך. אַרט מיך דער צושטאַנד. כ׳בין איצטער ביי זיי אין שטוב ווי כ׳וואָלט געווען אַ גאַסט. מען הייסט מיך נישט אַרבעטן. אָבער איך אַליין אַרבעט פּונקט ווי פריִער.

שוין זיך צוגעוווינט דערצו. כ׳ווייס וואָס צו טאָן, ווי כ׳וואָלט געווען דאָ אַ לאַנגע צייט.

היינט, ווען כ׳האָב געזען אַז אַלע שלאָפן שוין, בין איך אַראָפּ פון דער סאָפע און זיך געוואָלט לייגן אויפן טיש, — ווי איך טו עס אַלע נעכט. פּלוצעם האָב איך דערזען נעבן מיר די באַלעבאָסטע. כ׳בין שטיין געבליבן אַן אומבאַהאָלפענע און פאַרשעמטע, נישט געקאָנט זיך לייגן אויפן טיש.

די באַלעבאָסטע איז געשטאַנען אין נאַכט־העמד, געקוקט אויף מיר פאַרכמורעט און פאַרשלאָפן.

— איך קאָן נישט שלאָפן אויף דער סאָפע, פאַראַן וואַנצן. כ׳וועל זיך לייגן אויף שטולן, זיי צונויפשטעלן — האָב איך געזאָגט און גלייך זיך גענומען עס טאָן. די שטולן נישט קיין גלייכע, העכערע און נידעריקע. כ׳האָב געלייגט אַ קישעלע צוקאָפּנס.

די באַלעבאָסטע איז אַריין אין שלאָפצימער, ווידער געברענגט מיר אַ קישן און באַפעלעריש מיר געהייסן שלאָפן אויף דער סאָפע:

— מען קאָן שלאָפן מיט די וואַנצן. עס וועט דיר גאָרנישט געשען. לייג דיך וווּ איך זאָג דיר!

— איך... איך... כ׳בין עמפינדלעך...

זי האָט אומגעדולדיק געגעבן אַ פיר מיט אַ האַנט אין דער לופטן, אַריין צו זיך אין שלאָפצימער. כ׳האָב געהערט ווי זי האָט געזאָגט צו איר מאַן:

— עס העלפט נישט דאָס רייניקן. זי האָט גערייניקט, מען דאַרף בייטן אַלע בעטן.

ביי נאַכט בין איך אויפגעקומען פון שלאָף מיט פאַרשטאַרטע פיס. כ׳בין אַרומגעגאַנגען אין צימער, ווידער זיך צוריקגעלייגט אויף די שטולן.

זונטיק בין איך אויפגעשטאַנען פון מיינע „געלעגערס" גאָר פרי כדי זיך גרייטן אַוועקצופאָרן.

כ׳בין פאַרצווייפלט. אַרבעטן אויף אַן אַנדער אָרט? — כ׳האָב מורא פאַר דער באַלעבאָסטעס דראָען אויסצוגעבן מיך. כ׳האָב צוגעזאָגט אַהיימצופאָרן.

כ׳וויל זיך טרייסטן, אַז עפּעס האָב איך יאָ דערגרייכט. כ׳האָב געאַרבעט, בין שלעכט געשלאָפן אין די נעכט. כ׳פיל זיך נישט מיד. כ׳פיל זיך שטאַרק, אָבער געניגט עס דען?...

דערהערט אַז איך גרייט זיך, איז די באַלעבאָסטע אויפגעשטאַנען. מיט אַ וואַרעמער שטים מיר געזאָגט, אַז זי וועט מיך אָפּפירן צום סטאַטיק. כ׳האָב איר געדאַנקט. כ׳וועל גיין אַליין.

זי האָט מיר געגעבן עטלעכע בולקעלעך אויפן וועג, עטלעכע זלאָטעס. כ׳האָב עס איר צוריקגעגעבן — ס׳קומט מיר נישט אַזוי פיל געלט.

ביים האַרציקן געזעגענען האָט זי מיך דערמאָנט מיין צוזאָג אַהיימ־צופאָרן. איך ווידער האָב ביי איר געבעטן האַלטן מיין ענין בסוד.

נעכטן האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט נישט דערציילט איר מאַן וועגן מיין אַנטלויפן פון שטוב, ווייל ער איז אַ נערוועזשער, אָבער קענטיק אַז זי האָט אים יאָ דערציילט. כ׳בין געזעסן ביים טיש, ווען ער איז אַנגעקומען, כ׳האָב זיך אָפּגערוקט מיטן שטול צום עק טיש, — כ׳בין דאָך אַ דינסט. ער האָט זיך דווקא אַוועקגעזעצט נעבן מיר. כ׳האָב אים צוגערוקט די צייטונג וואָס איז געלעגן אויפן טיש, ער זאָל לייענען, ווי ער טוט עס תמיד. ער האָט געזאָגט:

— דו קענסט זי לייענען!

דאָס וואָרט „קענסט" האָט ער אַרויסגעזאָגט אומדרייסט. כ׳האָב עס קוים דערהערט. ער האָט מיך אָבסערווירט מיט פאַרגנבעטע בליקן...

כ׳האָב אים באַטראַכט אויך מיט פאַרגנבעטע בליקן; אַ שאַטינער, שיין געבויטער מאַנספּאַרשוין, מיט מילדע, ברוינע אויגן, זעט אויס אַן איידעלער מענטש. כ׳זע, אַז ער ווייסט שוין וועגן מיר פונקט ווי די פרוי. אָבער אַפילו ווען זי וואָלט געוואָלט שרייבן צו מיינע עלטערן ווייסט זי נישט מיין אַדרעס. כ׳האָב איר געזאָגט אַז כ׳בין פון קאָבין. און אַפילו זיי האָבן אין מיין העפט געלייענט שלעשין — ווייסט זי נישט מיין פאַמיליע־נאָמען— טרייסט איך זיך.

*

אין אַ האָטעל אין וולאָצלאַוועק.

אין איין טאָג קאָן מען נישט באַווייזן צו פאָרן פון פּלאָצק קיין שלעשין. כ׳האָב עס אויסגענוצט צו בלייבן נעכטיקן אין וולאָצלאַוועק אין אַ האָטעל. מיט אַ יינגל האָב איך געשיקט אַ בריוועלע צו מיין קוזינע מאַניאַ זי זאָל מיך קומען באַזוכן אין האָטעל. געטראַכט: אַזוי ווי זי איז אַן אינטעליגענט און

פֿאַרשטענדלעך מיידל, וועל איך איר דערציילן וועגן מיין אויספּרוּוון זיך. אין בריוול האָב איך זי געבעטן קומען אַליין.

דאָס יינגל איז צוריקגעקומען זאָגנדיק, אַז די קוזינע געפינט זיך נישט אין שטאָט. איר ברודער האָט צוגענומען דאָס בריוועלע. כ׳האָב געבעטן דעם יינגל צוריקגיין און בעטן דעם ברודער קומען צו מיר. אויף דער פראַגע וועלכער פון די ברידער? האָב איך געזאָגט: דער עלטערער. כ׳ווייס אַז איינער פון זיי שרייבט פּאָעזיע. שוין געהערט אַ סך לויב־ווערטער וועגן זיין שרייבן.

נאָך אַ לאַנג וואַרטן איז דאָס יינגל צוריקגעקומען מיט אַ חסידיש־געקליידעטן יונגנמאַן, וואָס זעט אויס ווי אַ ישיבה־בחור. כ׳בין געבליבן אין פאַרלעגנהייט. נישט געוווּסט, צי זיך אים פאָרשטעלן אַלס זיין קוזינע.

ער האָט מיך אויך אָנגעקוקט פאַרווּנדערט, אין דערוואַרטונג, כ׳זאָל אים זאָגן ווער איך בין און וואָס איך פאַרלאַנג פון אים. בלית ברירה האָב איך געזאָגט:

— כ׳בין אייער קוזינע פון מיין מאַמעס צד, רחלס טאָכטער בין איך. מאַניען האָב איך באַקענט ווען כ׳האָב געווײַלט ביי אונדזערע קרובים אין פּיאָטרקווו. זי איז אויך דעמאָלט דאָרט געווען.

— אַזוי? אַ שאָד וואָס מיר קענען זיך נישט — כ׳מיין די גאַנצע משפּחה. מיר זענען אַרויס אויפן באַלקאָן.

ווידער האָב איך געקוקט אויף אים, אויף זיין היטעלע און לאַנגע קאַפּאָטע. ער האָט באַמערקט מיין באַטראַכטן אים. ער האָט מיך אויך באַטראַכט מיט אַן ערנסט פּנים. אויף מיין פראַגע צי ער איז דער פּאָעט האָט ער געענטפערט אַז דאָס איז זיין ברידער. כ׳בין געבליבן אַנטוישט.

— און ווי אַזוי איז אייער ברודער? — כ׳וואָלט געוואָלט מיט אים שמועסן.

— דורכויס מיט אים? און וועגן וואָס ווילט איר שמועסן?

— כ׳האָב אים געמיינט, נישט אייך. און אויב איר זייט געקומען איז עס מיר נישט אָנגענעם. כ׳בעט אייך האַלטן בסוד אין אייער שטוב וועגן עפּעס אַ קוזינע. און ווי אַזוי איז אייער ברודער? מ׳האָט מיר דערציילט וועגן זיין גרויסן טאַלאַנט אַלס פּאָעט, וועגן זיין אינטעליגענץ.

— מיין ברודער איז אַלט פערצן יאָר, נאָך אַ קינד.

— כ'בין ממש אַנטוישט, אַזוי פיל געהערט וועגן אים...

— צי מוז מען זיין דורכויס אַ שרייבער און אינטעליגענט? נו, כ'האָב אויך שוין עפּעס געשריבן, און וועגן אינטעליגענץ... כ'קאָן דאָך נישט זאָגן אַז כ'בין אינטעליגענט, אַ נישט־געלערנטער קאָן עס אויך זיין! און איר... איר זאָגט וואָס איר מיינט... איר זייט עפּעס אַ ספינקס.

כ'האָב זיך געוואַקלט, דערציילן אים וועגן מיין דאָ זיין? כ'האָב אים געפרעגט צי ער איז דיסקרעט און מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך.

— וועגן דיסקרעט קאָן איך דרייסט זאָגן, אַז כ'קאָן האַלטן אַ סוד. און מיט וואָס איך באַשעפטיק זיך — כ'בין אַ העברעישער לערער.

כ'האָב אים ווידער אָנגעקוקט. ער זעט אויס איידל און קלוג, ער האָט שיינע געזיכטס־שטריכן, זיינע אויגן זענען מילדע.

כ'האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע וועגן מיין פּרווו און דורכפאַל און דערביי אונטערגעשטראָכן אַז איך דערצייל עס אים צוליב דעם וואָס כ'פיל אַ נויטווענדיקייט זיך אַראָפּרעדן פונעם האַרצן.

נאָכן דערציילן, האָב איך זיך נישט אין גאַנצן באַרויקט. כ'האָב ווידער באַמערקט אַז ער זעט אויס שטיל און סאָליד און איך האָב ליב לעבהאַפטע נאַטורן. אָבער פאַרשטאַנען האָט ער מיך, דאָס האָב איך יאָ געפילט. געווען גוט צו שמועסן מיט אים.

מיר האָבן נאָך געשמועסט. ער האָט מיר דווקא געזאָגט אַ סך ליבּ־ווערטער: כ'בין אינטערעסאַנט, כ'בין אויך אַ גרויסע פאַנטאַזיאָרקע. ער באַדויערט אויפריכטיק וואָס איך שטודיר נישט... ער איז אַוועק מיט אַ ווונטש צו טרעפן זיך ווידער — און מיר איז געוואָרן לייכטער אויפן געמיט.

איך וואַרט אויף דער קאָלעיקע אַהיימצופאָרן, פאַרברענג די צייט מיט אָבסערווירן מענטשן, מיט לייענען. כ'האָב מיר געקויפט מאָפּאַסאַנס אַ בוך.

כ'פאָר אַהיים מיט דער קליינבאַן. טראַכט ווי אַזוי זיך באַהאַלטן מען זאָל מיך נישט זען אין סאַמפּאָלנאַ. טראָץ מיינע זאָרגן וועגן דעם פיל איך זיך רויק — ווי תּמיד ווען איך פאָר, קוק איך אויף מענטשן, באַטראַכט זיי.

אַנטקעגן מיר זיצט אַ בלאָנדע יונגע פרוי. זי האָט נישט קיין יידישע געזיכט־שטריכן, דאָך דערקען איך, זי איז אַ יידישע. כ'טראַכט וואָס איז עס

אַזעלכעס ביי איר וואָס טראָץ איר נישט ייִדישן אויסזען — דערקענט מען אין איר ייִדישקייט?

נעבן מיר זיצט אַ מיידל. די איידלקייט וואָס איז קענטיק אויף איר פּנים מאַכט זי שיין. זי איז נישט קיין שיינקייט וועלכע מען קאָן אָפט טרעפן. אירע גרויסע שוואַרצע אויגן קוקן ווי פאַרלוירן און דערשראָקן.

מיך באַטראַכט אַ מאַן וועלכער זיצט אַנטקעגן. אַלע ווײַלע קוקט ער אויף מיר און אויף מיין העפט אין האַנט. עטלעכע דאָרפישע פרויען און מענער זיצן. נעבן זיי קערב מיט שפּייז־פּראָדוקטן. צווישן די פּראָדוקטן איינצלנע הינער. מסתמא פאַרבליבן פון די פאַרקויפטע הינער.

אַ פרוי, עלעגאַנט געקליידעט, מיט אַ ראָז פּנים, אַ גראָבע נאָז מיט אויפגעריסענע נאָז־לעכער, גרויסע גרויע אויגן. נעבן איר אַ דיקער מאַן, מיט וועלכן כ׳וואָלט נישט געוואָלט שמועסן. עפּעס געפעלט ער מיר נישט, זעט אויס נישט איידל. עס דערגייען צו מיר דער פרויס ווערטער: — עס ווייזט זיך מיר אויס אַז זי איז אַלט פופצן־זעכצן יאָר, זי איז נאָך אַ קינד. זי האָט נאָך גאָרנישט געגאָסן פון לעבן...

די פרוי זעט אויס שוין נישט יונג — בערך פינף און דרייסיק יאָר אַלט, זי איז אַ שיינע. און ווי אַזוי פאַרשטייט זי דעם גענוס פון לעבן?

די פרוי פון אַנטקעגן אין וועלכע כ׳האָב דערקענט ייִדישקייט, טראָץ איר נישט־ייִדישן אויסזען — האָט מיך געפרעגט צי כ׳בין אַ פּאָעטעסע — „זי דערקענט עס אין מיר". ס׳איז זיכער צוליבן העפט אין וועלכן כ׳שרייב אַריין פון צייט צו צייט.

— איך מאַך די לעקציעס, — האָב איך געזאָגט.

— אָ, — האָט זי זיך אַנטוישט. מיר האָבן זיך צעשמועסט. טאָקע אַ ייִדישקע. זי איז אַ סימפּאַטישע. כ׳האָב איר געזאָגט, אַז זי זעט נישט אויס ווי אַ ייִדישקע, האָט זי זיך צעשיינט — האָב איך אויפגעהערט שמועסן מיט איר.

כ׳האָב געקוקט דורכן פענצטער, ווי שיין, ווי מאָלעריש איז די נאַטור אַרום...

איך דערנענטער זיך צו סאַמפּאָלנאַ. כ׳וועל אומרוּיִק. זעקס שעה מוז איך דאָרט וואַרטן אויף דער קליינבאַן קיין שלעשין. זיצן אויף דער סטאַציע

—קאָן מיך עמעצער פון מיינע באַקאַנטע זען, עס דערטראָגן צו מיין ברודער מאַנעס. גיין צו אים קאָן איך נישט. ווו בין איך געווען — וועט ער פרעגן? אַהיימגיין צופוס? דער וועג ציט זיך דורך גרויסע וועלדער. כ׳קאָן אויך טרעפן פאַרבייפאָרן באַקאַנטע. כ׳וועל זיך באַהאַלטן ערגעץ אויף דער סטאַציע.

*

אַהיימגעקומען פאַר צוועלף אַ זייגער ביי נאַכט.

כ׳האָב זיך שטיל אַריינגעשלייכט דורך דער צווייטער זייט דירה, געטראַכט, כ׳וועל שוין טרעפן חיהן שלאָפן אין אונדזער בשותפותדיק בעט.

צו מיין דערשטוינונג האָב איך דערזען די מאַמע ליגן אין בעט.

— מאַמע, פאַר וואָס שלאָפסטו נישט אין דיין בעט, אין דיין שלאָפצימער?

די מאַמע האָט מיך אָנגעקוקט. איר טרויעריקער בליק איז געמישט מיט פרייד פון מיין צוריקקומען. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, דאָס מויל האָט ביי איר געציטערט פון איינגעהאַלטענע טרערן. זי האָט מיך ווידער צערטלעך אָנגעקוקט און אויסגעבראָכן אין אַ העפטיק געוויין.

— דער טאַטע... איך שלאָף דאָ ווייל דער טאַטע האָט אויף דיר געזאָגט... געזאָגט אויף דיר אַז דו ביסט אַן אויסגעלאַסענע, אַ טליק, דו ביסט... מיין האַרץ זאָגט מיר אַז דו ביסט נישט... דאָס ביסטו נישט... — האָט זי געוויינט.

כ׳בין געבליבן דערשיטערט. כ׳קוק אויף דער מאַמען. איר פנים פול מיט ווייטיק. צוליב מיר...

חיה ליגט אין בעט נעבן דער מאַמען. זי איז ערנסט. די פרייד פון אונדזער באַגעגעניש איז צעשטערט. די מאַמעס ביטער געוויין באַשווערט מיך מיט שולד־געפילן. איך פאַל צו צו דער מאַמען, קוש זי, האַלט זי אַרומגענומען.

— מאַמע, כ׳בין נישט דאָס וואָס דער טאַטע האָט אויף מיר געזאָגט. זיי רויק, כ׳בין ריין. כ׳בין נישט אַ... אַן אויסגעלאַסענע.

— כ׳ווייס עס, כ׳ווייס. אַ מאַמעס האַרץ ווייסט. — זי האָט העפטיק געוויינט.

כ׳בין געשטאַנען נעבן בעט אַ פאַרשעמטע, אַן אומבאַהאָלפענע.

— כ׳וועל זיך לייגן שלאָפן אין שטוב אויף דער סאָפע, — האָב איך געזאָגט.

— ניין, גיי אַריין אין דיין בעט.

זי האָט זיך געווישט די אויגן, די נאָז, אָפּגעזיפּצט. אַרויס פון בעט, אַריין אין שלאָפצימער. כ׳האָב זיך געלייגט נעבן חיהן אין בעט. געפילט, אַז עס האָט זיך עפּעס אין מיר איבערגעבראָכן, כ׳בין געוואָרן אויסגעליידיקט. חיה האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט, געשוויגן.

דער מאַמעס געוויין ביי נאַכט האָט מיך צעטומלט, אויסגעליידיקט און איינגעשטילט מיט אַ שטילקייט פון נאָך אַ שטורעם.

ווי קען איך ווייטער שטרעבן אַוועק, אַנגיין מיט דער „מלחמה״ קעגן מיינע עלטערן? אָבער סיי ווי חזרט זיך עס ביי מיר איבער. ווען כ׳ווער איבערגעזעטיקט מיט דעם שיינעם אַרום פון די וועלדער — גלוסט זיך מיר אַנטלויפן, אַוועק פון דאַנען!

איצטער געוועלטיקט ביי מיר דער געדאַנק: אַוועק קיין ארץ־ישראל! אַנטלויפן פון שטוב, אַנטאָן די מאַמע צרות, וואָס זאָל איך טאָן? וואָס האָב איך געווינען מיט מיין אויספּרוּוון זיך?

צעטרענצלט די צייט מיט פאַנטאַזיעס. אָפּילו אין מיינע חלומות זע איך זיך שוועבן אין דער לופטן. כ׳ריר נישט אָן די ערד. אָבער די חלומות חזרן זיך איבער. און מען גייט דאָך פאָרט אויף דער ערד. מען זאָגט דאָך: „די מאַמע ערד״. אויסער דעם נעמט דאָך די ערד צוריק אין זיך אַריין יעדעס לעבעדיקע באַשעפעניש. טאַקע די מאַמע ערד. נישט שוועבן אין דער לופטן!

כ׳בין אַן אויסגעליידיקטע און פיל זיך ווי אַ געפאַנגענע.

כ׳פיל זיך, ווי כ׳וואָלט געווען ווי דאָס קעלבל וואָס געפינט זיך ביי אונדז אין שטאַל. דער טאַטע האָט עס געקויפט אין אַ דאָרף צו שעכטן עס. כ׳גיי יעדעס מאָל אַריין אין שטאַל גלעטן עס. עס ווייסט נישט אַז מען וועט עס שעכטן. כ׳פיל צו דעם אַ רחמנות, אַ ליבשאַפט. דאָס קעלבל לאָזט זיך פון מיר גלעטן, קוקט אויף מיר מיט ריינע אומשולדיקע אויגן. כ׳טראַכט, הלוואי וואָלט איך געקאָנט זיין אַזוי ריין און אומשולדיק ווי דאָס קעלבעלע. דו טוסט קיינעם נישט אָן קיין צרות — זאָג איך צו דעם — אָפּילו שעכטן דיך קאָנסטו נישט שטערן.

איך פיל זיך דווקא שולדיק. אָפּילו לגבי דיר. איך גלעט דיך מיט געפיל — און וועל נאָך עסן דיין פלייש...

איך טראַכט עס מיט פּחד און מיט אַ שרעקלעך געפיל. כ׳וועל זיך אַפילו נישט קאָנען אָפּזאָגן עסן זיין פליש! — אָט וועך איך בין...

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

שוין אַדורך עטלעכע וואָכן זייט כ׳בין צוריקגעקומען פון פּלאַצק און די מאַמע רעדט נישט מיטן טאַטן. דער ברוגז צווישן זיי איז גאָר קענטיק, כאָטש קיינער אין שטוב רעדט נישט דערוועגן און זיי ביידע שווייגן. די מאַמע באַקומט אַ פאַרביסן פּנים ווען דער טאַטע קומט אַריין אין שטוב. דער טאַטע איז אויסגעלאָשן, טרויעריק.

ביז דער טאַטע האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין — עס טרעפט נישט ביי אים, ער איז תּמיד געזונט — און געקרעכצט ווי עס וואָלט אים עפּעס וויי געטאָן.

די מאַמע האָט מיט ערנסטע בליקן געקוקט צום טאַטן אין בעט, זי איז צו צום קרעדענץ, גענומען טראָפּנס צו בויך־ווייטיק, אַרויפגעטראָפּט זיי אויף אַ לעפעלע צוקער און אַן אויסגעגלייכטע, מיט שטאָלצע שריט, אַנדערש ווי געוויינלעך, צו צום טאַטן אין בעט און דערלאַנגט אים דאָס לעפעלע:

— נעם עס!

דער טאַטע האָט זיך אויסגעדרייט צו איר, פאַרריכט דאָס קאַפּעלע אויפן קאָפּ, גענומען דאָס לעפעלע פון דער מאַמעס האַנט, געמאַכט אַ ברכה און די טראָפּנס אַראָפּגעשלונגען. ס׳איז אים טאַקע געוואָרן בעסער דעם טאַטן. ער האָט באַלד באַקומען אַן אַנדער פּנים, געוואָרן תּיכּף געזונט.

די מאַמע גייט אַרום אין שטוב טאַקע ווי אַ שטאָלצע — אָבער שוין נישט אַ פאַרביסענע. אויס ברוגז. ביידנס פּנימער האָבן זיך אויסגעלייטערט. זיי קוקן אויף זיך און רעדן אַפילו פריינדלעכער ווי תּמיד.

*

דערווייל האָט זיך אויך ביי מיר עטוואָס איינגעשטילט. ס׳איז אַן אָנגעשטרענגטע, אומרויִקע שטילקייט וואָס אָט־אָט ברעכט זי אויס אין אַ שטורעם.

אין שטוב הער איך איבערחזרן וועגן מיר דאָס וואָרט: „אַ כּלה־מויד״,

און „אַכצן יאָר“, — אַ כלה־מויד מוז שוין זיין ערנסט, — זאָגט די מאַמע.
דער טאַטע זאָגט:

— אַ כלה־מויד און כיכיקעט נאָך אַ סך — ווען איך לאַך.

ביינישן שדכנט מען שידוכים: דער שדכן איז פון קאָנין.

כ'האָב געהערט ווי דער טאַטע האָט זיך געשושקעט מיט דער מאַמען, געקוקט אויף מיר, כ'האָב אָבער זייערע ווערטער נישט דערהערט. די מאַמע האָט זיך געמאַכט נישט קוקן אויף מיר, געשושקעט זיך מיטן טאַטן, דערביי אומרויִק זיך געווישט די הענט אין פאַרטעך. וועגן ביינישן? וועגן מיר? כ'האָב אָבער באַלד געהערט ווי די מאַמע האָט געזאָגט:

— ער איז אַפילו אַ לאַנג־געקליידעטער, אָבער צו גאָט און צו לייט — אַזוי זאָגט ער, דער שדכן.

— אַ לאַנג־געקליידעטער פאַר איר?... קיין שייטל וועט „דאָס“ נישט טראָגן, — זאָגט דער טאַטע.

— עפּעס קעקערס פון איר טראָגט נישט קיין שייטל. שׂרה־מרימס שייטל, משטיינסגעזאָגט, אַ פּיצעלעס, פון פּאָרנט. היינטיקע צייטן...

— אָבער פּויזשע...

— נישטאָ קיין סך אַזעלכע פּויזשעס — און געשטראָפּט נעבעך פון אייבערשטן, האָט נישט קיין קינד, קיין רינד. פאַר וועמענס זינד? — האָט די מאַמע געזיפצט.

כ'האָב שוין פאַרשטאַנען... כ'בין געוואָרן אָנגעשטערעגט, וואַך...
אין עטלעכע טעג אַרום:

שׂרה־מרים האָט געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן צו אירע עלטערן קיין קאָלאָ — זייט אַ צייט וווינען זיי ווידער אין שלעשין. תּמיד ווען זי פאָרט אַוועק לאָזט זי איבער ביי אונדז דעם שליסל פון איר דירה. פּלעמל איז נישט אין דער היים צוליב מסחר. כ'האָב באַשלאָסן נעמען דעם שליסל, זיך אָפּזונדערן, ווי כ'האָב עס שוין געטאָן עטלעכע מאָל. באָרגן ביי משה קויפמאַן אַ פּאַטעפאָן און אונטער די קלאַנגען פון מוזיק שרייבן — און אין שטילקייט לייענען ביכער.

דאָס מאָל האָט שׂרה־מרים פאַר איר אַוועקפאָרן עפּעס באַזונדערס גע־רוימט, געשייערט.

כ׳האָב אָנגעשטעלט דעם פּאַטעפאָן. מיין שוועגעריך, כאָטש תּמיד אַ פריינדלעכע, אַ גוטע — האָט דאָס מאָל געשמייכלט צו מיר. כ׳האָב געקוקט אויף חזקושן. כ׳וועל בענקען נאָך אים. עטקען און אויך די יינגערע היג־דושאַ האָב איך ליב — אָבער נישט אַזוי ווי אים. שׂרה־מרים האָט מיך געהייסן אַריינקומען נאָך מיטאָג, זי וועט מיר געבן אָנווייזונגען וועגן דער שטוב.

ווען כ׳בין אַריינגעקומען פאַר נאַכט צו מיין שוועגערין האָב איך גע־טראָפן זיצן אין צימער אַ יונגנמאַן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און אַ יידיש היטעלע.

— אָ! גוט וואָס דו ביסט געקומען! — האָט מיך שׂרה־מרים באַגעגנט מיט אַ שמייכל. דער שמייכל האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַנדערש ווי אַלע מאָל, ווי וויציק — זי האָט באַלד צוגעגעבן:

— זייט באַקאַנט. מיין שוועגערין, און...

כ׳האָב פאַרשטאַנען. עס וועט דאָ פאָרקומען אַ „קוק" צווישן מיר און דעם בחור. די מאַמע, שמועסנדיק מיטן טאַטן האָט גערעדט וועגן אַזאַ ס׳גאָל בחור.

דער יונגער מאַן האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט זיינע אויגן פון קאָפּ ביז די פיס, מיט אַ לייכטן, שעמעוודיקן שמייכל.

כ׳האָב באַקומען חשק אַרויספּלאַצן אין אַ הילכיק געלעכטער, כ׳האָב זיך אָבער איינגעהאלטן.

אינטערעסאַנט! אַ „קוק". כ׳בין געוואָרן אויפגעלעבט און באַקומען חשק אָפּצוטאָן אַ שפּיצל. כ׳האָב דערבליקט דעם פּאַטעפאָן, אָנגעשטעלט די פּלאַטע „אין די פּערסישע מערקאָדע". זיך גענומען פאַר די באָקעס, אָנגעהויבן טאַנצן, דערנאָך געשלעפּט שׂרה־מרימען טאַנצן מיט מיר. זי האָט געלאַכט, זיך געוועהרט. — לאָז מיך אָפּ, משוגענע!

כ׳בין געווען זיכער, אַז דער בחור אין דער לאַנגער קאַפּאָטע וועט אַוועק, אַנטלויפן אַן אָנגעברוגזטער און מיט כעס צוליב מיין אויפפירן זיך. אָבער... צו מיין פאַרוווּנדערונג, האָט ער געקוקט אויף מיין טאַנצן און פאַרלעגן גע־שמייכלט.

כ׳האָב אָפּגעשטעלט דעם פּאַטעפאָן, אויפגעהערט טאַנצן. געטראַכט:

לאָמיר אַ ביסעלע שמועסן מיט אים. כ׳בין אויך געוואָרן טשעקאַווע צו שמועסן מיט אַזאַ ס׳גאַל בחור. כ׳האָב אים בגניבה באַטראַכט. יאָ, ער זעט אויס שיין און סימפּאַטיש. כ׳האָב אים געפרעגט:

— פון וואַנען זייט איר?

— פון קאַליש.

— אַ שיינע שטאָט קאַליש, אַ גובערניע. דאָ איז צו שטיל אין שלעשין. אַ שטעטעלע אַ פּיצקעלע. מען טאָר אַפילו שבת נישט טראָגן, נישטאָ קיין עירוב. שאַ, שטיל, מען קאָן אָבער רויִק שלאָפן, פינצטער, נישטאָ קיין עלעקטריע.

— נאָך נישט פאַראַנען קיין עלעקטריע? אַ שיין, מאָלעריש שטעטעלע דאָ. כ׳האָב ליב שטילקייט. מיר געפעלט דאָ.

— איך האָב ליב רעש! שטורעם מיט בליצן און דונערן! מוזיק, טאַנצן, שפּרינגען!

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל. ער האָט שיינע ברוינע אויגן, פון פּנים קוקט אַראָפּ אַזאַ פּשטות.

— זייער אינטערעסאַנט — האָט ער געזאָגט. ווידער מיך אָנגעקוקט פון קאָפּ ביז פיס. און אפשר וועט זיין אינטערעסאַנט מיט אים צו שמועסן? כ׳האָב זיך געוווּנדערט אויף זיך, אויף מיין חוצפּהדיק און ווילעריש רעדן צו אים. עס איז אים נישט געקומען אַזאַ אויפפירונג פון מיר.

כ׳האָב זיך באַלד דערמאָנט: ס׳איז אַ „קוק״. שוין קויפן די ערשטע „סחורה״, אַריינלאָזן זיך אין קענטשאַפט מיט אים, מיט אַ בחור אין אַזאַ אַנטועכץ? נאָך צייט.

— זייער אינטערעסאַנט, — האָט ער ווידער געזאָגט, געקוקט אויף מיר. כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס ער מיינט מיט זיינע ווערטער — צי איך בין אינטערעסאַנט צי שלעשין איז אינטערעסאַנט.

מיין שוועגערין איז געשטאַנען ביים טיש, דערלייגט קיכלעך אין טעלער. ערשט איצט האָב איך באַמערקט אַז פאַראַן כּיבוד אויפן טיש. כ׳האָב גענומען אַ קיכעלע פון טעלער, באַלד נאָך איינס, און געקייעט נערוועזיש. שׂרה־מרים האָט געקוקט אויף מיר מיט פאָרוווּרף, אויסגעזען פאַרשעמט. כ׳האָב דער־הערט רופן אין דרויסן צו פאַרקויפן געלן און ווייסן זאַמד פאַר די פּאָלן.

— כ׳וועל קומען שפעטער, כ׳דאַרף קויפן ווייסן זאַמד צום פּאָל אין קיך

— כ׳בין אַרויס, זיך אָנגעשלאָגן אויפן קוימענקערער אויסגעריסט מיט סאַזשע. ער איז אַרויס פון שכנותדיקן הויז נאָכן קערן דעם קוימען. כ׳האָב זיך דערשראָקן.

אין אָוונט איז אַריינגעקומען שׂרה־מרים, זיך געשושקעט מיט דער מאַמען.

— כ׳האָב געוווּסט, — האָט די מאַמע געזיפצט, — כ׳קען מיין „סחורה״. ווי איינער איז צו זיבן איז ער צו זיבעציק. אוי, רבונו של עולם! ווען וועט זי שוין ווערן אַ לייט?... מען דערציילט, ער איז אַ פּאַרדינער, אַן איינרייסער, מיט קיין נדן וואָלט נישט געווען קיין גרויס דינגעניש...

— טראָץ די לאַנגע קאַפּאָטע זעט ער אויס איידל.

— וואָס הייסט?! כ׳האָב אים נאָכגעקוקט, ער זעט אויס ווי אַ פּריץ. דווקא די לאַנגע קאַפּאָטע! דו, שׂרה־מרים, זאָלסט עס זאָגן?...

— כ׳ווייס... כ׳מיין, פּאַר איר... אָבער זי איז אים שטאַרק געפעלן.

— געפעלן גאָר... וואָס קומט אַרויס.? אַז זי זאָגט ביין, מעג רעגענען מיט שטיינער...

כ׳האָב זיך אונטערגעהערט צום שמועס. טראָץ אַלעם בין איך אים גאָר געפעלן?... עס געפעלט מיר אַז כ׳קאָן געפעלן!

ער האָט דווקא אויסגעזען צו זיין אַ קלוגער, אַן אָרנטלעכער בחור. צו שׂרה־מרימען האָב איך דערנאָך געזאָגט:

— ווען ער וואָלט געווען פון וואַרשע וואָלט איך געפרוווט זיך פאַרליבן אין אים, פון קאַליש לוינט זיך מיר נישט — כאָטש אויך אַ שיינע שטאָט. כ׳וויל אָבער וווינען אין וואַרשע, חתונה האָבן מיט וואַרשע.

שׂרה־מרים האָט געלאַכט גוטמוטיק.

— ביסט געווען משוגע, געבליבן משוגע. ביז ווען, גרויסע מויד?

— איין גאָט ווייסט. דו קענסט דאָך מיין מאַמעס זאָג: ווי איינער איז צו זיבן...

— יאָ, מען ווייסט. אָבער ביסט שוין נישט קיין קינד...

— כ׳ווייס. כ׳בין אַ גרויסע מויד, אַ כּלה־מויד. און... כ׳פּיל זיך שוין טאַקע אַלט. דערצו קאָן איך נישט אַפילו די קאָץ פון אויוון אַרויסטרייבן — ווי דער טאַטע זאָגט.

די שוועגערין האָט געצויגן מיט די אַקסל, מיך אָנגעקוקט מיט וואַ־רעמקייט.

אין אָוונט האָט דער טאַטע צו מיר געוואָרפן בייזלעכע בליקן, געברומט:

— נישט לייכט וועט עס זיין מיט איר, גיב איר אָן אַפּיקורס ווי זי איז...

— אוודאי, אַזוי וועט עס זיין, אַזוי וועט עס זיין — האָט די מאַמע פּאַטאַקעוועט.

ווידער האָט דער טאַטע געקוקט צו מיר. דאָס קלייד וואָס כ׳האָב גע־טראָגן האָט געהאַט אַ דעקאָלט. כ׳האָב אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן האַלדז, זיך ווי איינגעקאָרטשעט, ווי אַ געכאַפּטע ביי אַ גניבה, בין איך אַרויס געשווינד באַגלייט פון טאַטנס בליקן.

ביי נאַכט בין איך שפּעט איינגעשלאָפן. געשלאָפן אַן אומרויִקן שלאָף. סע האָט זיך מיר געחלומט, אַז כ׳זיץ אויף אַ שפּיץ פון אַ שפּיציקן פעלדז. אַרום און אַרום אַ טיפער אָפּגרונט. כ׳קאָן זיך נישט רירן פון אָרט, כ׳קאָן אַריינפאַלן אין אָפּגרונט, כ׳מוז בלייבן זיצן אויפן פעלדז.

ס׳איז פיינלעך! כ׳בין באַהערשט פון פּחד און אומבאַהאָלפנקייט! כ׳וויל זיך באַפרייען, נישטאָ קיין וועג. כ׳וויל אַראָפּ פון פעלדז און בלייב אויף אים זיצן. כ׳בין אויפגעקומען מיט פּחד — ווי כ׳וואָלט זיך געפינען אונטן אין תהום. צי שלאָף איך נאָך? צי בין איך וואַך? ניין! געווען אַ חלום! כ׳ווייס נאָר אַז דער חלום איז געווען פיינלעך.

ווען כ׳בין שוין אין גאַנצן וואַך געוואָרן איז מיר געקומען אין קאָפּ אַריין אַ געדאַנק: מאַניע מיט מיין קוזין מולע, מאַניע מיט מולען, כ׳זע זיי כסדר פאַר די אויגן. כ׳ווייס נישט פאַר וואָס.

און אַ גאַנצן טאָג שטעלן זיך אויס פאַר מיינע אויגן די סטראָפן פון יוליוש סלאָוואַצקיס ליד: ...Smutno mi Boże (ס׳איז מיר אומעטיק גאָט...) די ווערטער חזרן זיך כסדר איבער.

כ׳וויל זיך אָפּטרייסלען פון דעם צושטאַנד, אַנטלויפן פון זיך, נישט זיין פאַרנומען מיט זיך, קוקן צום בלויען הימל, צו דער זון.

ס׳איז אָבער שפּעטער האַרבסט, ס׳איז טרויעריק און איך האָב אים ליב, דעם האַרבסט. טונקעלע וואָלקנס פאַרשטעלן די בלויקייט פון הימל.

כ׳קוק דורכן פענצטער ווי דער ווינט יאָגט אַראָפּ די געלע בלעטער פון

די ביימער. די נאַטור איז מיר איצטער נאָענט, ווייל זי איז טרויעריק. כ׳פּיל דאָס קלאָגן פון ווינט, דאָס באַהאַלטן זיך פון דער זון הינטער די וואָלקנס.

כ׳וואָלט געוואָלט זיין אַליין, אָפּגעשיידט פון אַלעמען, בלויז מיט דער נאַטור און אין שטילקייט.

און ווען די זון באַפרייט זיך פון די וואָלקנס, טוט אַ שיין מיט ליכטיקער העלקייט — קומט אָן ווי אַ בליץ אַ בענקשאַפט נאָך פרייד, נאָך פרילינג, נאָך דער שיינקייט פון גרינער צעבליטקייט.

# ר׳ דוד

לזכר דעם צדיק, בן־תורה און קדוש
ר׳ דוד הי״ד.

ר׳ דוד מענדעלעוויטש באַווייזט זיך אין גאַס בלויז ווען ער גייט אין שול־אַריין, צי אין בית־מדרש־אַריין דאַוונען.

ווען אים זאָגט מען אין שטעטל, אַז ער איז דער איינציקער ייִד וועלכער האָט נישט קיין שׂונאים. אַפילו שקצים — מיט זייער טבע צו חוזק פון באַבערדלטע ייִדן — וואַגן נישט ר׳ דודן צו פאַרטשעפּען. אויך די אַפּיקור־סישע יוגנט פון שטעטל האָט פאַר אים גרויס אָפּשיי און דרך־ארץ. פון זיין פּנים, פון זיינע אויגן, פון זיין יעדן קער שלאָגט אַרויס אַ קוואַל פון גוטסקייט. די ייִדן פון שטעטל זאָגן, אַז דאָס שטראַלט אַזוי פון אים די שכינה...

ער זיצט יום־ולילה און לערנט תּורה. שבת, אין פריִען באַגינען, זעצט ער זיך ביים פענצטער מעביר־סדרה־זיין. זיין פענצטער גייט אַרויס אויפן הויף פונעם חזיר־שלעגער און קצב בלאַזשעיעווסקי — אַ שיכּור, מיט אַ רויטער נאָז און אַ טעמפּ, פאַרגרעבט, רונדיק פּנים. ווען ער שיכּורט זיך אָן, פאַרגעסט ער אין זיין דרך־ארץ צום פרומען ייִד, ער שטעלט זיך אַוועק ביי ר׳ דודס פענצטער און מאַכט חוזק, שפּעט נאָך זיין מעביר־סדרה־זיין. ער שרייט:

— ביילישיע, האָסט דערהרגעט אונדזער גאָט!

ר׳ דוד רייסט אויף קיין רגע נישט איבער זיין ניגון. ער שטראַלט. מען ווייסט נישט צי שטראַלט עס פון אים די גוטסקייט, די שלווה, צי דאָס וואָס מען זאָגט — די שכינה. ווען דער שיכּור זעט ר׳ דודס רויִקייט, גלייך ווי ער וואָלט אים נישט באַמערקט — צעקאָכט זיך נאָך מער זיין רציחה, ער הייבט אָן שעלטן דעם ייִדן מיט די ביטערסטע און פּרעכסטע קללות, ניבול־פּה שיט זיך פון זיין שוימיק מויל. ר׳ דוד בלייבט רויִק. דער שיכּור הייבט אָן

קלאַפּן אין פענצטער, געוואַלדעווען, אַז ער וועט דערהרגענען דעם יודאַש וואָס גלייבט נישט אין גאָט און אין דער הייליקער מאַריאַ, אַז ער, ר׳ דוד, מיט די אַנדערע זשידעס זענען שולדיק אינעם קרייציקן יעזוסן... דעמאָלט ערשט לויפט אַרויס דעם שיכּורס ווייב און שלעפּט אים אין שטוב אַריין.

נאָך דער פּטירה פון רב, האָט קהל זיך נישט געאיילט צו ברענגען אַ ממלא־מקומו. סכסוכים האָט מען געבערענגט צו ר׳ דודן, ער זאָל רופן די צדדים אויף אַ דין־תּורה. מען האָט זיך געטראָגן צו אים מיט שאלות. ווייבער זענען געגאַנגען צו אים מיט זייערע שאלות מיט דער זיכערקייט, אַז ר׳ דוד פּסקנט נישט סתּם, בלויז לפי מידת־הדין, נאָר מיט באַרעכנטקייט, מיט מידת־הרחמים. ער זוכט שטאַרק נאָך אין די הייליקע ספרים, איז מדקדק נישט צו פאַרשאַפן, חלילה, אַן אומזיסטן שאָדן מיטן טריף־מאַכן אַן עוף בקלות, צי אַן אַנדער זאַך — בעת מען קען געפינען אַ הכשר.

אין שול האָט אים קהל אָפּט געבעטן ער זאָל האַלטן אַ דרשה. אויך אויף די יום־טובים פון דער חברה־קדישא וואָס פאַלט אויס ז׳ אדר און שׂמחת־תּורה האָט ר׳ דוד געדרשנט. איידער ער הייבט אָן זיין דרשה פאַרענטפערט ער זיך פאַר קהל. ער זאָגט, אַז ער איז ווייניקער ווי יעדער פון די דאָ פאַרזאַמלטע ייִדן. ער בעט, מען זאָל אים מוחל זיין זיין העזה צו רעדן פאַר קהל. נישט ער איז ראוי דערצו, נישט דער וואָס איז יום ולילה עוסק אין תּורה איז געאַכפּערט ביים רבונו של עולם, נייערט דער קהל ייִדן, די בעלי־מלאכות, וועלכע אַרבעטן ערלעך, טוען קיינעם נישט קיין עוולה, הגם זיי זענען אויסגעשטעלט געשטרויכלט צו ווערן דורכן יצר־הרע.

זאָלן די פּשוטע ייִדן וויסן, אַז זיי זענען חשוב פאַר זייער עניוות און פּשוטקייט. ער איז זוכה צו לערנען תּורה און פון לערנען האָט ער גרויס הנאה. ער גייט נישט דורך קיין נסיונות ווי אַנדערע — אַזוי זאָגט ער.

קיין גרויסער גביר איז ער נישט, ר׳ דוד, אָבער פּרנסה האָט ער בשפע פון זיין לעדער־קראָם. חיה, זיין ווייב, איז זיך עוסק מיט דער קראָם. ער העלפט איר אויך צו, ווען ס׳איז נייטיק.

ר׳ דוד מיטן ווייב, דאַרפן דען אַ סך פאַר זיך? און צדקה איז אַ גרויסע מצווה. פאַראַן אַזוי פיל נויטבאַדערפטיקע. ווען מען קומט צו אים בעטן אַן הלוואה טראָגט ער אַנטקעגן דעם נצרך אַ צעשטראַלט פּנים, כּדי מקיים

זיין די מצווה באהבה. ער באַרגט געלט אַלעמען, ווער עס בעט נאָר ביי אים. אַממייסטן קומען דאָך באַרגן אָרעמעלייט. אַלע ווייסן, אַז קיין דאַנק דערפאַר דאַרף מען אים נישט געבן, נישט צו פאַרמינערן פון דער מצווה.

ווי לאַנג דער חוב האָט זיך נישט פאַרשלעפּט, האָט ער דאָס געלט נישט געמאָנט. אַ סך האָבן אים טאַקע נישט אָפּגעגעבן מחמת זיי האָבן נישט געהאַט. און אפשר נישט בלויז דערפאַר... אָבער פון ר׳ דודס שטוב איז מען עס נישט געוווּיר־געוואָרן.

חיה איז טאַקע אַ פרומע אשת־חיל. זי שעצט און האַלט בכבוד איר מאַן דעם גרויסן בן־תורה, דאָך האָט זי אים אויף פּאַראיבל... כאָטש זי שווייגט, איז זי געקרענקט ווען די הלוואה ווערט איר נישט צוריקגעגעבן. מיט גרויסע טענות וואָגט זי נישט צו קומען צום מאַן, בלויז מיט אַ שטעכלקע, מיט אַ רמז אויף זיין פירונג... און אַ מאָל ווייזט זי אים אַ בייז פּנים.

ווען אַ נצרך, נישט קיין שטאַרק־אָפּגעהיטענער אין פרומקייט קומט באַרגן געלט זאָגט זי שטילערהייט צום מאַן:

— אים אויך באַרגן ?...

ר׳ דוד עפנט ברייט די אויגן, קנייטשט דעם שטערן, ווי ביי אַ שווערער סוגיא :

— ס׳טייטש ? ווי קען מען עפּעס אויף אַ ייִד גלייבן שלעכטס ? אפשר איז עס נישט אמת ? ער איז דאָך אַ ייִד — און אַ נצרך דערצו.

חיה שווייגט. מיט איר אונטערטעניצלדיקן גענגל, גייט זי צו צום שופ־לאָד, נעמט אַרויס געלט, הכנעהדיק פירט זי אויס דעם מאַנס רצון...

מילא, זי מוז פאַרשווייגן, אַזאַ זענען זיינע מעשׂים, זיין התנהגות. זי האָט אַ ברירה ? — און פאַרשטייען אַלץ פאַר אַן אישה, איז איבער איר יכולת. באַרגן געלט אַ באַדערפטיקן איז אַוודאי אַ מצווה. ער איז אַ לערנער, מסתמא ווייסט ער, בלויז זיך פאַרזאָרגן ? טאַקע מחוץ לדרך הטבע ביי אים.

זייער איינציקע טאָכטער פּערל איז אויך ברוך השם פאַרזאָרגט מיט פּרנסה און הלוואי זאָל זיך דער אין הימל מרחם זיין און עפענען דעם טראַכט אירן. זי איז נעבעך אַן עקרה. אַזאַ איז דער ווילן פון דעם אין הימל. אויך זיין ווילן, דעם באַשעפערס ווילן, איז עס געווען מיט יאָרן צוריק ווען ער האָט ביי זיי צוגענומען דעם בן־יחיד פון דרייצן יאָר, זייער איינציקן קדיש.

אַן עילוי ביי זיינע ווייניקע יאָרן. ס׳האָט שוין געקלונגען מיט זיין בקיאות אין תורה.

ווען חיה האָט געוויינט, געיאָמערט, איר מאַמיש האַרץ איז געוואָרן צעריסן אויף שטיקער, האָט ר׳ דוד נישט געלאָזט איר וויינען: „דעם אויבערשטנס רצון איז עס, השם נתן והשם לקח״. דערציילט איר דעמאָלט די מעשׂה וועגן ר׳ מאיר און ברוריה...

חיה, אַן אישה, האָט אויסגעהערט די מעשׂה, דערשטיקט איר געיאָמער, נישט געוואָלט זיך קעגנשטעלן דעם ווילן פון איר מאַן. געוויינט אין דער שטיל, נישט וויינען האָט זי נישט געקענט.

נאָך דעם יינגלס פּטירה איז איר געבליבן אין זיכּרון דעם בן־יחידס מתיקותדיק קול. אַלץ אין שטוב איז געבליבן פול מיט אים. חיה האָט געהאַט תרעומות אויפן באַשעפערס רצון, דאָך האָט זי געהאָפט אַז ער וועט זיך איבער איר מרחם זיין. זי איז נאָך יונג און ווען דער אין הימל וועט באַוויליקן וועט זי נאָך געבוירן אַ קדיש.

דער נס איז נישט געשען. זי איז מסתמא נישט ראוי געווען דערצו. און אפשר האָט זי זיך דעמאָלט פאַרזינדיקט מיט אירע תרעומות צום רבונו של עולם. מיט איר ווידערשפּעניקן זיין רצון צוצונעמען פון ר׳ דודן און איר, חיהן, זייער זון? דערפאַר האָבן זיי נישט קיין קדיש? האָט דען זייער טייערער בן־יחיד געמוזט אַוועק פון דער וועלט? און צוליב אירע, חיהס, זינד איז די איינציקע טאָכטער אַן עקרה?

ווער קען וויסן די פאַרבאָרגענע וועגן פונעם באַשעפער? זיין רצון, זי קען עס נישט משׂיג זיין.

אַזוי טראַכט חיה. וואָס עס טראַכט דערוועגן ר׳ דוד, ווייסט זי בלויז, אַז ער איז אַ גרויסער בעל־מאמין, ער וועט זיך נישט קעגנשטעלן דעם רצון פון דעם אַלמעכטיקן, אַפילו נישט אין דער מחשבה. ער איז מצדיק דעם גזר. און זי, חיה, איז אַ זינדיקע אישה וואָס קען זיך נישט אָפּטרייסלען פון איר עצבות.

און ר׳ דודן זעט מען בלויז אין גאַס ווען ער גייט אַ שטראַליקער אין שול־אַריין, צי אין בית־המדרש אַריין. די ייִדן אין שטעטל זאָגן אַז די שכינה שטראַלט פון אים...

# דער בעל־תּפילה

ר׳ יאָסקע, אויסגעבאָדן אין מקווה, די ברייטע העלע באָרד צעקעמט, אַ יום־טובדיקייט און דערוואַרטונג שיינט אַראָפּ פון זיין יעדן קער. היינט וועט ער זיין אויף זיין אמתן פּלאַץ, היינט וועט ער זיין דער אמתער יאָסקע. היינט איז ערב יום־כּיפּור.

דער וואָס שטייט אַ גאַנצע וואָך אין קרעמל איז נישט ער, נאָר עפּעס אַ פרעמדער, וועלכער פאַרשאַפט אין אים אַן אומווילן צו זיין פאַרנעמען זיך מיטן קרעמל.

פון גרויסן שיך־געשעפט איז געוואָרן אַ קליין קלייטל, דערנאָך אַ קליין שפּייז־קרעמל, וואָס ווערט פון טאָג צו טאָג מער איינגעשרומפּן.

ער ווייסט ווויל אז זיין נישט־ניחאָדיקייט פון עול פּרנסה מאַכט עס אַזוי איינגעשרומפּן — און די פּאָליצעס ווערן וואָס אַ מאָל ליידיקער.

אָבער ר׳ יאָסקע איז פול מיט בטחון, ער האָט בטחון צו גאָט אַז ער וועט אים העלפן. אויך צו די קרעמער פון שטעטל האָט ער צוטרוי. זיי באָרגן אים געלט און פּראָדוקטן פאַר זיין קרעמל. ער באַמערקט אַפילו נישט אַז מען קוקט שוין קרום אויף זיין באָרגן, אַז מען באָרגט אים שוין נישט גערן — און ער פאַרקלאָגט זיך נישט פאַר קיינעם אויף זיין מצב.

ווי אַזוי קאָן ער זיך באַקלאָגן, אַז זיין קאָפּ איז תּמיד פול מיט נגינה — ניגונים אייגענע, וועלכע ער האָט ביי קיינעם נישט געהערט, און זי, די נגינה, באַגוועלטיקט אים.

צווישן טאַטע־מאַמע און צוויי שוועסטער איז ער געוואַקסן — אַ הויכער, אַ שיינער. פון קינדערווייז אָן האָט אים באַהערשט דעם טאַטנס שטים ביים ספר. אָבער זיין ניגון האָט אַלץ באַקומען אַן אַנדער אויסזען. אַלץ אַרום איז געוואָרן שיין, צעזינגען און גוט, כּולו יום־טוב. די מאַמע מיט די שוועסטער אין שניט־געוועלב האָבן תּמיד זיך געפּאָרעט אַרום די קונים.

געוועז איבעררײדן צווישן טאַטע־מאַמע. די מאַמע האָט געהאַט טענות, אַז דער טאַטע טײלט צופֿיל נדבות פֿון איר שווער־פֿאַרהאָרעוועט געלט.

אין שטעטל האָט מען דערצײלט אַז ר׳ וואָלף האָט ליב צו טײלן צדקה און בשעת מעשׂה דרײט ער אַוועק דעם קאָפּ יענעם נישט צו פֿאַרשעמען, חלילה. אַפֿילו באַלד נאָך אַן איבעררײד מיטן װײַב װעגן זײַן טײלן צדקה, האָט ר׳ וואָלף מיט דער העלער, ברײטער באָרד פֿאַרגעסן אין דער בײזער רויזען און ברײט אַנטקעגנגעטראָגן נדבות מיט אַ שמײכל.

יאָסקע האָט אויסערן חדר אויך געלערנט ביים פֿאָטער. דאָס לערנען ביים טאַטן איז אים געווען ליבער. ביים לערנען האָבן זיך ביידע צעזינגען. אין שול פֿלעגט ער שטיין ביים באַלעמער און גאָר שטיל מיטזינגען מיטן חזן.

דער טאַטע האָט אים שטענדיק געצויגן ביים אַרבל. נישט מפסיק זייענדיק — געוויזן אים אויפֿן סידור — ב״ב״ו!

לויטן רצון פֿון טאַטע־מאַמע — האָט ער געלערנט, תמיד געזעסן ביי אַ ספֿר, זיך נישט געשפּילט מיט חברים: בלויז ווען מ׳האָט דערהערט אין שטעטל שפּילן אַ קאַטערינקע איז יאָסקע אַרויס, זיך געשטעלט דערנעבן פּונקט ווי אַלע קינדער. דער קאַטערינשטשיק מיטן גרינעם פֿויגל האָט זיך אָפּגעשטעלט שפּילן הויז ביי הויז. יאָסקע איז אים נאָכגעגאַנגען. דער קאַ־טערינשטשיק האָט אים אָנגעהויבן טרייבן:

— גיי אַהיים, דו פֿרומער טיפּש. וואָס קריכסטו מיר נאָך?

די מאַמע האָט געשריגן מיט געבייזער, דער טאַטע האָט אים אָנגעקוקט מיט באַזאָרגטע בליקן, אָבער ווען דער קאַטערינשטשיק האָט זיך ווידער באַוויזן, איז ער אים ווידער נאָכגעגאַנגען און ווידער האָט מען אים געטריבן אַהיים:

— דו דאַרפֿסט זיך אויך אָנהייבן פֿאַרנעמען מיט דער קראָם. ווי איך זע איז ביי דיר דער עיקר געזאַנג — געזאַנג מער פֿון פֿרומקייט, כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד...

— אין נגינה איז פֿאַראַן אמונה — האָט יאָסקע געענטפֿערט.

— וואָס רעדט ער?... — האָט רויזע געצויגן די אַקסלען. אָבער ווען ער איז געזעסן ביים ספֿר און זיך צעזינגען — האָט זי זיך געשטעלט הינטער דער שויבן־טיר פֿאַרשטעלט מיט אַ דיך פֿוירהענגל. געווישט זיך די אויגן.

— עס זאָל מיר נאָר נישט פאַרשטערט ווערן, רבונו של עולם!

אַזוי איז ער אויסגעוואָקסן צווישן ספרים און נגינה...

פון פּריזיוו איז ער געוואָרן באַפרייט. דאָס האָט דער רבי געעצהט מאַכן אַ קליינעם פעלער. רויזע האָט דעם טאָג געפאַסט, געטיילט צדקה, געריסן קברים, אַ גרויס ליכט אָנגעצונדן, געשטעלט עס צווישן אויוון, און גאָט האָט געהאָלפן. איצט דאַרף מען טאָן אַ שידוך.

דורך אַ שדכן האָט מען יאָסקען פאַרקנסט פאַר אַ גבירישער באַלעבאַ־טישער טאָכטער — אַ טאָכטער פון אַ בן־תורה.

נאָך די תנאים האָט מען זיך געחידושט אין שטעטל הלמאי אַזאַ שיינעם און געראָטענעם בן־יחיד האָט מען גאָר פאַרקנסט פאַר אַ מיאוסער כלה.

ווען נאָך דער חתונה איז אסתר געקומען וווינען אין שטעטל אַריין און מ׳האָט זי נענטער באַקענט, האָט זי אַרויסגערופן דרך־ארץ צו זיך מיט איר פּשוטקייט, חכמה און גוטסקייט.

פאַרביי עטלעכע יאָר. אסתר האָט אים דריי קינדער געבוירן.

טייל מאָל טרעפט ער זיך צונויף מיטן ווייבס פאַרזאָרגטן בליק, וואָס קוקט אויף די ליידיקע פּאָליצעס.

— מען דאַרף האָבן בטחון. איז דאָס דער גאַנצער עיקר? — מסחר, מסחר...

אסתר ווערט צעטומלט, די בליקן אירע ווערן פינצטער: שרייען אויף אים? — עס וועט נישט העלפן. ער איז אַ בטלן. זי האָט שוין אַלץ פּרובירט, אַפילו געבעטן, אויפגעקלערט אים, אָבער אומזיסט.

זי זעט אַזוי פיל גוטס אין זיינע אויגן, פאַרבייסט זי די ליפּן און ווערט ווייכער. זי וויל דאָ, אין געוועלב, נישט אַרויספּלאַצן מיט אַ געוויין, כאָטש עס שפּאַרט פון איר ברוסט אַ ווייטיק. זי טוט זיך אָן אַ כוח און ענטפערט:

— זאָלן נאָר די קינדער אונטערוואַקסן מיטן אייבערשטנס הילף. איך וועל זיך נעמען דערצו. דו ווילסט לערנען... די קינדער זענען נאָך קליין...

ער לעבט אויף, ווערט אויפגערוימטער.

זי זעט ווי זיין מראה ענדערט זיך ווען ער זיצט ביי אַ ספר, אָדער ווען ער שטייט פאַרן עמוד אין שול.

יעדער זאַץ פון דער תפילה, יעדעס וואָרט קומט אַרויס פון זיין מויל ווי

עס וואָלט ערשט ביי אים באַקומען דעם אמתן תיקון. דעמאָלט ווייזט ער זיין אמתן פּרצוף. ס'פאַרשווינדט דאָס קרעמל, דאָס כּסדרדיקע באַרגן. עס דרינגט אַריין אין אים אַ ליכטיקע צעהעלטקייט, טיילט אים אָפּ פונעם חומרדיקן. ער שוועבט צום געגאַרטן, צו רוחניות.

די מתפּללים, דורכגענומען מיט די האַרציקע ניגונים, פאַרשעמען זיך פאַר זיין אָרעמקייט. ביים אַרויסגיין פון שול שמועסן די באַלעבאַטים צווישן זיך:

— אירט שוין געהערט אַ מאָל אַזאַ דאַווענען? אַזאַ זינגען?! איי־איי! שוין אַיין מאָל אַ דאַווענען! ווו געפינט מען היינט אַזאַ חזן? אין גאַנץ פּוילן איז נישט פאַראַן אַזאַ בעל־קורא. ווען מען ווייסט פון אים וואָלט מען אים באַשאָטן מיט גאָלד! און ער איז ביי אונדז אַ חזן בחינם. די קהילה דאַרף אים אויסהאַלטן! ביי זיין מצב באַקומט ער ביי אונדז נישט קיין באַלוי־נונג?...

אָבער אַזוי ווי ר' יאָסקע שווייגט — בלייבט אַלץ ביים אַלטן. מ'קומט בלויז אָפּ מיטן רעדן צווישן זיך. מ'פאַרגעסט אין צוזאָג, מ'פאַרגעסט אין יאָסקען.

לעצטנס בעתן דאַווענען, בשעתן לערנען תורה קומען אים אין דמיון אסתּר, די קינדער; אסתּרס ווערטער באַפאַלן אים ווי די פליגן:

— אפשר פאַרקויפן סאָדע־וואַסער? אפשר?... וואָס וועט זיין?

ער וויל פאַרטרייבן די מחשבות זרות, אָבער ווי צו להכעיס בויערן זיי אין מוח. ער פילט זיך שולדיק לגבי אסתּרן, לגבי זיינע קינדער. אָבער אין וואָס איז ער שולדיק? — טראַכט ער — געגנאַרט ער דען עמעצן? דעם רבונו של עולם קען מען נישט נאַרן. אַזאַ האָט ער אים באַשאַפן, ער ליידט נישט קיין מסחר. ווי אַזוי נאַרט ער, אַז בלויז ביי די תּפילות איז אים גרינג אויפן האַרצן, בלויז ביים זינגען פילט ער זיך דערהויבן און לייכט.

ווי קומען די תּפילות פון אַ גאַנץ יאָר צו די ימים־נוראימדיקע תּפילות, צו די יום־כּיפּורדיקע תּפילות?... פאַראַן אין זיי אַזאַ שלל פון נגינה. פון די פענצטער שימערן ליכט, אין שול — אַ העלקייט נישט פון דער וועלט. אַלץ איז איינגעהילט אין קדושה.

אָנגעטאָן אין קיטל, איינגעהילט אין טלית, מיט אַ געזאַנג, וואָס שלאָגט

אָן אין טרערן, זינגט ער אַרויס זיין טרויער, בטחון, פרייד! ער זינגט מיט אַ מתיקות, וואָס שטעקט אָן אַלע מתפללים:

פתח שערי שמים — בעט ער זיך...

איצט, צו נעילה, נאָך פיר און צוואַנציק שעה פאַסטן, אויסגעטאָן פון גשמיות, פון חומר, פילט ער גישט קיין הונגער, קיין מידיקייט, אָפּגעטיילט פון אַלץ און אַלעמען.

אָבינו מלכּנו מחוק ברחמיך הרבים כל שטרי חובותינו...

ס׳ווערט לייכטער. קהל פילט אַ נשמהדיקע התעוררות. און ער, ר׳ יאָס־קע, גרייכט צום העכסטן, צו די טויערן פון הימל, ער גרייכט צום אויס־געבענקטן... צום געגאַרטן... ער זינגט שירה צוזאַמען מיט די מלאכים — — —

# דעם קצבס חטא

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נישט־ניחאָדיק, די טריט פּאַמעלעכע, אומ־זיכערע, קוקט נישט די פאַרבייגייער אין פּנים אַריין. אויף די שטילע פון יוצא־וועגן באַגריסונגען: גוט יום־טוב — ענטפערט ער מיט אַ ברום. די פעסטע הענט באַמבלען זיך אים ווי אומנייטיקע ביי די זייטן פון זיין פעסטן מיטלוווקסיקן גוף — אַזוי גייט אברהם הערש דער קצב דעם פּסח אין שול אַריין.

פריִער זענען זיינע טריט געווען פעסטע, זיכערע, אויך זיין קול געווען איז פעסט און זיכער. היינט איז זיין קול הייזעריק, אין מיטן רעדן פאַרהאַקט ער זיך, הוסט אָפּ...

ער דערמאָנט זיך כּסדר אין זיין פריִערדיקער מערכה, וויל אָנשטעלן זיין פריִערדיקע פעסטקייט אין קול, אין בליק. ער וויל גלויבן אַז ער, אברהם הערש, וועט זיך נאָך אַרויסבאַקומען פון זיין שפּלדיקן איצטיקן מצב. ער וועט נאָך געהאָלפן ווערן, ווערן צוריק וואָס ער איז געווען — אין מיטן דערינען, אין מיטן אָנשטעל שטייט ער אָפּ, אַ שווערעקייט און שלאַבעריקייט באַ־הערשט אים.

געווען איז ער פריִער דער איינציקער קצב אין שטעטל. ווייבער האָבן זיך געהנדלט צו אים, אַפילו צו זיין ווייב און קינדער — כּדי זוכה צו זיין צו באַקומען פאַר זייער געלט אַ שיינע פאָרציע פלייש, אַ שטיקל ברוסט, נישט קיין ביינער.

ער האָט פאַר קיינעם נישט מורא געהאַט. געקריגט זיך מיט די ווייבער וועלכע האָבן זיך געדונגען מיט אים. אַממייסטן זענען געוואָרן שלעכט באַהאַנדלט די ווייבער פון אָרעמען שטאַנד, געזאָגט זיי, אויב עס געפעלט זיי נישט די פּאָרציע פלייש זאָלן זיי זיך גיין געזונטערהייט. די ווייבער האָבן געזיפצט, גענומען דאָס פלייש וואָס איז זיי נישט געפעלן. אַ ברירה האָבן זיי

געהאַט? זיי וועלן דאָך נישט קויפן פלייש ביי גויִישע קצבים — חס וחלילה.

די גבירישע ווייבער און יחסנטעס האָט ער גוט באַהאַנדלט.

און געהאַלטן פון זיך האָט ער גאָר שטאַרק. ער האָט ליב געהאַט איבער־חזרן:

— אַז איך, אברהם הערש, זאָג, ווייס איך וואָס איך רעד.

אַ בקי און קענער אין קצבישן פאַך ווי ער, איז מער נישט פאַראַן. קיינער קאָן נישט אַזוי אויסטרייבערן אַ בהמה ווי ער און זי אַזוי צעהאַקן. אַז ער פלעגט האַקן פלייש פלעגט ער צום טאַקט זיך פאַרגיין אין אַ זיסן קרעכץ, ווי אויף דער דריטער באַנק אין באָד: אַ־אַ־אַ־אַ. נישט בלויז וואָס ער קען די מלאכה, נאָר זי געפעלט אים און איז אים צום האַרצן.

אַ ברייטע האַנט אויסצוגעבן געלט האָט ער אויך.

— אויף געלט שפּיי איך — פלעגט ער זאָגן. אויך צדקה האָט ער געגעבן מיט דער ברייטער האַנט. בהמות, קעלבער האָט ער געקויפט ביי די פּריצים און פּויערים פון דער געגנט. לייענען און שרייבן פּויליש קען ער נישט. בלויז חתמענען זיין נאָמען אויף פּויליש קען ער. מיט קיין צלמלעך דאַרף ער זיך נישט אונטערשרייבן. ער איז שטאָלץ דערויף. ער האָט דעריבער ליב זיך חתמענען, ווייזן אַז ער קען.

די פּריצים האָבן אים אונטערגערוקט וועקסלען. ער האָט אויף זיי ברייט־לעך צעלייגט זיינע צוויי נעמען און פאַמיליע־נאָמען. מען טרויט אים, מען גיט אים די בהמות אויך אויף באָרג. ער האָט אָנגעהויבן באָרגן געלט ביי די שטעטלדיקע באַלעבאַטים און מיט יעדן טאָג האָט זיך געשטאַרקט דער חידוש: אַזאַ בעל־פּרנסה דאַרף אָנקומען צו באָרגן כּסדר געלט?... אין איינעם אַ טאָג איז דורך אין שטעטל אַ נייעס: אברהם הערש דער קצב האָט באַנ־קראָטירט, דאָס הויז האָבן אים שוין די פּריצים צוגענומען. צוליב רחמנות אויף ווייב און קינדער לאָזט מען אים דערווייל נאָך וווינען אין זיין אייגן הויז. ער דאַרף באַצאָלן דירה־געלט פון זיין שטוב.

זיין ווייב, הינדע, מיט אויגן גוטע, שטילע, האָט געשוויגן, געוואָרן טרויעריק. די דעה ביי איר האָט דער מאַן. וואָס ווייסט זי? אַ ייִדענע ווייסט עפּעס?

צום אומגליק זיינעם האָט זיין ווייבס אַ קרוב, אַ שניידער, אַ לאַטוטניק

פּאַר אָרעמע פּויערים — אָנגעהויבן קוילען ציגן, דערנאָך קעלבער, און איצ־טער, אַז אָך און ווי צו אברהם הערשן — איצטער איז יענער דער קצב פון שטעטל. היינט חנפעט מען זיך צו יענעם פּונקט ווי אַ מאָל — צו אים.

ווער איז עס דער וואָס האָט זיך אים געשטעלט ווי אַ ביין אין האַלדז? דער קרוב וועלכער האָט זיך צוגעקוקט ביי אים. ביי אים געלערנט די מלאכה. און קען ער דען אַזוי ווי אברהם הערש? אַ מַכּה אויף אים! איז ער דען באַהאַוונט אין קצבישקייט?...

אָבער פּרנסה שווימט צו יענעם. ער האָט שוין אַ סך מאָל אויסגעלאָזט זיין צאָרן צום ווייב, צוליב איר קרוב. זי שטעלט אויף אים אָן אַ פּאָר גוטע אויגן ווי ביי אַ קאַלב. טאַקע ווי אַ קאַלב פאַר דער שחיטה. ער ווערט אָפּ־הענטיק.

ער גייט באָרגן געלט צו די באַלעבאַטים פון שטעטל צו קענען כאָטש קוילען אַ קעלבל צוויי מאָל אין דער וואָך. דערנאָך שיקט ער זיין ווייב צו די באַלעבאָסטעס אָנזאָגן אַז זיי זאָלן קומען קויפן קעלבערן פליישׁ. די באַלעבאָסטעס האָבן רחמנות, קויפן זיי.

טאָג און נאַכט טראַכט ער ווי אַזוי צוריקצוקומען צו דער פריערדיקער מדרגה, אָבער דערווייל פּייפּט דער דלות אין שטוב. צוליב עגמת־נפש טשעפּעט ער זיך מיט רוגזה צום ווייב, צו די קינדער, נישט זיין טבע איז עס. ער האָט באַלד חרטה, עס ווערט אים אַ רחמנות אויף זיי.

שבת, באַלד נאָך פּורים, ער זיצט ביים פענצטער און קוקט אַרויס אין דרויסן, עס שפּאַצירן פאַרביי יינגלעך מיט מיידלעך, געלעכטערס, געפילדער, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט בלויז זיי געהערט.

— אסתּר — ווענדט ער זיך צו זיין יונגערער מיידל וואָס זיצט דערנעבן און קוקט אַרויס צום דרויסן מיט טרויעריקע אויגן.

— פאַר וואָס גייסטו נישט שפּאַצירן?

— אַוודאי, שפּאַצירן גיין... כ׳מוז זיצן ווי אין קאָזע. כ׳האָב דען אַ פּאָר רעכטע שיך, אַ רעכט קלייד אָנצוטאָן, סיידן, כ׳זאָל פאַרדינגען זיך פאַר אַ דיסנטמיידל... אין איר קול — איינגעהאַלטן געוויין.

זיין באַליבט טעכטערל, אָט דאָס באַשעפעניש פאַר וועלכן ער וואָלט זיך געלאָזן שעכטן האָט נישט קיין קלייד... און אין דרויסן שפּאַצירן די

באַלעבאַטישע טעכטערלעך מיט יינגלעך, לאַכן, שטיפן פאַר ווילטאָג. די סמאַרקעס זענען בעסער פאַר זיינע קינדער און ווער פון זיי קען זיך גלייכן צו אסתרקען? איר זינגען, איר נאָכמאַכן יעדן איינעם פון שטעטל — ביי די זייטן זיך צו האַלטן פאַר געלעכטער. און זי גייט אַרום אין אַזאַ הולך...

ער האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אויפן שטול אומגעדולדיק. פלוצעם האָט ער דערזען אַן אַכזריותדיקע וועלט אַרום זיך. כאָטש נעם און שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט! ווער וועט אים העלפן? און ווי אַזוי זאָל ער זיך אַליין העלפן?

די נעכט, כאָטש זיי זענען שוין קורצע — פאַר אים זענען זיי גאָר לאַנגע, אויסגעצויגענע. ער וואַרפט זיך אין בעט.

— אַברהם הערש, וואָס איז דיר? — האָט מיט טריישאַפט געפרעגט הינדע.

ער האָט נישט געענטפערט. ביידע זענען געלעגן וואַך.

— אַברהם הערש, מ׳מוז באַזאָרגן בורקעס אויף באָרשט לכּבוד פּסח. מ׳דאַרף באַשטעלן מצות, מצה־מעל. און... אַפילו נישטאָ קיין קאַרטאָפל.

ער האָט נישט געענטפערט.

אין די פּסחדיקע טעג איז ווי אַ דונער אַדורך דורכן שטעטל — אין אַלע יידישע היימען האָט מען גערעדט דערפון:

אַ באַלעבאָסטע האָט געקויפט קעלבערן פלייש ביי אברהם הערשן. זי האָט דאָס פלייש געדרייט אויף אַלע זייטן. דווקא איז זי געווען אַ מבינה, עפּעס, עפּעס... דאָס פלייש איז איר נישט געפעלן. נישט מעגלעך! ניין! אַפילו אויף דער מחשבה וויל זי עס נישט דערלאָזן, חלילה! דאָך... זי וועט דערמיט גיין צום רב, זאָל ער עס בודק זיין. און... דאָס פלייש האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן צו זיין פון אונטערשטן חלק וואָס אַ ייד טאָר עס נישט עסן. געווײנלעך פאַרקויפט ער עס צו גויים, אָבער פאַרן האַלבן פּרייז.

עס האָט אָנגעהויבן קאָכן אין שטעטל. געוועזן אַנדערע וואָס האָבן געגעסן פון דעם טרייפענעם פלייש. פאַרפלאָמטע ווייבער האָבן געכשרט טעפּ, אַרויס־געוואָרפן געשיר, צי פאַרקויפט עס צו גויים.

— ווייניק האָבן מיר אַרבעט מיטן אַריינברענגען דעם פּסח, כּשרן כּלים, איצטער כּשרן נאָך אַ מאָל... געפעלט אונדז אַזאַ אומגליק — האָבן זיך די

ווייבער געבראָכן די הענט... ביז דער רב האָט אויסגעפינען, מסתמא אין די הייליקע ספרים — אַז מען דאַרף קיין געשיר נישט אַרויסוואַרפן.

וואָס טאָן מיטן קצב? מ׳האָט גערופן אַן אַסיפה.

ווי ווייבער האָבן זיך דערציילט, געהערט האָבן זיי עס פון זייערע מענער — אַז ר׳ דוד מענדעלעוויטש האָט זיך גאָר שטאַרק איינגעשטעלט פאַרן קצב.

— אָסרן אים די שחיטה?! חס וחלילה! אַ ייִד איז זיך מוסר־נפש אַפילו ביז צו פאַרלירן עולם־הבא, זיך מוסר־נפש פאַר ווייב און קינדער, ער דאַרף זיי מפרנס זיין! מ׳דאַרף זאָרגן ער זאָל האָבן מצות אויף פסח און אַלעס נייטיקע. נאָר רבותי, מתן בסתר... נישט פאַרשעמען אים, חס ושלום, אים נישט מבייש זיין.

און ווער וועט עס זיך קעגנשטעלן ר׳ דודן, אַזאַ צדיק?

ס׳איז געוואָרן באַשלאָסן אויף דער אסיפה, אַז דעם שבת הגדול דאַרף ער זיך מתוודה זיין אין שול פאַר דער גאַנצער עדה ייִדן, בעטן ביי זיי מחילה, אויסדריקן זיין חרטה. דערנאָך דאַרף דער שוחט און דער שמש אים היטן — אויף זיין טיש אין יאַטקע דאַרף זיין אַ מחיצה מיט אויפשריפטן. פון איין זייט בשׂר כשר, אויף דער צווייטער זייט: בשׂר לא כשר.

אין דעם שבת הגדול, ווען דאָס גאַנצע שטעטל ייִדן איז אין שול — איז דער קצב געגאַנגען אין שול אַריין ווי צו זיין אייגענער לוויה. די הענט, וואָס תּמיד האַלט ער זיי פאַרלייגט פון הינטן — זענען אים געהאָנגען ביי די זייטן ווי איבעריקע.

אין שול, נאָכן לייענען אין דער תּורה, האָט דער שמש געגעבן אַ קלאַפּ אין שטענדער.

— ר׳ אברהם הערש גייט זיך מתוודה זיין.

אַ שטילקייט אין שול. די מתפללים שטייען מיט ערנסטע פּנימער, די אויגן געווענדט צום באַלעמער וווּ ס׳שטייט דער שמש מיט אברהם הערשן. דער קצב בלייך ווי קאַלך. בליק־שנעל זוכט ער אַרום־זיך מיט די אויגן, זעט נישט דאָס געזוכטע. אַ דערלייכטערונג איז אים דורך דורכן מוח: ער, נאָר ער, זיין ווייבס קרוב האָט אים געברענגט דערצו. בעסער ער זעט אים איצטער נישט דעם פּושע ישׂראל.

דער שמש זאָגט אים שטיל אונטער די ווערטער פון דער ווידוי. זיין קול הייזעריק, ברעכט זיך, שטאַמלט. אונטערגעהאַלטן פון שמש, ברענגט ער מיט גרויס מי אַרויס די ווערטער:

— איך, אברהם הערש... בעט מחילה... ביי גאָט... און ביי דער עדה ייִדן... ביי גאַנץ קהל... כ׳האָב געגנאַרט... געזינדיקט קעגן דעם רבונו של עולם, קעגן... קעגן דער עדה... געגעבן איר... עסן טרפות... טרייף פלייש...

זיין קול האָט זיך איינגעבראָכן מיט אַ געוויין.

דער רב גיט אַ קלאַפּ אין שטענדער:

— דיינו! דיינו!

שטיל אין שול. ייִדן פאַרשטעקן זייערע אויגן אין די סידורים. אברהם הערשס קרובים, די משפּחה פון אָפּגעקומענעם קצב האָבן זיך ווי איינגעקאָרטשעט, טרויעריקע, פאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. אויף אַלעמענס פּנימער ערנסט געמישט מיט טרויער, אַ שטילשווייגן.

*

אברהם הערש מיט זיין הויזגעזינד זענען באַזאָרגט געוואָרן מיט אַלעם נייטיקן אויף פּסח. ס׳הייסט, ער האָט באַקומען אַן הלוואה. ער ווייסט אָבער, אַז עס איז אויס רחמנות צו אים און זיינע בני־בית. ער פילט זיך געקרענקט. זיי עסן די מצות מיטן באָרשט, מיט די אַנדערע מאכלים, זיי קייען נישט־ניחאָדיק. געקומען צו אַזאַ מדרגה... ער, אברהם הערש, אַזאַ קצב ווי ער, געווען דער איינציקער קצב און איצטער... ער קוקט אויפן ווייב, אויף די קינדער — —

— כ׳וועל אָפּגעבן די הלוואה, מיטן אויבערשטנס הילף. כ׳וועל, כ׳וועל...

זיי שווייגן, דרייען אַוועק די אויגן אין אַ זייט — נישט צו טרעפן זיך מיט זיין אויסגעלאָשענעם בליק...

## די משפחה קאַרעק

נאָך פּסח, ווען די ליבע זון צעשיינט זיך מיט וואַרעמקייט און הייטער־קייט, עס פאַרשפּרייטן זיך ריחות פון וואַלד און פעלד, דווקא דעמאָלט ווערן די טעג ביי די שלעשינער ייִדן אָנגערופן: „משוגענע טעג”. די טעג ווערן אַזוי אָנגערופן צוליב די גויִישע פּראָצעסיעס וואָס פירן זיך איבער די גאַסן.

פרילינג. דער שיינער חודש מאַי און די טעג — „ווינטיקע” — צוליב די צלמים זאָגן ייִדן.

מען פאַרהאַקט די פענצטער, די לאָדנס בעת די פּראָצעסיעס, כּדי די גויִים זאָלן נישט זאָגן, אַז אַ ייִד האָט געשפּעט, צי געוואָרפן אַ שטיין אויף דער פּראָצעסיע. ערגער איז דעם „גרינעם דאָנערשטיק” (קאָרפּו כּריסטי). דעמאָלט פאַרקלאַפּט מען די לאָדנס עס זאָל נישט בלייבן קיין שפּעלטעלע. קיין ייִד באַווייזט זיך נישט אין גאַס.

דער גאַנצער פרומער המון וואָס גייט מיט דער לאַנגער פּראָצעסיע — קוקט דווקא אין ייִדישע פענצטער.

חברה קליינוואַרג האַלט נישט אויס, קוקט דורך קליינינקע שפּאַרעס פון די טויערן, קריכט אויף בוידעמער כּדי פאַרגנבעט — און נישט אָן פּחד צו קוקן אויף דעם גאַנצן ספּעקטאַקל ווי דער גלח מיט דעם אָרגאַניסט גייען אונטער אַ באַלדאַכין, ווי, להבדיל, אונטער אַ חופּה, רעכענען אויס אַלע הייליקע, בעטן זיי זאָלן מתפּלל זיין פאַר זיי:

— הייליקער יוזעף זיי מתפּלל פאַר אונדז!

— זיי מתפּלל פאַר אונדז־אונדז־אונדז —

ענטפערט דער המון ציִענדיק די ווערטער.

אַממיינסטן הערן זיך די פרויען, זיי זינגען מיט אַ דיסקאַנט.

און אַזוי ווערן געריכטעט די תּפילות צו אַלע הייליקע.

נאָכן „גרינעם דאַנערשטיק״ הערן אויף די פּראָצעסיעס. ייִדן עטעמען אָפּ מיט דערלייכטערונג...

די משפּחה קאָרעק לעבט אַ גאַנץ יאָר מיט פֿאַרמאַכטע פֿענצטער ווי אין די „משוגענע טעג״, צי אין „גרינעם דאַנערשטיק״.

פֿון איין זייט וווינט ר׳ הערש קאָרעק, פֿון דער צווייטער זייט — דורכ־געטיילט דאָס הויז — וווינט זייער טאָכטער, דאַבריש, מיט איר מאַן, מיט אַ זון און אַ טאָכטער. די טאָכטער איז שוין אויסגעגעבן, האָט מען איר צוגעבויט אויפֿן הויף אַ צימער, און אַזוי וווינט די משפּחה צוזאַמען.

דאַברישס מאַן, אליעזר, זעט מען אין גאַס בלויז דורכגיין צום בית המדרש צי אין שול אַריין. ער קוקט מיט זײַנע קליינע אויגן, מרוזשעט זיי, נישט געוווינט צו דער ליכטיקייט פֿון גאַס, מחמת ער זיצט תּמיד אין שטוב איבער הייליקע ספרים. ער גייט דורך די גאַס מיט גיכע טריט, סיי צו פּטרן זי גיך, סיי צוליב מצווה־וועגן, ווײַל צו אַ מקום קדוש דאַרף מען גיין מיט אייליקע טריט.

אַז מען קויפֿט סחורה אין זײַן שניט־געוועלב, זאָגט מען מע קויפֿט ביי דאַברישן, ווי ער וואָלט אין גאַנצן נישט עקזיסטירט.

די משפּחה האַלט צו די געדיכט־פֿאַרהאָנגענע פֿענצטער כּדי דער רעש פֿון דרויסן זאָל זיי נישט שטערן אין לערנען תּורה, נישט שטערן אין זייער אַמפּערן זיך ביים חקרענען די סוגיות און פּשטלעך. די גשמיות פֿון דרויסן זאָל נישט אַרײַנדרינגען צו זיי.

ר׳ הערש, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט געדיכטע, טונקל־ברוינע ברעמען און ברוינער באָרד, זײַנע ברוינע אויגן קוקן דורכדרינגענדיק און קלוג. זײַנע זין שיקט ר׳ הערש נישט לערנען אין חדר, ער טרויט נישט די מלמדים. זיי, די זין, לערנען מיט זייערע קינדער. אויך ר׳ הערש לערנט מיט זיי, מיט די אייניקלעך.

ער האָט פֿיינט זיך צו חברן מיט ייִדן פֿון שטעטל. ער האַלט זיי פֿאַר עם־הארצים און באַציט זיך צו זיי מיט ביטול. אַוודאי, פֿאַראַן אויך בני־תּורה אין שטעטל, אָבער ר׳ הערש האָט זיך זײַן דעה וועגן זיי...

צוליב פּרנסה וועגן קומט מען אין קאָנטאַקט מיט מענטשן: מען קומט קויפֿן ביי אים ברעטער, מען דאַרף דינגען פֿורן צו ברענגען די ברעטער

אין סקלאַד אַריין. כאָטש די זין פאַרנעמען זיך מיטן מסחר — דאָך זענען אויך זיינע אויגן און אויערן וואַך צום ברעטער־סקלאַד. און טאַקע צוליבן מסחר קומט אים אויס צו שמועסן מיט מענטשן. ליב האָט ער צו שמועסן פּאָליטיק. כאָטש קיין צייטונגען לייענט ער נישט, ווייס ער אויך וואָס עס געשעט אויף דער וועלט.

ער זאָגט, אַז דער רוס איז אַ יוון. דעם דייטש, טראָץ זיינע פיינע ריידע־לעך, טאָר מען נישט טרויען — דער דייטש איז עמלק. די רשעות קעגן ייִדן אין פוילנס מדינה נעמט זיך פון די זינד אונדזערע. יאָ, פאַראַן רמזים, אַז ס'איז משיחס צייטן. מען דאַרף תשובה־טאָן.

ער רעדט גיך, קוקט אין אַ זייט, ווי יענעמס ווערטער וואָלטן אים נישט אָנגעגאַנגען.

זיי, די קאָרעקס, זענען נישט שטאַרק באַליבט ביי די שטעטלשע ייִדן. הינטער די אויגן רופט מען זיי: די בני־קורח.

ווי דער שטייגער ביי דער משפחה — צו זיצן אָפּגעזונדערט, ביי פאַר־מאַכטע פענצטער, ווי אין די „משוגענע טעג" צי אין „גרינעם דאָנערשטיק". אַזוי האָבן זיי זיך אויך נוהג־געווען ווען רויזע, דאָברישס טאָכטער, ר' הערשס אייניקל איז געגאַנגען צום קינד.

זיי האָבן זיך נישט געאײַלט צו רופן די הייבאַם און אַוודאי נישט קיין שכנטעס — ווי מען איז זיך נוהג אין שטעטל. — מ'האָט צייט, אַן ערשטלינג. סיי דאָבריש די מאַמע, סיי די שוועגערינס פאַרשטייען זיך — און מיט גאָטס הילף וועט קומען די ריכטיקע שעה.

דערווייל איז דאָס ערשטלינג נישט מסכים געווען מיט דער משפּחהס אויספירן און זיך געאײַלט צו קומען אויף גאָטס וועלט. מסתמא האָט ער, דער זכר, געוווסט, אַז ער קומט אין אַ יראת־שמימדיקער שטוב.

ווען די ווייבער האָבן דערזען דאָס אײַלעניש פונעם ולד זענען זיי געלאָפן רופן די איינציקע הייבאַם פון שטעטל. און ביז... ביז די הייבאַם איז געקומען איז שוין דאָס ניי־געבוירענע געווען אַריבער אויף יענער וועלט.

רויזעס געוויין איז געבליבן צווישן די פיר ווענט פון דער שטוב מיט די פאַרמאַכטע פענצטער. און ווי טאָר מען גאָר וויינען? מסתמא געווען אַזוי באַשערט. קעגן אויבערשטנס ווילן טאָר מען זיך נישט שטעלן.

חברה קדישא האָט געוואָלט באַצאָלט פאַרן קובר זיין דאָס קינד — ווי דער שטייגער.

— ניין, מיר וועלן נישט צאָלן.

— וואָס הייסט נישט צאָלן? — האָט מען זיך געוווּנדערט פון דער חברה קדישא.

— ניין, מיר וועלן נישט צאָלן, — האָבן זיי זיך איינגעעקשנט.

— זייט אַליין קובר. — זיי קענען עס איינקנאַבלען — האָבן די חברה קדישא־לייט צווישן זיך גערעדט.

אַליין איז אַליין. די מענער זענען כהנים, דאַרפן עס טאָן די ווייבער. דאָבריש מיט די שוועגערינס האָבן גענומען אַ לאָפּעטע, געגאַנגען אויפן בית הקברות, געמאַכט אַלץ אַליין, לויטן דין, און שוין.

ר׳ הערש איז דאָך אַ צדיק, זיצט יום ולילה און לערנט, איז אים מסתמא באַשערט אויך עגמת־נפש אויף דער זינדיקער וועלט — כדי איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר קומען אַ געלייטערטער אויף דער אמתער וועלט.

ער האָט עגמת־נפש פון זיין יינגסטן זון אפרים־זעליג. דער אפרים־זעליג איז אַ בלאַסער, מיט אויפגעריסענע גרויסע אויגן ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט. אָט זעצט ער זיך אַוועק, מאָלן מיט קאָלירטן בליישטיפט. נאָר ער וואָלט געמאָלן. פון פראָפן שניידט ער אויס גאַנצע בילדער און הענגט זיי אויס אויף די ווענט. ער האָט געמאַכט אַ בילד פון אליעזר און רבקהן ביים ברונעם, משה מיט די לוחות, ווי יצחק בענטשט יעקבן און עשׂון און נאָך און נאָך בילדער. די אַלע בילדער באַוועגן זיך ממש, אַזוי לעבעדיק זעען זיי אויס.

ר׳ הערש שרייט אָן אויף אים: ווי טאָר עס אַ ייִד זיך אָפּגעבן דערמיט? ווי ביי די גויים, להבדיל. זיי מאַכן געטשקעס. עס פּאַסט פאַר זיי. ביסט דאָך עובר אויפן לא תעשה לך כל פסל וכל תמונה.

עס העלפט נישט. ווי אַ דיבוק, רחמנא ליצלן, וואָלט אין אים געזעסן. אַזאַ אָנשיקעניש...

אַ שאַרפן מוח האָט ער, דער זון. ער איז עוסק אין תורה לערנען. אויף קיין קרומע וועגן, אויף אַפּיקורסישע וועגן גייט ער, חלילה, נישט. נאָר דאָס מאָלן, דאָס שניצן, כאָטש די בילדער זענען פון חומש, דאָך... עבירה גוררת עבירה.

און אפשר, ווען ער וועט מיט מזל חתונה האָבן וועלן אים די פּוסטע, גוייִשע זאַכן אַרויס פון קאָפּ?

און טאַקע. מען האָט אפרים־זעליגן געלאָזט רעדן אַ שידוך מיט אַ בתולה פון אַ מיוחסדיקער פרומער היים און מיט נדן.

הענע האָט אַ ווייס איידל פּנים מיט פאַררויטלטע באַקן, גרויסע בלויע אויגן, טראָגט אַ בלאָנד שייטל. מסתמא האָט זי אויך בלאָנדע האָר. מיידלווייז האָט מען זי אין שטעטל בישט געזען.

מיט איר אַריינקומען אין שטוב — ווו דאָס יונגע פּאָר האָט באַקומען אַ באַזונדער חדר — ווי ס׳וואָלט אַריין אַ זונשטראַל צו באַלייכטן דאָס בלאַסע פּנים פון אפרים־זעליגן, ווייל עס איז טאַקע ברויגער און פולער געוואָרן.

און די פאַרמאַכטע פענצטער פון זייער חדר האָבן זיך אָפּט געעפנט. צוגעמאַכט האָבן זיי זיך, ווי אין אַנדערע ייִדישע שטובן, בלויז בשעת די פּראָצעסיעס, צי אין קאַלטע טעג. די ווענט פון זייער צימער האָט אפרים־זעליג אַליין אויסגעמאָלט מיט קאָלירטע בלומען און מיט גאָלד און זילבער קאָלירן, מיט שיינקייט וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג.

ער מאָלט בילדער און צירט מיט זיי אויס די ווענט. די נשים פון תנ״ך האָבן איצטער הענעס אויגן און פּנים און אַן אַ מאָס שיינקייט פאַרמאָגן זיי. מסתמא זענען זיי געמאָלן מיט ליבשאַפט, — מען זעט עס באַשיימפּערלעך...

אין אַ טאָג ווען איר מאַן האָט אויפגעהאָנגען אַ ניי בילד האָט זי גערופן שכנות, אַ שטאָלצע געוואָלט ווייזן איר מאַנס אויפטועך, דעם גאַנצן חדר מיט די מאָלערייען. די שכנות זענען געבליבן שטיין פאַרגאַפּטע און מיט חידוש געדרייט די קעפּ פון התפעלות געצמאָקט מיט די ליפּן, געווונטשן הענען מזל און הצלחה אין אַלעם. ר׳ הערש האָט עס באַמערקט, געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר אַ פאַרלוירענער, מיט איינגעהאַלטענעם כּעס.

הענעס אויגן ווי פון אַן איבערגעשראָקענער סאַרנע קוקן צום שווער.

און אפרים־זעליג גייט יעדן טאָג אין שול אַריין צי אין בית־המדרש אַריין דאַווענען. ער גייט מיט גיכע און ברייטע שפּרייזן צו דינען דעם אויבערשטן באהבה. צוריק גייט ער נאָך שנעלער, מיט זיכערקייט, ווייל עס וואַרט אויף אים הענע, זיין ווייב. זיין בליק וועט זיך צעפינקלען ביים באַגעגענען זיך מיט אירע בלויע אויגן.

# בערנאַרד

דער פערדהענדלער בערנאַרד איז אַ נידעריקער מיט אַ רויט פּנים, געדיכטע ברעמען און אַ לאַנגע גרוי־שוואַרצע באָרד. מען זעט אים דורכגיין די גאַס הוסטנדיק און זיך קראַצנדיק אין פּלייצע און אין קאָפּ, דערהייבנדיק דערביי מיט איין האַנט דעם הוט פון קאָפּ.

בערנאַרד איז נישט קיין אָרעמאַן. אין שטעטל זאָגט מען, אַז ער איז „אָנגעשטאָפּט מיט געלט". ער קראַצט זיך, ווייל ער איז נישט געוווינט צו ריינקייט און ער האָט פיינט צו בייטן וועש. מען זאָגט אויך אויף אים, אַז ער שטאַמט פון אַ „סטיקראַטישע" משפחה. זיין ברודער ז'נישט געווען אַבי ווער — געווען אַזש אַן אַפּטייקער. אויך זיין נאָמען איז אַריסטאָקראַטיש: בער־נאַרד, נישט סתם בערל.

זיין ווייב, שׂרה־ביילע, האָט געהאַט אַ מום, אַ געשפּאָלטענע ליפּ און מיידלווייז נישט געהאַט קיין נדן צו טאָן אַן אַנדערן שידוך.

זי איז געווען אַ הויכע מיט אַ לאַנג פּנים און אַ פּיצינקע נעזעלע. תּמיד האָט מען געזען שׂרה־ביילען וויינען אויף איר ביטערן גורל. זי האָט זיך באַקלאָגט פאַר מענטשן אַז דער מאַן וויל איר נישט געבן קיין געלט צו קויפן עסן. און עס איז דאָ קיין עין־הרע אַ שטוב מיט קינדער. זי פלעגט זיך דערביי באַגיסן מיט ביטערע טרערן. ער האָט איר נישט געגעבן אויף געגנוג ברויט, אָבער ער האָט געפּאָדערט יעדן טאָג אַ גוט מיטאָג.

ווען שׂרה־ביילע האָט ביי אים געבעטן געלט האָט ער אָנגעהויבן אַלץ אין שטוב צו צעברעכן. דערביי האָט ער שטאַרק געהוסט און געשאָלטן אָן אויפהער.

ווען זי האָט אַ מאָל געבעטן געלט אויף חנוכּה־ליכטלעך, האָט ער אין דער קריגעריי מיטן ווייב אַרויסגענומען פון טאַש אַ צענער זלאָטע, צעריסן זי אויף פּיצלעך — אַבי נישט צו געבן דעם ווייב קיין געלט.

ער בונטעוועט זיך כּסדר קעגן אַלעמען, קעגן מענטשן, קעגן דער וועלט — אַלע זענען שלעכט, אַלץ איז שלעכט.

ער האָט ליב שפּילן קאָרטן. ער האָט געשפּילט קאָרטן מיט פּויערים אין אַ דאָרף און פאַרשפּילט ביי זיי זיינע שטיוול. געווען אַ ווינטערדיקער טאָג, שניי, בלאָטעס, — איז ער אַהיימגעקומען באָרוועס.

קיין גרויסער לאַמדזשאַק איז ער נישט, אָבער ער דאַוונט יעדן טאָג, היט אָפּ מצוות. אין מיטן דאַווענען איז ער נישט מפסיק אין יידיש, חלילה. אַז עס קומט אַריין אַ שייגעץ בעת ער שטייט אין די תּפילין רעדט ער צו אים פּויליש:

— יוזעף, פּאָטשעקאַי! (יוזעף — וואַרט.)

ווען ער וואַשט זיך צום עסן און ער זעט אַז עס איז נישטאָ אויפן טיש קיין מעסער, רופט ער צום ווייב:

— פּשיאַקרעוו, סכּין!

די בייטש פאַרן פערד רופט ער — לולב.

ער איז אויסגעקאָכט מיט די פּויערים. איז אַ גרויסער מומחה אויף פערד. מיט איין בליק באַטאַפּט ער דעם פערדס פעל און ווייסט גלייך סאַראַ ס׳גאַל פערד עס איז. עס געלינגט אים צו פאַרקויפן אַ פערד אַפילו ווען אָט־אָט „ציט עס אויס די קאָפּיטעס". ער גיט זיך אַן עצה צו פאַררעדן די ציין פון די פּויערים — אַזוי דערציילט מען וועגן אים:

ער האָט געקויפט אַ פערד מיט אַ ברוך אין אונטערלייב כּמעט בחינם. דאָס פערד איז געווען אונטערגעריסן פון שווערער אַרבעט.

— כ׳האָב צו פאַרקויפן אַ מעוברת פערד — האָט ער זיך געוואָגדן צו פּויערים אויפן מאַרק. אַ פּויער האָט זיך דערנענטערט, באַקוקט, באַקומען חשק צו האָבן אַ זשרעבעקל אין זיין שטאַל.

בערנאַרד האָט געגעבן אַ קיצל דעם פערד אין לייב. דאָס פערד האָט געציטערט.

— זעסט פּאַניע ווי דאָס זשרעבעקל וואַרפט זיך אין בויך?

און דער פּויער האָט געקויפט דאָס פערד.

שרה־ביילע, אַן אויסגעמאַטערטע, אַ שוואַכע, האָט נישט אויפגעהערט וויינען און קלאָגן. ער גיט איר נישט קיין געלט, די קינדער, נעבעך, ליידן

דערפֿון, עסן נישט צו דער זעט און דער מאַן האַלט זי אין איין שעלטן. קוים וואָס זי האַלט זיך אויף די פֿיס, אַזוי אויסגעמוטשעט איז זי.

בערנאַרד האָט וויל געוווּסט אַז שׂרה־ביילע דערציילט מענטשן וועגן אירע „גליקן״ ביי אים. ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר מענטשן:

— איך שילט זי? אַ רררוח אין איר, אַ כאַ־כאַ־כאָלערע אין איר. הלוואַי מאַכט זי געשווינד צו די אויגן, ציט אויס די קאַפּיטעס!

און שׂרה־ביילע האָט געפֿאָלגט איר מאַן. זי האָט טאַקע פֿאַרמאַכט די אויגן, און אויף אייביק. געשטאָרבן פֿון טיפֿוס.

אויך שמעון, זייער בחור, וואָס האָט געהאַלטן ביי ווערן בר־מצווה, איז געשטאָרבן. ס׳האָבן נישט געהאָלפֿן די לעפֿל קאַנפֿער וואָס ער האָט אויף די ווייבערס עצות — געטרונקען.

אויך חנה, שוין אַ גרויס מיידל, איז געשטאָרבן פֿון טיפֿוס, פּונקט ווי די מאַמע און איר ברודער שמעון.

אָבער אָט וואַקסט אונטער חיה. זי איז נאָך קליין, חיה, נאָך קיין צען יאָר נישט אַלט, און זי רוימט, פּוצט, הענגט אויס אויף די ווענט בילדלעך וועלכע זי שניידט אויס פֿון אַלטע זשורנאַלן. זי אַרבעט אין שטוב, רייניקט. אָבער דעם גערוך פֿון שטוב קען זי נישט אַוועקנעמען, ווייל דער טאַטע חוזקט פֿון ריינקייט, ער פֿאַנפֿעט, בייזערט זיך אויף איר פֿאַר איר משוגעת צו האַלטן ריין און פּוצן — דאָך שמייכלט ער אין די וואָנצעס און אין באָרד אַריין, שעפּט נחת פֿון חיהן.

די זין פּונקט ווי דער טאַטע זענען געוואָרן פֿערד־הענדלער. מען האַלט פֿון זיי אין שטעטל, אָרנטלעכע יינגלעך, איינרייסערס אין פֿערד־מסחר און גאָטספּאַרכטיקע. און כאָטש זייער טאַטע איז נישט קיין יחסן אין שטעטל — האָט מען זיך משדך געווען מיט זיין עלטערן זון. וואָס אַן אמת האָט דאָס מיידל נישט געהאַט קיין נדן און שוין פֿון לאַנג געווען ראוי לחופּה, — און קיין שיינע איז זי אויך נישט — אָבער פֿאַר אַ זון פֿון בערנאַרדן איז עס אַ גליק־שידוך.

אויך דער צווייטער זון, ראובן, האָט געטאָן אַ לייטישן שידוך, ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ לייבלעך געשוועסטער־קינד פֿון דער מאַמעס צד. אַנ־דערע ס׳גאַל מענטשן.

די אלמנה באַק מיט אירע צוויי טעכטער און צוויי זין האַלט מען בכּבֿוד אין שלעשין. זיי זענען פרומע און אָרנטלעכע.

יעדן שבת נאָך מיטאָג גייען די ברידער מיט די שוועסטער צוזאַמען שפּאַצירן. די מוטער שפּיגלט זיך אין די קינדער ווי זיי גייען געאָרעמט, שפּאַצירן, שמועסן צווישן זיך צעשמייכלטע. מען קוקט זיי נאָך מיט דרך־ארץ.

די גאָטפּאָרכטיקע טאָכטער פון דער אלמנה האָט אָנגעהויבן לערנען איר מאַן, בערנאַרדס זון — פרומקייט און אײדעלע אויפפירונג.

בלויז חיה האָט נישט קיין חברטע. די מיידלעך פון שטעטל דרייען מיט די נעז, ווילן זיך נישט חברן מיט בערנאַרדס טאָכטער.

אַפילו איר מאַמעס משפּחה, וואָס פאַראַן צווישן זיי אינטעליגענטן — ווייכן פון איר. און חיה איז שוין אַ גרויס מיידל. די פויערים, וועלכע קומען צום פאָטער קוקן אויף איר, צמאַקען מיט די ליפּן תּאווהדיק:

— אַ שיינע דיין טאָכטער.

אויך די גויִישע בחורים געפעלט וואויל חיה. אַז זיי קומען אַריין צו בערנאַרדן אין שטוב ווענן מסחר קוקן זיי אויף חיהן, אויף אירע רויטע באַקן, שוואַרצע האָר און בלויע אויגן, זיי זאָגן צום פאָטער:

— זי זעט אויס ווי אַן אונדזעריקע, נישט קיין זשידוועטשקע... חיה ווערט רויט, האָט אַ געפיל, ווי די שקצימס אויגן וואָלטן זי אויסגעטאָן נאַקעט.

זי איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר. קענטיק אַז אַן אומרו באַהערשט זי. יעדן שבת נאָך מיטאָג פּוצט זי זיך אויס, אָממיינסטן אין רויטע בגדים — און איינע אַליין גייט זי שפּאַצירן צו דער בריק, וווּ די גאַנצע יוגנט שפּאַצירט.

מען באַטראַכט חיהן אין רויטן בלוזקעלע, אין רויטן זשאַקעטל, די רויטע באַקן צוגעשמירט מיט רויט. די מיידלעך קוקן אויף איר מיט חוזק. מען שטויסט זיך מיט די עלנבויגנס, מען לאַכט פון איר אַפילו איר אין די אויגן, אין פּנים אַריין.

פול מיט פאַרדראָס גייט חיה צוריק פון שפּאַציר אַ צעקרענקטע, ווי אָט־אָט פּלאַצט זי אַרויס אין אַ געוויין.

זי פאַרקערעוועט זיך צו אַ קליין הייזעלע פאַררוקט הינטערן שטעטל, נאָענט צו די פרוכט־סעדער. גאָר אַ קליין הייזעלע איז עס, מען דאַרף זיך איינבייגן אַריינצוגיין אינעווייניק. דאָרט וווינט אַ גויע מיט אַ טאָכטער אין

חיהס עלטער. זיי גייען ביידע רוימען און וואַשן וועש אין פרעמדע הייזער.

די גויע וואָס דאָס מויל איז איר תמיד פול מיט ניבול־פה, דערזעענדיק חיהן גיט זי אַ פריידיקן אויסגעשריי:

— זע נאָר וואָסערער טייערער גאַסט! פאַר וואָס זעט מען דיך אַזוי ווייניק, טייערינקע? מיר בענקן נאָך דיר.

די גויע פאַרעט זיך, שטעלט כּיבוד פאַר חיהן.

— עס, קאַכאַנאַ (ליבע), זאָל דיר זיין צום געזונט. קוק נישט אַזוי, ס'איז גוט. דו ביסט דאָך נישט נאַריש צו זאָגן אַז ס'איז טריף. דו ביסט דאָך פּונקט ווי אַן אונדזעריקע.

חיה וואַקלט זיך, ז'יט מורא צו עסן דעם כּיבוד. אפשר זענען די לאַטקעס געפּרעגלט אויף חזיר־שמאַלץ... זי ווערט אָבער דרייסטער פון די גויעס האַרציקע און וואַרעמע ווערטער, עסט.

יעדן שבת נאָך מיטאָג גייט זי אַזוי איינע אַליין צו דער בריק און צוריק מיט איינגעהאַלטענעם געוויין. — זי פאַרקערעוועט שטענדיק אין דער קליי־נער הייזקע אַריין.

וועגן חיהן רעדט מען נישט אין שטעטל. קיינעם אַרט זי נישט. אַפילו נישט איר גיין צו דער גויע. אפשר אַרט עס איר משפּחה, נאָר מ'רעדט נישט דערוועגן. אָבער אין אַ געוויסן טאָג האָט מען שוין יאָ גערעדט וועגן איר:

— געהערט וועגן חיה בערנאַרדס? זי האָט אַראָפּגעשלונגען אַ ביי־נאָדל.

— בכּיוון?

— מען זאָגט אַז יאָ. מען האָט זי אַוועקגעפירט נאָך קאָנין אין שפּיטאָל־אַריין אַרויסנעמען די נאָדל.

אין אַ קורצער צייט אַרום ווידער וועגן חיהן. דאָס מאָל מיט אַן אויפ־רודערונג אין שטעטל:

— חיה איז אַנטלאָפן מיט אַ שייגעץ! צוגענומען געלט פון שטוב — זי וועט זיך שמדן!

אין גאַנצן שטעטל האָט אָנגעהויבן קאָכן מיט חיהן. די משפּחה, די גאָטס־פאַרכטיקע, די פרומע האָט געוויינט, געוועז אויסער זיך.

מ'האָט זיך מוסר נפש געווען, אַוועק צו די גויים ווו זי האָט זיך אויפ־געהאַלטן. נישט געקוקט אויף די שנאהדיקע בליקן, אויף דעם כּעסדיקן

בורטשען פון די גויִים האָט מען געבעטן חיהן, געטענהט מיט איר, איר אויפ־געוויזן ווי שרעקלעך עס איז איר באַשלוס זיך צו שמדן — זי וועט האָבן דאָס אייביקע גיהנום.

חיה האָט געשוויגן. אין די בלויע אויגן אַ טרויער. דאָס מויל פאַרפרעסט, דאָס פּנים פאַרביסן מיט עקשנות.

בעל־הביתשע מיידלעך, יחסנטעס פון שטעטל זענען אַריין צו איר, צו די גויִים, איר צוגעזאָגט ווערן חברטעס. דער טאַטע האָט צוגעזאָגט געבן אַ שיינעם נדן, זי חתונה מאַכן פאַר אַ לייטישן בחור — חיה האָט געשוויגן.

די גויִים איז נמאס געוואָרן וואָס די זשידקעס דרייען חיהן דעם קאָפּ. אַרויסגעוויזן זיי אָפענע שׂנאה. מיט אַ טראַסק פאַרהאַקט נאָך זיי די טיר, אויסגעשפּיגן.

— אָט דו ביסט אַ מענטש. דו ביסט אַ קלוגע, דו פאַרשטייסט די נאַריש־קייט פון זשידאָווסקען גלויבן. אונדזער רעליגיע איז די אמתע. דו וועסט זיין גליקלעך מיט אונדזער כלאָפּאַק (יונג). גוט וואָס דו לאָזט זיך נישט פון זיי!

חיה שווייגט אַ פינצטער שווייגן.

ווען זי האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צום שמד האָט מען זי אַריינגענומען אין הויז צו פּאָגאָדאַן פון דער ציגעלניע. אין קליינינקייט... ביי אַזעלכע יחסנים און גבירים וווינט חיה!

מען נייט פאַר איר אַ שיינעם אויסשטייער. יעדעס מאָל ווען חיה גייט, באַגלייט פון די יחסנים, אין קירך־אַריין צו דער שמד־צוגרייטונג, קומען אָן המונים פויערים פון אַלע דערפער אַרום און אַרום.

זיי ציִען צו דער קירך דורך אַלע וועגן, קוקן אין יִדישע פּנימער... מיט פייכטע אויגן, מיט אַ טיפער געריִרטקייט דערציילן זיי זיך מעשׂיות וועגן חיהן. ווי שטאַרק פרום זי איז, ווי שטאַרק זי האָט געבענקט ווערן אַ קריסטין. שוין פון קליינערהייט האָט זי געטראַכט צו באַקערן זיך צו דער אמתער אמונה. די זשידעס האָבן זי דערפאַר געפּייניקט.

אין אַ געוויסן זונטיק איז חיה, אָן אויסגעפּוצטע, געפאָרן מיט די גבירים אין קירך אַריין. די קאַרעטע געשפּאַנט אין פיר פערד פאַרט פאַמעלעך. מחנות פויערים און פויערטעס אין יום־טובדיקע בגדים באַגלייטן די קאַ־רעטע. המונים ציִען מיט אַלע וועגן אין קירך אַריין.

אַן ערנסטקייט אויסגעגאָסן אויף אַלע פּנימער. אין זייערע אויגן נצחון, ווי מי־יודע וואָס פאַרא גליק עס האָט יעדערן פון זיי געטראָפן.

די קירכן־גלאָקן קלינגען, גלין־גלאָן, גלין־גלאָן.

פּונקט בין איך געגאַנגען אין דער מאַמעס שליחות עפּעס קויפן. די גוייִם קוקן אויף מיר. איך גיי ערנסט. און ווי מיט אַ האַלב אויג באַטראַכט איך דאָס ספּעקטאַקל. ווען איך פאַרדריי זיך אַרונטער אין מאַרק צום קצב — שפּרינגט צו אַ יונגע גויע — מיטביידע געביילטע פויסטן מיר אין פּנים אַריין:

— איר אַלע וואָלט באַדאַרפט עס נאָכטאָן! — צישעט זי מיר אין די אויגן אַריין.

כ׳קוק אויף דער צעווילדעוועטער גויע, אויף אירע משוגע־געוואָרענע פון שׂנאה אויגן. כ׳נעם רויִק אַוועק אירע הענט פון מיין פּנים, שטופּ זי לייכט אָפּ. כ׳האָב קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט און ווייטער געגאַנגען.

כ׳האָב געוווּסט: מען דאַרף שווייגן. מיט איין וואָרט מיינעם וואָלט זי געקענט אויפרייצן דעם גאַנצן המון. זיי וואַרטן נאָר דערויף.

די חתונה חיהס איז פאָרגעקומען מיט גרויס פּאַראַד.

זי איז ווידער געפאָרן אין אַ קאַרעטע געשפּאַנט אין פיר פערד. אירע אויגן האָבן געקוקט אַרום זיך אויפן באַגלייטנדיקן, אויסגעפּוצטן יובלדיקן המון, — און ווי זי וואָלט גאָרנישט געזען.

די חופּה־אונטערפירער — די גוייִשע יחסנים און אַריסטאָקראַטן פון שטעטל. מ׳שמועסט, אַז די גוייִם טראָגן חיהן — איצטער העלענאַן — ממש „אויף די הענט״. אין קלייניקייט: אַ געראַטעוועטע נשמה.

די ברידער אירע האָבן זיך געזעצט שבעה, געריסן קריעה, זי באַוויינט ווי אַ טויטע. אויך דער טאַטע, בערנאַרד, האָט ביטער געוויינט.

— חיה, מיין קינד, מיין קינד...

בערנאַרדס האַרץ האָט געווייטיקט. ער האָט געבענקט נאָך זיין אייב־ציקער טאָכטער. אַוועק אַ צייט.

אין אַ טאָג האָט זיך חיה באַוויזן נעבן זיין טיר, אַרומגעוויקלט מיט אַ טוך. נישט דרייסט געווען אַריינצוגיין צום טאַטן. געבליבן שטיין נעבן דער טיר מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַן אויסגעלאָשענע.

בערנאַרד האָט אויפגעציטערט, אויפגעצאַפּלט פון פרייד:

— קום אַריין חיה. שטיי נישט אין דרויסן ווי אַן אָרעמאַן ביי דער טיר — האָט געציטערט זיין קול.

— טאַטע, יאַנעק, מיין מאַן האָט מיך געשיקט צו דיר נאָך געלט. ער זאָגט, אַז דו האָסט אַ סך געלט. ער וויל געלט. ער האָט מיך געשלאָגן, געזאָגט, ער וועט מיך מער שלאָגן, אַז דו וועסט נישט געבן געלט...

— קום אַריין, חיה, ביסט נישט קיין פרעמדע. שטיי נישט ווי אַן אורח ביי דער טיר — האָט בערנאַרד כּסדר גערופן. נישט געהערט וואָס חיה רעדט צו אים.

די שכנה פון דער אַנטקעגנאיבערדיקער טיר, די בלעכערקע רעכל, האָט עס געזען און אַלץ געהערט. זי איז געלאָפן הענדום־פענדום צו חיהס ברידער עס דערציילן. די ברידער זענען נישט געווען אין דער היים.

ביידע שוועגערינס זענען געקומען צו לויפן פאַריאַכמערטע, פאַריאָגט חיהן פון טאַטנס שטוב.

אין דרויסן זענען געשטאַנען מענטשן אין רעדלעך. רעכל האָט אַ צע־היצטע גערעדט מיט זיי, זיי דערציילט וואָס זי האָט געזען און געהערט. געקוקט ווי אויף אַ בייז ווונדער אויף חיהן ווי זי גייט אַרויס פון טאַטנס שטוב אַ פאַרוויינטע מיט אַ געזונקענעם קאָפּ.

פון אינעווייניק האָט זיך געהערט בערנאַרדס גרילצנדיק יאָמערדיק רופן:

— חיה, חיה מיין קינד, מיין קינד!

## חנה־רבקה

פון באַגינען ביזן שפּעטן אָוונט שטייט זי אין איר שניט־געוועלב איינגעקורטשעט און איינגעטוליעט אינעם וואַטענעם זשאַקעטל. אויך זומער שטייט זי אַזוי — מחמת געוווינהייט און מידיקייט.

טראַטל, איר מאַן, איז דער איינקויפער פון די סחורות. ער ברענגט זיי פון דער שטאָט לאָדזש, אָבער מיטן פאַרקויפן און אומגיין זיך מיט קונים פאַרלאָזט ער זיך אויפן ווייב. זי טויג זיך אויס דערצו. ער איז ליבערשט מעיין אין אַ ספר.

חנה־רבקה, אַ הויכע, אַ דיקלעכע, פון איר רונדיק־פולן פּנים קוקן אַרויס אויף די קונים גרויע אויגן מיט מילדקייט און פריינדלעכקייט. די קונים האָבן צוטרוי צו איר. זי עצהט זיי וועלכע סחורות זיי זאָלן קויפן, סאַראַ קאָליר עס פּאַסט זיי. זי רעדט שטיל און באַהאַרצט.

מיידלווייז, ווען חנה־רבקה איז געוואָרן ראוי לחופה, האָבן אירע אויגן געקוקט מיט דערוואַרטונג. שטיל, ווי עס איז דער שטייגער ביי פרומע צניעותדיקע בתולות. זי האָט אָנגעהויבן שטיין אין שידוכים. געוווּסט האָט זי, אַז טאַטע־מאַמע זאָרגן פאַר איר. זיי ווילן זי אויסגעבן פאַר אַ למדן ווי עס פּאַסט פאַר זייער שטאַנד און פאַר אַזאַ קלוג מיידל ווי זי איז, און זיי האָבן אויך צוגעגרייט פאַר איר אַ שיינעם נדן.

זי האָט מיט פריידיקער, איינגעהאַלטענער אויפרודערונג אויפגענומען דעם שידוך מיט דעם בן־תורה. זי האָט זיך אָנגעהערט אַזוי פיל שבחים וועגן אים, וועגן זיין חריפות אין לערנען — אַז נאָך פאַרן אָנקוקן זיך האָט זי שוין געבענקט נאָך אים.

ער איז אַ למדן, אויך אַ סוחר און אַ שטיק ברען — האָט זי געהערט רעדן. ווען ער איז געקומען, אַזאַ הויכער, צעוואַקסענער, מיט ברענענדיקע שוואַרצע אויגן, געגעבן אַ קוק אויף זיין באַשערטער, האָבן זיך אירע באַקן

צעשפילט מיט אַ געזונטער און פריידיקער רויטקייט. פון דער ערשטער רגע זענען זיי זיך געפעלן.

אַ פרייד איז אויפגעגאַנגען אין איר ביז איצטיקן גרויען לעבן. צווישן אירע עלטערן, דעם גוטן טאַטן, ר׳ וואָלף, דעם בן־תּורה און דער קרענק־לעכער, מיט אַ בייזלעך פאַרמעט־פּנים און יראת־שמימדיקער מאַמען, דער שוועסטער מיטן שוואָגער און זייערע פיצלעך קינדערלעך. דאָס עלטסטע דריטהאַלבן יאָר אַלט און גייט נאָך מיט שוואַכע טריטלעך, איינס האַלט זי, די מאַמעביילע, אויף די הענט — און איינס טראָגט זי אין איר טראַכט.

די גאַנצע משפּחה וווינט צוזאַמען אין איין דירה. חנה־רבקה העלפט אין שניט־קראָם, אין קיך און העלפט אויך האָדעווען די שוועסטערס צוויי קינדער.

די שוועסטער, ביילע, אַ שטילע, מיט פאַמעלעכע באַוועגונגען, ווערט קיין מאָל נישט פאַרטיק מיט דער שטוב־אַרבעט, תּמיד איז זי הינטער־שטעליק.

אָבער זייט חנה־רבקה האָט זיך פאַרקנסט פילט זי נישט דעם עול פון דער אַרבעט. די פרייד שטראַלט אַרויס פון די אויגן, פּנים און באַוועגונגען אירע.

עס איז אָנגעקומען פון איר חתן אַ בריוו, אַז אם ירצה השם — קלויבט ער זיך צו קומען אויף שבת. זי האָט געטראַכט מיט פרייד:

צו מיר וועט ער קומען. ער בענקט, ווייל מיך זען פונקט ווי איך בענק און ווייל אים זען...

זי האָט זיך געלאָזט אויפנייען אַ ניי קלייד, געוואַשן, געשייערט, גערוימט די שטוב, ווי ערב פּסח.

זי האָט אים באַגעגנט אַ שעמעוודיקע, פאַררויטלטע, מיט צניעותדיק־אַראָפּגעלאָזטע אויגן. דער שבת איז געווען דער גליקלעכסטער שבת אין איר לעבן. יאָ, דער גליקלעכסטער שבת.

דער טאַטע, דער ברודער יאָסקע, דער שוואָגער, אַלע האָבן זיי געשמועסט מיטן חתן דברי־תּורה, זיך געאַמפּערט איבער סוגיות און פּשטלעך, דערנאָך אויך גערעדט פּאָליטיק.

זי איז אַלע מאָל דורכגעגאַנגען דאָס צימער. ער האָט געקוקט אויף איר

זייטיק. אויך זי האָט געקוקט צו אים זייטיק. דאָך האָבן זיך זייערע אויגן געטראָפן. אַ גליקלעכע וואַרעמקייט האָט באַגאָסן זייערע בליקן. זי איז ווידער געקומען אין צימער אַריין, געבראַנגט כּיבוד, געזוכט זיינע בליקן און ווידער האָבן זיך זייערע אויגן באַגעגנט.

פאַרן אָוועקפאָרן האָבן דער טאַטע מיטן שוואָגער אים מודיע געווען, אַז זיי וועלן זיך דורכשרייבן מיט די מחותּנים, זיינע עלטערן, וועגן זמן־חתונה, אם ירצה השם.

און אַזוי איז טאַקע געווען. מען האָט פאַר חנה־רבקהן געגרייט דעם אויסשטייער, ווייל בקרוב, אין אַ מזלדיקער שעה וועט זיין די חתונה. אָבער מסתּמא האָט דער אין הימל גוזר געווען אַנדערש. ר׳ וואָלף איז נפטר געוואָרן.

די שוועסטער,ביילע, האָט אָנגעהויבן גיין צום קינד. כאָטש דאָס דריטע קינד, איז עס געווען אַ שווער געווינען. דער דאָקטער פון קאָנין האָט זיך פאַרשפּעטיקט. מען האָט נישט באַוויזן געבנוג מרעיש עולם צו זיין, צו זאָגן תּהילים בציבור אין שול. געווען איז עס אין אַ מאַרק־טאָג. בלויז טראַטל, דער מאַן און יאָסקע, — דער ברודער האָבן געזאָגט תּהילים. די ווייבער פון דער משפּחה האָבן געעפנט אַלע שופלאָדן פון שענק און שענקלעך, געמאָסטן און געריסן קברים — און נישט געקענט פּועלן ביים רבונו של עולם, נישט געקענט אָפּשרייען דעם גזר־דין.

ביילע איז אַוועק פון דער וועלט צוזאַמען מיטן עופעלע וואָס זי האָט נישט געקענט געבוירן. צוויי פּיצעלעך קינדער געבליבן יתומים אָן אַ מאַמע, אַ מיידעלע פון דריי יאָר און אַ ייִנגעלע פון אַנדערהאַלבן יאָר.

און דער שוואָגער טראַטל מיט דער שוועגערין חנה־רבקה טאָרן נישט וווינען הינטער איין דאַך. די מאַמע, רויזע, איז אַ שוואַכע, ליגט צו בעט, איז זי פּסול צו זיין אַ שומר.

די פעטערס און מומעס האָבן זיך געשושקעט, זיך דורכגעשמועסט צווישן זיך און געוואַרט ביז נאָך די שלושים.

און נאָך די שלושים איז מען געקומען צו חנה־רבקהן, אַזוי און אַזוי: ס׳זענען געבליבן צוויי יתומים, נעבעך; חנה־רבקה מוז זיי זיין אַ מאַמע. נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי אָפּלאָזן דעם שידוך מיט איר חתן און בלי־נדר, נאָך אַ קורצער צייט — חתונה האָבן פאַרן שוואָגער טראַטל.

ביי חנה־רבקהן האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, שיער נישט אומגעפאַלן. נאָך דער ערשטער פאַרשטומטקייט איז זי אַרויס:

— ניין, ניין! קיין מאָל נישט!

זי האָט זיך געכאַפּט פאַר דער קעשענע פון זשאַקעטל. אין קעשענע געווען אַ בריוו פון איר חתן. ער דריקט איר אויס צער צוליב דער פּטירה פון איר שוועסטער. חנה־רבקה שתחי׳ — האָט ער איר געשריבן. דאָס בריוול איז דורכגעדרונגען מיט אהבה צו איר, כאָטש ער איז עס נישט פורש בשמה. זי האָט קראַמפּהאַפט געדריקט די קעשענע מיטן בריוו. ניין, זי וועט זיך נישט לאָזן אָוועקרייסן פון איר חתן!

מיט לאַנגע און איבערצייגנדיקע טענות איז מען כסדר צוגעשטאַנען צו איר. די יתומים, אַ גרויסער צער אויף זיי. איצט דאָס הויז, דאָס געשעפט. עס קען אַלץ אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט. און ווידער די יתומימלעך. די שוועסטער וועט נישט האָבן קיין רו אין קבר.

חנה־רבקה איז מיד געוואָרן צו ענטפערן, געוואָרן צעטומלט. די אויגן אויסגעלאָשענע, אָנגעהויבן קוקן קאַלט און גלייכגילטיק צו אַלץ און אַלעמען. זאָל די משפחה מיט איר טאָן וואָס זיי ווילן.

און זיי האָבן טאַקע געטאָן קעגן איר רצון און וואָס איז איר נישט געווען צום האַרצן — אָפּגעלאָזט דעם שידוך מיט איר חתן.

אַ שטילע חופּה האָבן זיי געשטעלט. חנה־רבקה איז געוואָרן דאָס ווייב פון איר שוואָגער טראַטל. געוואָרן אַ מאַמע צו זיינע און איר שוועסטערס קינדער. אייגענע קינדער האָבן זיי זעקס מיידלעך. געווען אַ בן איז ער אַוועק פון דער וועלט. אַוועק איר קדיש.

און אפשר איז עס אַ שטראָף פון הימל צוליב אירע זינד? זי איז דאָך אַן אשת־איש און זינדיקט מיט אירע מחשבות. ווי איז איר! זי קען יענעם נישט פאַרגעסן...

יאָ, אַן אשת־איש... און כאָטש זי האָט זיינע בריוו אין פייער געוואָרפן — געדענקט זי זיי — די בריוו. געדענקט די באַהאַרצטע ווערטער: חנה־רבקה שתחי׳. זי שטופּט זיי אַוועק און זיי קריכן אין קאָפּ.

און יעדעס מאָל ווען עס ווערט איר געבוירן אַ מיידל פאַנפעט טראַטל

הינטער דער נאָז: ווידער אַ מויד — ווילט זיך איר אים זאָגן להכעיס: נאַדיר ווידער אַ מויד...

אָבער די מיידלעך זענען אירע קינדער. זיי זענען איר ליב און טייער ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אירע אויגן. זי ווערט טרויעריק און ענטפערט גישט, נאָר טראַכט און טראַכט אַז איר טייער זונעלע פון צוויי יאָר איז אַוועק פון דער וועלט צוליב אירע זינדיקע מחשבות.

און זי טוט תפילה, היט אָפּ אַלע דינים פון אַן אישה. זי דאַוונט מיט כוונה, איז דורכגעדרונגען בעתן דאַוונען מיט הרהורי־תשובה. אַלע תעניתים פאַסט זי. זי האָט אַ נדר געטאָן צו שטיין ראש־השנה און יום־כיפור בעת די תפילות. אַזוי שטייט זי אַ גאַנצן יום־כיפור־טאָג, אַן אָפּגעשוואַכטע פון תענית. אַפילו ווען זי איז מעוברת, שטייט זי אָנגעלענט אין שטענדער, אָבער שטייט. איר ווילן איז גובר איר שוואַכקייט.

אין קראָם שטייט זי אַן איינגעקאָרטשעטע אינעם וואַטענעם זשאַקעטל ווינטער און זומער — איינגעקאָרטשעט, סיי פון געוווינהייט, סיי פון מידקייט. זי פאַרנעמט זיך מיטן געוועלב כדי טראַטל, איר מאַן, זאָל האָבן צייט עוסק צו זיין אין תורה, מעיין צו זיין אין אַ ספר.

און דער באַשעפער וואָס איז אַ יודע הכל זאָל אויף איר רחמנות האָבן, איר מוחל זיין אירע געדאַנקען. שטייט דאָך ערגעץ געשריבן: „כי עמך הסליחה למען תִּוָּרֵא“...

# ר׳ וואָלף־לייב

בלויז עטלעכע וואָכן זענען דורך זייט ר׳ וואָלף־לייב איז געשטאָרבן און די אלמנה מיט די קינדער שוויגן אַן ערנסט שוויגן, נישט ווי עס איז די טבע צו רעדן מיט געזויין וועגן נפֿטר.

זיי שוויגן, טראָגן זייער גרויסן ווייטיק — ווייל אַזוי האָבן זיי צוגעזאָגט דעם חולה פֿאַר זיין פּטירה.

ר׳ וואָלף־לייב — אַ בן־יחיד צווישן דריי טעכטער פון נפטר געוואָרענעם רב פון שטעטל. ער איז געווען אָפּגעהיט אין יידישקייט ווי עס פּאַסט פאַר אַ רבס אַ זון. אַ געמיטלעכער, מיט לעבעדיק־שוואַרצע אויגן און אַ שוואַרץ בערדל, האָט אים אויך געצויגן צו וועלטלעכקייט. ביים שמועסן מיט מענטשן האָט זיך ביי אים די גאָמבע מיטן בערדל אויפגעהויבן און ווי מיטגעשמועסט.

ער פלעגט אַריינקומען אין באַלעבאַטישע שטובן, זיצן, דערציילן מע־שיות. מען פלעגט אים אויסהערן מיט גרויס דרך־ארץ — אַ מחיה מיט אים צו שמועסן. אַ בקי אין די דריבנע אותיות, און אַ רבס אַ זון, נישט קיין קליינ־קייט, — פלעגט מען זאָגן וועגן אים.

זיין ווייב — שוין די צווייטע — פלעגט האָבן טענות צו אים: ער לאָזט זי אַליין מיטן קלייט, מיט די קינדער.

ער האָט איר נישט פאַראיבל געהאַט. אַוודאי, אַוודאי איז זי גערעכט, אָבער אַזאַ איז זיין פירונג... זי איז יונגער פון אים, דערצו אַ שיינע...

די יידן פון שטעטל האָבן באַהאַלטענערהייט אויך געהאַט טענות צו אים, כאָטש זיי האָבן זיך צו אים געחנפעט. ער איז געווען דער בייזיצער ביים שאַצן די שטייערן פון מסחר ביים שטאָט־ראַט.

די זיצונגען קומען פאָר אין דער דערנעבנדיקער קרייז־שטאָט קאָנין. ער, אַלס איינציקער פאָרשטייער פון די יידן אין שלעשין, האָט נישט געהאַט

קיין גרויסע דעה ביי די מערערע גויִישע בייזיצער וועלכע האָבן געשאַצט די פאַרדינסטן פון מסחר פון די ייִדן.

ווען עס קומט צו ייִדן שאַצן זיי מיט ברייטקייט. — די זשידעס זענען רייך, זאָלן זיי צאָלן „פּאָדאַטקעס"...

ווען די ייִדן האָבן דערהאַלטן די שטייערן־איינמאָנונגען, איז זיי פינצטער געוואָרן אין די אויגן. מען האָט זיי געשאַצט איבערגעטריבן, און צאָלן מוז מען צו דער צייט, אויב נישט סעקוועסטרירט מען די סחורות און אַפילו דאָס מעבל פון שטוב — אָן רחמנות.

און צו וועמען לאָזן די באַעוולטע אויס זייער כּעס? אַוודאי צום ייִד איז לייכטער, ווייל מיט גויִים טאָר מען זיך נישט פאַרטשעפּען, נישט איינרייסן.

מען האָט געפּרוווט פּועלן ביי ר' וואָלף־לייבן אַ טובה. דעם כּעס באַהאַלטן אין זיך. גערעדט מיט אים, געבעטן מיט חניפה, געווען אויך פאַלן ווען היציקע באַלעבאַטים פלעגן אים באַליידיקן. ער פלעגט שווייגן. גאָרנישט ענטפערן. קוקן גלייך פאַר זיך מיט אַ קלאָרן בליק — אַ בליק פון איינעם וואָס פילט זיך גערעכט און אומשולדיק. דער אָנגרייפער איז ווי צעטומלט געוואָרן.

ר' וואָלף־לייב איז קראַנק געוואָרן. געווען אַ שלעכטע קרענק.

מען האָט אים אָפּערירט אויפן מאָגן. ווען ער איז אַרויס פון שפּיטאָל האָט ער אויסגעזען ווי אַ שאָטן. ער האָט זיך נישט דערנערט דורכן מויל — געהאַט אַן עפענונג אין מאָגן, מען גיסט אים אַריין זאַפטן. עס מאַכט גול־גול־גול און דערנאָך פאַרפראָפּט מען עס ווי אַ פלאַש.

די וואָס זענען אים מבקר חולה גייען אַרויס פון אים טיף גערירט פון גרויס צער. דערציילן מיט טרערן אין די אויגן, אַז ער זיצט, רויכערט פאַפּיראָסן, שמועסט געמיטלעך מיט די מבקרים, וויצלט זיך איבער זיין קרענק. דאָס ווייב מיט די עלטערע צוויי טעכטער זיצן נעבן אים, לאַכן מיט מיט אים, שמועסן, גלעטן אים.

ווען זיין ווייב פירט אַרויס דעם גאַסט צו דער טיר ברעכט זי אויס אין אַ ביטער געוויין:

— כ'קאָן שוין נישט צוזען זיינע יסורים. ער פאַרקוועטשט די ציין

פון ווייטיק און אָנשטאָט אַ קרעכץ גיט ער אַ שמייכל צו אונדז. זי דערמאָנט זיך גלייך אַז זי דאַרף אָפּווישן די טרערן. צוריק אַריין צום מאַן גייט זי מיט אַ שמייכל.

ווען ער האָט געפילט אַז עס דערנעענטערט זיך דער סוף האָט ער געבעטן, ווי תמיד, רויִק — רופן זיין משפחה, זיינע שוועסטער, שוואָגער.

ווען די גאַנצע משפחה, אַלע, מיט זייערע בני־בית זענען געווען נעבן אים — האָט ער אָנגעהויבן רעדן צו זיי, באַמיט זיך שטאַרקן זיין אָפּגעשוואַכט קול, גערעדט רויִק.

ער האָט אַ בקשה צו זיי, לאמור: אַזוי ווי דער אין הימל האָט אים געגעבן גרויסע יסורים, וועלכע ער האָט אָנגענומען באהבה, ווי אַן אָפּקומע־ניש פאַר זיינע זינד, האָפט ער, אַז אויף יענער וועלט וועט ער שוין קיין גאָר גרויסע יסורים נישט ליידן, — אַזוי שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים.

עס שטייט אויך געשריבן, אַז וואָס די ערד דעקט צו מוז פאַרגעסן ווערן. דעריבער בעט ער די בני־בית און די משפחה, אַז נאָך די שלושים — אין די שלושים וועלן זיי געגנוג צייט האָבן אים צו באַוויינען — זאָל דאָס ווייב אָפּבאַקן אַ האָניק־לעקעך, צונויפרופן די משפחה און נאָענטע פריינד, עסן לעקעך און פאַרטרינקען מיט אַ כּוס משקה, און — אויפהערן טרויערן. זיי זאָלן שמייכלען, אים דערמאָנען צום גוטן.

דעמאָלט וועט ער אויפן עולם האמת זיין רויִק וועגן זיין משפחה, און וועט אַנטקעגן גיין דאָס וואָס איז אים דאָרטן באַשערט אָפּצוקומען.

אַ געוויין האָט אויסגעבראָכן, אָבער מען האָט זיך גיך דערמאָנט נישט צו פאַרשאַפן קיין צער דעם חולה.

און זיי האָבן אים צוגעזאָגט אויספירן זיין לעצטן ווילן.

און זיי האָבן טאַקע אַזוי געטאָן. צו די שלושים האָט דאָס ווייב אָפּגעבאַקן אַ האָניק־לעקעך, געשטעלט כּיבוד פאַר משפחה און פריינד.

און כאָטש ס'איז אין האַרצן געווען ווייטיק און טרויער — האָט זי זיך באַמיט צו שמייכלען צו אַלעמען.

# מאיר־לייב

מאיר־לייב איז אַ שניידער, אַ מאַרק־פאָרער.

פון זיין רויט־רויזלעך פּנים קוקט אַראָפּ אַ העל שטרויען בערדעלע, אויף די געדיכטע ברעמען ווי פון אַן אַלביאָן. ער פאַרמאָגט בלויז איין אויג, דאָס צווייטע האָט ער געפּטרט אין אַ געשלעג.

ער איז אַ פריילעכער. אויף שׂמחות האָט ער ליב צו טאַנצן מיט ווייבער — שוין עטלעכע מאָל געוואָרן דערפאַר געקנסט פון רב.

מיט זיין אייגן ווייב, די טויבע הינדע, לעבט ער נישט בשלום. מען סודעט זיך אין שטעטל, אַז די טויבע הינדע גייט נישט אין מקווה, ווייל... ווייל סיי ווי האָט זי נישט קיין מאַן. זי וויל מאיר־לייבן נישט זיין קיין ווייב. זיי קריגן זיך דעריבער צווישן זיך.

די טויבע הינדע, אַ שטילע, זעט אויס ווי אויך אירע אויגן אין איר רונדיק פּנים וואָלטן זיין טויב, ווי קיין זאַך אַרט איר נישט. און מסתמא ווייסט זי פאַר וואָס זי וויל מאיר־לייבן נישט זיין קיין ווייב... — אַזוי זאָגט מען וועגן איר.

מאיר־לייב האָט ליב צו שפּילן קאָרטן. אַזוי ווי ער זעט בלויז אויף איין אויג, קען מען אים ביי די קאָרטן לייכט אָפּנאַרן. ווען ער פאַרקאָכט זיך אין שפּיל פילט ער אַפילו נישט ווי זיין קאָרטן־פאַרטנער נעמט אַרויס געלט פון זיין — מאיר־לייבס — קעשענע און שפּילט אויף זיין געלט.

עטלעכע טעכטער האָט ער. די טעכטער האַלטן בכבוד זייער טאַטן, פאָרן מיט אים אויף די מערק.

אַ מחיה צו שמועסן מיט מאיר־לייבן. ער איז אַ פריילעכער חברה־מאַן, נישט ווי די מאַמע זייערע, זי איז אַן אָפּגעלאָזענע, זי איז צו גאָרנישט, זי קען אַפילו די קאַץ דעם עק נישט פאַרבינדן — זאָגט מאיר־לייב וועגן זיין ווייב.

און די ווירטשאַפט פירן די טעכטער.

אויף די יום־טובים פון דער חברה קדישא לאָזט ער זיך הערן. וואָסער פּנים וואָלט געהאַט די חברה קדישא אָן מאיר־לייבן? ער איז דער ראש פון די באַגראָבער. ווען ער הערט ווען אַ קראַנקן גייט ער צו אים אין שטוב אַריין, טוט אַ קוק מיטן איינציקן מבינישן אויג אויפן קראַנקן — און ער ווייסט גלייך ווי עס האַלט מיט אים.

ווען עס האַלט שלעכט, זעט ער עס באַלד. ער גייט צו די אַנדערע חברה־לייט און זאָגט זיי:

— חברה, ער איז אונדזערער, מען דאַרף אָנגרייטן דעם מעביר יבוק... און ער היט דעם קראַנקן ער זאָל חלילה נישט שטאַרבן אָן מענטשן.

און ווען מען דאַרף קען ער אויך אויסשמירן אַ פּלייצע ביי אַ קראַנקן, שטעלן באַנקעס, אויסהערן די קרעכצן פון קראַנקע.

די אַלטע שׂרה־רבקה ליגט שוין אַ צייט אין בעט. נישט זי שטאַרבט, נישט זי לעבט. מאיר־לייב גייט צו איר יעדן טאָג.

ווען שׂרה־רבקה דערזעט אים באַפאַלט איר אַ פּחד. איר אָנצייניק מויל הויבט אָן ציטערן. דאָס שמאָלע צעאַקערטע פּנים ווערט מער איינגעשרומפּן. זי טוט זיך אָן אַ כּוח און זאָגט טראַציק:

— אַז כ'וועל שטאַרבן וועל איך מיר אויך נישט ס'לעבן נעמען. אַן אַלטער מענטש דאַרף גאָרנישט געבוידן צו ווערן.

— נו, נו, גאָר נישט זינדיקן מיט די רייד. — און ער פאַרריכט איר דאָס קישן אונטערן קאָפּ. שׂרה־רבקה שאָקלט מיטן קליינעם קעפּעלע און זאָגט שוין ווייכער:

— דער קאָפּ טוט ווי, די הענט טוען ווי, די פיס טוען ווי, דער בויך טוט ווי, די פּלייצעס טוען ווי — און אויך דער גאַנצער גוף טוט ווי...

און מאיר־לייב היט זי, וואַרט געדולדיק. זי זאָגט אים ווידער טראַציק:

— כ'האָב נישט מורא פאַרן טויט, נאָר פאַרן מלאך־המוות. פאַרן מלאך־המוות ברויך מען זיך מער היטן ווי פאַרן טויט.

ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ און זאָגט ווי פאַר זיך:

— גאָלד מיט בריליאַנטן לאָזט מען שטיין און אַהינצו מוז מען גיין.

ווען מען האָט אַ מאָל געפרעגט מאיר־לייבן צי ער וועט אויך חלילה,

„אַהינצו גיין” האָט ער זיך דערשראָקן, געוואָרן בלאַס, געמורמלט:

— איך?... חלילה... נו, כ׳האָב צייט... דער אין הימל...

נישט איין מאָל האָט זיך מאיר־לייב פאַרפּלאָנטערט אין אַ געשלעג. מען האָט אויסגערופן אין שול אַ חתונה. ווי עס איז דער מנהג, האָט מען אויסגערופן: — בתולה בת...

— וואָס? אין שול זאָגט מען אויך שוין ליגן?! — האָט מאיר־לייב זיך געוווּנדערט... עס איז געוואָרן אַ גאַנצע סומאַטאָכע אין שול.

איין מאָל, ווען ער איז געפאָרן פון אַ מאַרק האָט ער געטראָפן אויפן וועג בערנאַרדן דעם פערד־הענדלער. ער איז געזונקען אין שניי מיטן פערד און וואָגן. געזעסן איז בערנאַרד אויפן וואָגן ווי ער וואָלט געשלאָפן. דאָס פערד איז געשטאַנען נעבן וואָגן טרויעריק, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערן.

מאיר־לייב איז געוואָרן פאַרציטערט. אוי, דער בערנאַרד איז געפרוירן און דאָ איז אין מיטן וועג! ווען ער וואָלט געהאַט אַ טרינק שאַרפע משקה, — מיט אַ וואַרעמען טרינק קאָן מען אים ראַטעווען.

שטיל אַרום. מען זעט נישט קיין לעבעדיק נפש אויפן וועג. ס׳איז ווייט פון אַ דאָרף, ווייט פון אַ כאַטע. וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? ס׳איז סכּנות נפשות!

פּלוצעם, שוין, אַוודאי, ער ווייסט וואָס צו טאָן. יאָ, טאַקע.

מאיר־לייב עפנט בערנאַרדן דאָס מויל. איז אים משתין גלייך אין מויל אַריין. בערנאַרד עפנט די אויגן.

— דער ווײַן איז גוט געווען? — פרעגט מאיר־לייב אַ גליקלעכער.

— אוי, אוי, גיב מיר נאָך אַ ביסעלע. — האָט בערנאַרד געקרעכצט, אָן אויפגעלעבטער.

— דער ווײַן האָט זיך געענדיקט. דו האָסט אַלץ אויסגעטרונקען. מיר וועלן פאָרן געשווינד צו אַ דאָרפישער כאַטע, וועסטו קריגן צו טרינקען. אָבער אַזאַ ווײַן, אַזאַ טייערן ווײַן ווי איך האָב דיר געגעבן וועסטו שוין מער נישט קריגן.

אַזוי האָט מאיר־לייב געראַטעוועט בערנאַרדן פון געפרוירן ווערן.

# אינהאַלט: